א. פאַדייעוו

# דער לעצטער פון אודעהע

ראָמאַן

צווייטער בוך

יידיש — ש. גאָדינער



פאַרלאַג „עמעס“  מאָסקווע 1934

אין א וואָך ארום נאָך דעם, ווי מארטעמיאנאָוו מיט סעריאָזשען האָבן זיך געלאָזט אין זייער מארש איבער דער געגנט, איז אין דאָרף סקאָבייעוואָ געקומען צו פאָרן לענע.

א געפיל פון שרעק, אומעט, אומקלאָרער האָפענונג און פארוו־טיילטקײַט האָט זי אָנגעכאפּט, ווען זי איז אריבערגעטראָטן דעם שוועל פון איר פאָטערס שטוב. דאָ האָבן געלעבט פרעמדע מענטשן. איר סאקוואָיאזש מיט א פאָר שטיקלעך וועש, צוויי קליידער מיט א פאָר טופל אָן אָפּצאסן — דער גאנצער באגאזש אירער — איז געשטא־נען בא אירע פיס. אליין איז זי געזעסן אפּ א קאסטן אין קיך אין א ברוינעם צעקנייטשטן סאראפאן, מיט פארשטויבטע פון וועג וויִעס, א פארשוויצטע און אן אומגליקלעכע.

— אָט ס'ארא דו ביסט געוואָרן. אָרעמע מײַנע, אָרעמינקע...

אקסיניא נאומאָוונא האָט זיך אונטערגעשפּארט די באק מיט א האנט און מיט ראכמאָנעס געקוקט אפּ איר.

— אין הוילן שטויב ביסטו דאָך! נו, איך וועל דיך שוין ארומ־וואשן, שײַנקײַט אונדזערע, — אי ארומוואשן אי ארומרייניקן אי אָנ־קאָרמענען, — האָט זי א זאָג געטאָן און אראָפּגעטרייסלט מיטן מיגדסטן פינגער א טרער פון אויג.

— דער טאטע איז אויך ניטאָ הי?

— דער טאטע איז אין שפּיטאָל... איך הייב ניט אָן צו וויסן, ווו אָרדנט מען דיך אײַן...

די צימערן זײַנען פול געווען מיט פרעמדע גערוכן. ווי פריִער, איז דער מאמעס גרויסער פּאָרטרעט געהאנגען אין עסצימער. און ווי פול לענעס געמיט איז געוואָרן, ווען איר אויג האָט באגעגנט דעם ליבן פארמאטערטן בליק! מאמע!... צען יאָר איז אוועק, א גאנץ לעבן...

דער זעלבער אלטמאָדישער רייזיקער בופעט בא דער וואנט מיטן געפּעס אפּ די אויבערשטע פּאָליצעס און מיט די קאָמפּלעקטן „ניוואַ“

און „רוסקאַיע באָגאַטסטוואָ“ אַף די אונטערשטע; דער בופעט איז עפּעס ווי נידעריקער געוואָרן, שטאַרק געעלטערט זיך. אין קינדער־צימער — צוויי פרעמדע בעטן; פּראָסטע קאָלדרעס, האַנטעכער, א סאָל־דאַטסקע ביקס שטייט אין ווינקל.

אַקסיניאַ נאַומאָוונאַ איז איר נאָכגעגאַנגען פוסטדיט.

— אָבער וואַש זיך אײַן, עס עפּעס אַז, — האָט זי געהאַלטן אין איין אײַנריידן זי, — אַט וועל איך באַלד הייסן א באָד דיר מאַכן, א בעדל...

און צוגעטראָגן דעם פאַרטעך צו די אויגן.

לענע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון עסן, ניט אײַנגעוואַשן זיך צומאָל, אַוועק צום פאָטער אין שפּיטאָל.

עס איז גראָד געווען עפּעס א יאָנטעוו; דער גאַנצער שפּיטאָל־הויף איז פול אָנגעשטעלט געווען מיט פורן, וואָס האָבן געבראַכט קראַנקע פון די שכיינישע דערפער. נידעריק־וווקסיקע פערדלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן האָבן פויל געקײַט דעם שטרוי בײַ דער הײַ־שטריק. די פויערים אין ריינע אויבערהעמדלעך און די ווײַבער אין ווײַסע טיכלעך אריבער די אָפּגעבליאַקעווטע קאָפּ־מיצלעך, אַנדערע מיט קינדער אַף די הענט, זײַנען גרופּעסווײַז געזעסן אַף דער לאָנקע, אַפן גאַנעק אָדער געשלאָפן אַף די וועגענער — געוואַרט אַפן אויפנעם.

דער אויפנעם־צימער איז אויך פול געווען מיט מענטשן. לענע האָט א שלאָג געטאָן אין דער נאָז אַרײַן דער שפּיטאָל־גערוך, וואָס איז איר גוט באַקאַנט געווען: דעם לעצטן האַלביאָר האָט זי געאַר־בעט אַלס „שוועסטער“ אין א קאָלטשאַקישן שפּיטאָל. אין דער אַמ־בולאַטאָריע, ווו דער עלטסטער פעלדשער האָט אויפגענומען די קראַנקע, האָט מען לענען געזאָגט, אַז דער דאָקטער איז פאַרנומען בײַ אַן אָפּעראַציע, נאָר ער וועט זיך באַלד באַפרײַען. ניט אָנרופנדיק איר נאָמען, האָט זיך לענע צוריקגעקערט אין אויפנעם־צימער און שטיל זיך אַוועקגעזעצט אַף א ווײַסער פאַרשמאָלצענער באַנק לעבן א די־קער אַלטער פרוי אין וואַליקעס. פון דעם דאָזיקן אָרט האָט זיך נאָר־וואָס אויפגעהויבן א יונג מיט א פוסטן אַרבל און איז אַוועק אין קאַבינעט צום דאָקטער.

פון די האַלב־אָפענע טירן האָט זיך אין שפּיטאָל־קאָרידאָר דער־טראָגן א שאַרן מיט טופל, א קלינגען פון שיסלען, אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט זיך דאָרט געפילט יענע אײַגנאַרטיקע אומרויִקע

שטילקייט, וואָס הערשט שטענדיק אינ א שפּיטאָל, בייט אנ אָפּעראַ-ציע. אונ די דאָזיקע שטילקייט, די דאָזיקע אַלע קלאַנגענ אונ רייכעס פונ א שפּיטאָל, וואָס האָבנ גערעדט וועגנ מענטשלעכע ווייטעקנ, האָט זיכ אָפּגערופנ אינ לענענ מיט עפּעס איינ דינינקער, פיינלעכ-קלינגענדיקער נאָטע.

די מענטשנ, וואָס זיינענ דאָ געוועסנ, האָבנ אויכ געפילט די דאָזיקע אומרויִקע שטילקייט אונ גערעדט דעריבער שטיל. אָפּט פלעגט זיכ עפּענענ די טיר, וואָס פירט אינ אמבולאַטאָריע, אונ א שיינע שוואַרצויגיקע ניאַניע אינ א ווייסנ טיכל אפנ קאָפּ פלעגט הויכ אויס-רופנ די קראַנקע, פלאָנטערנ די פאַמיליעס זייערע אונ יעדעס מאָל קוקנ אפ לענענ מיט יענעמ ניט-באַוווּסטזיניק פייגטלעכנ נייגיר, מיט וועלכנ שיינע אָפּגעלעבטע שוינ פרויענ באַקוקנ שענערע אונ יינגערע פאַר זיי.

לענע האָט ארומגעבלאָנקעט מיט די אויגנ איבער די פענעמער פונ די מענטשנ, ווי זי וואָלט דאָרטנ געזוכט עפּעס אזוינס, וואָס קאָנ פאַרטויבנ אינ איר די פיינלעכ-קלינגענדיקע נאָטע.

אנטקעגניבער איר, אפ דער באַנק איז געזעסנ א מיידל אינ א געקעסטלט קליידל, א באָרוועסע, מיט גרויסע רויטע הענט אפ די קני. דער גאַנצער קאָפּ אירער איז געווענ אזוי פאַרבאַנדאַזשירט, אז עס האָט זיכ ארויסגעזענ בלויז איינ אויג, וואָס האָט טרויעריק גע-קוקט אפ דער וועלט. לעבנ מיידל איז געזעסנ א פלייציקער, ווּקסי-קער באָכער אינ א ווייסנ העמד, וואָס איז אָנגעטאָנ געווענ נאָר אפ איינ אקסל; דער צווייטער אקסל אונ די טויטע ארויפגעלאָזטע האַנט איז געווענ נאַקעט: א צונטער-בלויער בייל האָט באַדעקט קימאַט דעמ גאַנצנ אקסל, א שטיק ברוסט אונ די האַנט ביזנ עלנבויגנ.

א פרוי, וואָס האָט אויסגעזענ פאַר דער צייט געעלטערט פונ שווערער ארבעט אונ וואָס איז אמאָל געווענ, ווייזט אויס, א גאַנצ שיינע, איז געזעסנ מיטנ קאָפּ פאַרוואָרפנ צו דער וואַנט. פונ אונטערנ טיכל האָבנ זיכ געזענ אירע טונקעלע האָר. די ווינקלענ ליפּנ אפ איר באַדעקטנ מיט קנייטשנ פּאָנעמ זיינענ געווענ אראָפּגעלאָזט, די אויגנ אירע האָבנ געקוקט ערגעצ איבער די קעפּ פונ די מענטשנ.

א פויער פינ א יאָר פערציק, מיט א העלער קוטשעראַווער באָרד, איז געזעסנ אונ געהאלטנ זיכ מיט ביידע הענט פאַרנ בויכ, געוויגט זיכ מיטנ גאַנצנ גופ הינ אונ צוריק, ווי אנ אומרו, — געקוועטשט דעמ

בויכ מיט די קני אונ צוריקגעוואָרפנ זיכ צו דער וואנט. אָפּט האָט ער ארויסגעלאָזט א פײַנלעכנ קרעכצ — אָט א הויכנ אונ דינעמ, אונ אָט א שטילנ אונ באסאָווונ.

— ווי די מענטשנ מאטערנ זיכ עס, גאָטעניו! — האָט די אלטע אינ די וואָליקעס, וואָס איז לעבנ לענענ געזעסנ, ניט געקאָנט אײַנהאלטנ זיכ אונ א באוועג געטאָנ מיט די הענט, ווי זי וואָלט דעמ פויער, וואָס איז אנטקעגנ געזעסנ, געוואָלט מיט עפּעס העלפנ אָדער איבערצײלעמענ זיכ.

דער פויער האָט אפ א ווײַלע אופגעהערט זיכ הוידענ, א קוק געטאָנ אפנ העסלעכ-געשוואָלענעמ פּאָנעמ פונ דער אלטער אונ אינ זײַנע אויגנ האָט א שײַנ געטאָנ אנ אויסדרוק, ווי איינער רעדט: „דו זעסט אויכ פּײַנ אויס, מאמעניו...“

אינ ווינקל, אפ שטרוי, האלטנדיק דעמ קאָפּ אפ די קני פונ א הויקערדיקער פרוי, איז געלעגנ אפ דער פּלייצע אנ אויסגעטריקנט ביזנ לעצטנ גראד מענטשל אינ א לײַוונטענער העמד, — אייגנטלעכ שוינ גאָר קיינ מענטשל ניט: אזוי נאָענט איז ער געווענ צומ טויט מיט זײַנע באָרוועסע פיסלעכ אונ מיטנ פּענעמל די גרייס פונ א פויסטל.

אומעטומ, ווו דער בליק טוט זיכ נאָר א קערעווע — מענטשלעכע בראָכווארג, קאליקעס, ווונדנ, בײַלנ: די מענטשנ האָבנ עס געטראָגנ מיט אנ אויסדרוק פונ פּײַנ אָדער האכנאָע אפ די פּענעמער.

„אָט לעבט מענ, מע האָרעוועט, מע האָט קינדער, מע האָפּט אפ עפּעס, — האָט לענע געטראכט, צוהערנדיק זיכ צו דעמ אומופהערלעכנ דינינקנ קלאנג אינ זיכ, — אונ דאָס לעבנ... אָט איז דאָס לעבנ!..

אנ אומדערטרעגלעכע פּײַנ האָט א דריק געטאָנ איר הארצ.

אינ דער זעלבער צײַט האָט זי אויכ באמערקט, אז דער פויער, וואָס האָט זיכ געהאלטנ באמ בויכ, האָט געהאט א פּאָר לויטערע, קימאט קינדערשע בלויע אויגנ, דאָס מיידל מיטנ פארבאנדאזשירטנ קאָפּ האָט פארמאָגט שלאנקע, טונקעלע פיס, אונ די לענדנ אירע, וואָס האָבנ אויסגעפילט דאָס געקעסטלטע קליידל, זײַנענ פול געווענ מיט פרויענ-קראפט. דער באָכער מיטנ ריזיקנ בײַל אפנ אקסל האָט געהאט א מעכטיקנ האלדז, אנ אטלאטענעמ מוסקלדיקנ לײַב, אונ די אויגנ פונ דער פאר דער צײַט געעלטערטער פרוי, וואָס האָבנ געקוקט אריבער די קעפּ פונ די מענטשנ, האָבנ געשײַנט מיט א קלוגנ, עכט-מענטשלעכנ אויסדרוק.

אין די דאָזיקע אַלע מענטשן, פון וועלכע יעדער איינער האָט געליטן פון עפּעס א קרענק אָדער פאַרקריפּלונג, זיינען ווי איינגע־שלאָסן געווען צעוואָרפענע טיילן און זייטן פון עפּעס א גאַנץ בילד, וואָס איז פול מיט שיינקייט און קראַפט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז מע באַדאַרף נאָר אַן אָנשטרענגונג, כדי דאָס דאָזיקע בילד זאָל זיך פאַרייניקן, אויפשטעלן זיך אין דער גאַנצער פּראַכט, אַראָפּוואַרפן פון זיך די אַלע בײַלן און וווּנדן און אַוועקשפּאַנען א שיינס און א הערלעכס אין דער וועלט אַרײַן. די דאָזיקע שפּירונג איז געווען אַזוי רעאַל, אַז לענע האָט ניט ווילנדיק אינערלעך אָנגעשטרענגט זיך, און אין דער זעלבער רגע האָט זיך איבערן קאָרידאָר דורכגעטראָגן א דינינקער, שנײַדיקער, קינדערשער געשריי, א געשריי, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט איר אייגענער אינערלעכער פײַנלעך קלינגענדיקער נאָטע.

דער פויער, וואָס האָט זיך געמאַטערט מיטן בויך, האָט זיך אויפ־געהערט שאָקלען. די פרוי, וואָס איז געזעסן מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן צו דער וואַנט, האָט זיך מיט א ווילדן געיאָמער א וואָרף געטאָן צו דער טיר און איז פאַרשווּנדן געוואָרן אין קאָרידאָר.

אין א מינוט אַרום האָבן צוויי דינער אונטער די הענט צוריק זי אַרויסגעשלעפּט אין אופּנעם־צימער. זי האָט זיך געוואָרפן בא זיי אין די הענט און געיאָמערט אַף א ניגון:

— אַוועקגעקוילעט !.. אַוועקגעקוילעט מײַן טאָכטערל !.. גאָטעניו מײַנס, גאָטעניו !..

די שוואַרצוויגיקע ניאַניע איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער אַמבו־לאַטאָריע מיט א גלאָז אין דער האַנט. זי האָט צאַרט אַרומגענומען דער פרויס קאָפּ און געפּרוּווט אַרײַנגיסן אין איר מויל א שלונג קאַלטן וואַסער.

— מע האָט דיך אַוועקגעקוילעט, טאָכטערל מײַנס, טײַבעלע... — האָט די פרוי געוויינט, קינדעריש בולקענדיק מיטן וואַסער אין מויל.

— עס וועט גאָרניט געשען דער טאָכטער דײַנער, שרײַ ניט, אום גאָטס ווילן. אָט א שטיק בעהיימע, ניט געשטראָפט זאָל איך ווערן ! — האָט אין איר אַרײַנגעטײַנעט איינער פון די דינער.

די פרוי האָט זיך א ביסל באַרויִקט: א שטיקל צײַט האָבן זיך געהערט בלויז אירע פאַרשטיקטע כליפּעניש. דערנאָך האָט איבערן קאָרידאָר דורכגעבריאַזגעט דאָס סאַניטאַר־וועגעלע, עס האָבן זיך דער־

הערט לעבהאפטע שטימען; און דער דאָקטער קאָסטעניעצקי, אין דער באגלייטונג פון די „שוועסטער" און סאניטארן, איז ארויס אין אופגעמצימער.

2

די קראנקע, וועד עס האָט נאָר קויעב געהאט, האָבן זיך פון זייערע ערטער אופגעהויבן, די היטלען אראָפגענומען. לענע האָט מיט א פארשטיינערט פּאָנעם זיך אויך אופגעהויבן.

דער פאָטער אירער איז געווען אָנגעטאָן אין א כאלאט פון גרויען לייוונט. די ארבל זיינען ביז די עלנבויגנס געווען פאַרשאַרט און עס האָבן זיך געזען זיינע ביינערדיקע האָרלאָזע הענט. ער האָט זיך קימאט ווי ניט געביטן, בלויז עטוואָס איינגעהויקערט געוואָרן, און עטלעכע גרויע האָר האָבן א שיין געטאָן אין דעם שווארצן, אפּ א זייט פארוואָרפענעם בערדל. זיין פּאָנעם האָט געשיינט מיט א פריידיקן אופברויז.

— זעצט זיך, זעצט זיך... נו, ווו איז דאָ די מוטער? — האָט ער א פרעג געטאָן, באקוקנדיק אלעמען מיט זיינע פויגלשע בליק און קיינעם ניט דערקענענדיק.

— אָן זיצט זי, — האָט מיט א שמייכל א זאָג געטאָן די שווארצוויגיקע ניאניע.

— האָסטו עס דאָ אזא טומל אופגעהויבן? — וולאדימיר גריגאָריעוויטש האָט מיט צוויי אומגעלומפּערטע באוועגונגען א גלעט געטאָן די פרוי איבערן קאָפּ. — אומזיסט, אומזיסט... איצט וועט זי אינקורצן געזונט ווערן, און אזוי וואָלט זי געשטאָרבן. איך האָב זי, פארשטייסטו מיך, איינגעשלעפּערט א ביסל, און זי האָט גענומען און אופגעכאפּט זיך, ווען איך האָב איר דאָס ביי־כל נאָך ניט פארנייט, — האָט ער געגעבן צו דערקלערן דער פרוי, וואָס האָט זיך פון אזעלכע איינצלהייטן ווידעראמאָל צעוויינט. — און דער וואָס ליגט דאָ? — האָט ער באמערקט דאָס מענטשעלע אפן שטרוי. — גלייך איבערטאָן אים און אין בעט אריין. — וואָס האָט ער דאָ צו ליגן .. וואָס איז מיט דיר, באָריסאָוו, — האָט ער זיך א קער געטאָן צום פויער, וואָס האָט געליטן אפן בויך.

— איך האָב שוין קיין קויכעס ניט! — האָט דער פויער געענטפערט און א שיין געטאָן מיט זיינע בלויע אויגן.

— נו, דו האָסט אוואַדע אויסגעגעסן עפּעס ניט גוטס. גיי צו קאָנ־סטאַנטינ סערגייעוויטשן, ער וועט דיר ריצנייל געבן. דו ביסט איצט דיעסיאַטסקער, אפּ א געזעלשאַפטלעכער שטעלע, קאָנסטו באַקומען אויסער דער ריי, אַזוי איז עס...

ער האָט לענען ניט באַמערקט און איז געגאַנגען פון איין כוילע צום אַנדערן. לענע האָט זיך געשעמט פאַר מענטשן רופן אים טאַטע, איז זי געשטאַנען לעבן דער באַנק מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט.

— אַהאַ, ווי מע האָט עס דיך א שמיר געטאָן, — האָט וואָלאָדי־מיר גריגאָריעוויטש א זאָג געטאָן צום באָכער, באַטראַכטנדיק זיין אַקסל. — קיין בראָך איז ניטאָ... ווער האָט עס דיך אַזוי מעכאַבעד געווען?

— א בוים איז געפאַלן, — האָט דער באָכער פאַרשעמט א ברום געטאָן.

— א בוים איז געפאַלן... מיט א האַלבאָבליע אוואַדע האָט מען דיר דערלאַנגט? מיסטאָמע קריכסטו צו פרעמדע ווייבער?

די קראַנקע האָבן זיך צעלאַכט. לענע האָט ניט ווילנדיק א שמייכל געטאָן: דאָס אַלץ, וועגן וואָס זי האָט מיט אַזא מין אָנשטרענגונג געטראַכט, האָט זיך פאַרוואַנדלט, ווי נאָר דער פאָטער האָט זיך באַ־וויזן, אין פּאָשעטע און ניט שרעקלעכע איבערראַשונגען.

— צו דער שיין, צו דער שיין!..

וואָלאָדימיר גריגאָריעוויטש האָט אומגעדרייט מיטן פּאָנעם צום פענצטער א העלהאָריקן באָכערל מיט א קלייד אַפּ דער פּאָטיליצע און דערזען לענען.

פאַרלאָרנקייט, פאַרווירטקייט האָט אָפּגעשפּיגלט זיין פּאָנעם.

— איך בין געקומען, פּאַפּאַ, — האָט מיט א רויקער געלאַסענער שטים לענע א זאָג געטאָן. — דו וועסט זיך באַלד באַפרייען?

זיי זיינען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן: לענע — מיט אַראָפּ־געלאָזטע הענט, מיטן קאָפּ עטוואָס אַפּ א זייט אָנגעבויגן, דער פּאָ־טער — מיט איין האַנט אַפּן באָכערס אַקסל און מיט דער צווייטער האָט ער פלינק-פלינק א כאַפּ געטאָן זיין בערדל אין הויפן אַריין.

— יאָ... נו, איז אָט... — ער האָט א שלונג געטאָן די ליפּט. — עס פרייט מיך, עס פרייט מיך זייער... און באַ אונדז זעסטו, וואָס עס טוט זיך? — ער האָט א ווייז געטאָן מיט דער האַנט אַפּן אויפ־געמעצימער און אַז זיין פּאָנעם האָט זיך באַוויזן דער שולדיקער אויס־

דרוק, וואָס איז גוט באַקאַנט געווען לענען פון זײַן באַנעמען זיך מיט איר און מיט איר מוטער. — נו, איז ווי־זשע, מע דאַרף דיך אײַנאָרדענען... פּראָסינקע, ליבינקע, ברענג מיר מײַן רעקל, — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו דער שוואַרצויגיקער ניאַניע און מיט ציטערנדיקע פינגער גענומען זיך פאַנאַנדערבינדן דעם כאַלאַט.

זיי זײַנען אַרויס אין הויף.

— יאָ, זייער אומדערוואַרט, זייער... אויף לאַנג?

— פּאַפּאַ, איך בין געקומען אויף שטענדיק.

— גאַנץ גוט, גאַנץ גוט...

ער האָט שטײַף אַ דריק געטאָן איר האַנט.

און לענע איז ערשט איצט ווי צו זיך געקומען.

— וואַרט צו, לאָז כאָטש אַ קוק טאָן אויף דיר, איך האָב דיך אַזוי געוואָלט זען!.. — האָט זי פלינק זיך צערעדט, האַלטנדיק דעם פאָטער פאַרן האַנט און דערשפּירנדיק צום ערשטן מאָל אין איר לעבן אַ צאַרטקייט צו אים.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן.

— איך האָב זיך אַזוי באַאומרויִקט וועגן אײַך ביידן, — האָט לענע אַ זאָג געטאָן, — מײַנע בריוו האָט איר ניט באַקומען?

— פון זינט דער טשעכישער איבערקערעניש האָבן מיר קיין שום קאָרעספּאָנדענץ ניט דערהאַלטן. ווײַזט אויס, אַז זי איז געבליבן שטעקן אין דער קאָנטער־ראַזוועדקע, — האָט וולאַדימיר גריגאָריעוויטש שעמעוודיק פינטלענדיק מיט די אויגן געענטפערט.

— איר האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן?

— ניין, מע קאָן ניט זאָגן, אַז מיר זאָלן זיך האָבן שטאַרק אויסגעבאַהאַלטן. איך, ווי דאָס איז דיר עפּשער ניט באַוווּסט, האָב געאַרבעט אין סאָוועט אויף דער שאַכטע. איך בין געקומען אַהער זיך זען מיט סעריאָזשען, וועלכער איז דעמלט נאָרוואָס געקומען צו פאָרן, און דאָ האָט אונדז געכאַפּט די איבערקערעניש. נו, טראַכט איך זיך, איך וועל דערווײַל היילן די קראַנקע, ביזוואַנען מע וועט ניט אַראָפּנעמען אָדער אַרעסטירן, — קיינער נעמט ניט אַראָפּ, קיינער אַרעסטירט ניט. ווײַזט אויס, זיי זײַנען מיט עפּעס אַנדערש געווען פאַרנומען, און די היגע מיליציע קען מיך, זי האָט זיך באַצויגן צו מיר אַפילע מיט אַכטונג. דערנאָך האָט זיך בײַ אונדז באַוויזן איינער אַ מאַרטעמיאַנאָוו, דער געוועזענער פאָרזיצער פון סאָוועט, ווו איך האָב געאַר־

בעט; מיר האָבנ אימ אויסגעבאהאלטנ דאָ ניט ווײַט, אונטערגעקאָרמעט אימ. צומ סאָפ האָב איכ זיכ אפילע אָנגענומענ מיט כוצפע אונ אוועקגעשיקט א פעטיציע אינ דער פארוואלטונג, — געמאָנט, הייסט עס, געהאלט. קיינ שומ ענטפער, פארשטייט זיכ, ניט באקומענ. נו, אונ ווענ דאָ האָט זיכ די גאנצע קאשע פארקאָכט, האָט מענ שוינ צו אונדז אוואדע ניט געקאָנט זיכ דערלאנגענ: די אלע שטראָפ־עקספעדיציעס זײַנענ צו אונדזער דאָרפ ניט דערגאנגענ, אונ ווענ זיי וואָלטנ אפילע יאָ דערגאנגענ, וואָלט דער אומגליק אויכ ניט גרויס געווענ, — אויסבאהאלטנ זיכ קאָנענ מיר זייער לײַכט, מאכמעס, ווי זאָגט מענ עס... omnia mea אונ אזוי ווײַטער... ניטאָ וואָס צו זשאלעווענ...

וולאדימיר גריגאָריעוויטש האָט פלינק געשאָטנ די ווערטער אונ געהאלטנ אינ איינ פינטלענ מיט די אויגנ, אונ לענע האָט מיט ווייטעק דערפילט, אז דער פאָטער סטארעט זיכ מיט די ווערטער פארשיטנ די גאנצע אָפגעפרעמדטקײַט זײַנע פונ איר.

— אונ וועגנ דיר האָט מענ געשריבנ, אז דו האָסט קאזיאָנע געלט פארכאפט! — האָט זי מיט א טרויעריקנ שמייכל א זאָג געטאָנ.

— נו, ווייס איכ וואָס! — איז בייז געוואָרנ וולאדימיר גריגאָריעוויטש. — דאָט האָבנ דאָכ ווײַסגווארדייִשע צײַטונגענ געשריבנ.

— איכ האָב... געשפאסט...

— לאָמיר גיינ, — האָט ער כמורנע א זאָג געטאָנ אונ אוועקגעשלעפט זי מיט זיכ.

לענע האָט די גאנצע צײַט געקוקט אריבער די וועגענער. איצט האָט זי פלוצלינג פארכידעשט א הייב געטאָנ די ברעמענ: זיי אנטקעגנ, שלײַכנדיק זיכ צווישנ די פורנ, זײַנענ געגאנגענ צווייענ — איינער א קליינ מענטשעלע מיט א נידעריק האלדז, וואָס איז צוזאמענ מיט איר געפאָרנ אפ דער פור פונעמ דאָרפ כמעלניצקאיא, אונ דער צווייטער...

לענע איז רויט געוואָרנ:

דער צווייטער איז געווענ — סורקאָוו, אָט דער זעלבער סורקאָוו, וועלכנ זי האָט נאָכ געקענט אלס שילער־ייִנגל, זײַענדיק בא די גימערס, אונ דערנאָכ באמ כינעזער, ווענ ער האָט זיכ דעמ קאָסטיומ געמאָסטנ אונ דערנאָכ — פונ באלקאָנ, ווענ ווסעוואָלאָד לאנגאָוואָי אונ דער טשעכישער אָפיצער האָבנ אימ א געבונדענעמ צו זיכ אינ אווטאָמאָביל גענומענ. דער זעלבער סורקאָוו, אינ א גרויער קאזא־

קישער פּאַפּאַכע, עטוואָס אונטערהינקענדיק און הוידענדיק זײַנע קוואַ־דראַטע אַקסלען, איז איצט געגאַנגען צווישן די פֿורן.

— מיר זײַנען געקומען נאָך אײַך, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, צוגעגאַנגען נעענטער צו וולאַדימיר גריגאָריעוויטשן און פֿון דער זײַט אַ קוק געטאָן אויף לענען פֿון אונטער די הויכע ברעמען אַפֿער. — מע האָט געמוזט עקסטרע צונויפֿרופֿן דעם רעווקאָם... דאָס איז — טשורקין, פֿון געגנטקאָם. ער האָט געבראַכט דירעקטיוון, וואָס ווײַזן אים אויס צו זײַן ייִער וויכטיקע, און מיר — ניט...

ער האָט אַ לאַך געטאָן.

— אַ... אָט גלײַך, — האָט זיך וולאַדימיר גריגאָריעוויטש אָפּגע־רופֿן. — אָט, די טאָכטער מײַנע איז געקומען צופֿאָרן. איך בעט ליבן און שעצן...

— מיר זײַנען שוין באַקאַנט מיט איר! — האָט טשורקין פֿריילעך אַ שמייכל געטאָן צו לענען. — ווי פֿילט איר זיך?

— נישקאָשע... אַ דאַנק, — האָט לענע געלאַסן אַ זאָג געטאָן און געפֿילט אויף זיך סורקאָווס בליק.

נאָר, פֿאַרשטייט זיך, ער האָט זי ניט געקאָנט דערקענען: זי איז דאָך דעמאָלט געווען אַ קליינינקע אויסגעפּוצטע מיידעלע צווישן אַ סך אַנדערע אַזעלכע אויסגעפּוצטע מיידעלעך, און אויף באַלקאָן, צווישן אַ סך אַנדערע מענטשן, וואָס האָבן געקוקט אויף אים דורך די בינאָקלען, האָט ער אוודאי זי ניט געקאָנט באַמערקן.

— עס וועט אויסקומען אויף אַ ווײַלע צעשיידן אײַך. איך באַ־דויער זייער..

סורקאָוו האָט זיך באַגעגנט מיט לענען מיט די אויגן, און אַ שמייכל האָט קוים־קוים באַריִרט זײַנע פֿולע, שטײַף־פֿאַרמאַכטע ליפּן.

— נו, גוט, נו, גוט... — האָט זיך אַן אײַל געטאָן וולאַדימיר גריגאָריעוויטש. — אָט וועל איך זי נאָר אײַנאָרדענען און קום גלײַך צוגיין... קום, לענאָטשקע...

„סורקאָוו?... נו, זאָל זײַן סורקאָוו"... — האָט לענע אַ טראַכט געטאָן, שפּאַנענדיק נאָכן פֿאָטער.

3

לענען האָט מען באַזעצט אין פֿאָטערס קאַבינעט. דאָרט האָט געשמעקט מיט טאַבעק און מיט ביכער.

באנאכט, ווען זי האָט זיך צונויפגעקנייטשט אין א קנייפכל — א רעגילעס, וואָס איז איר געבליבן פון דער קינדהייט, ווען זי האָט געטרוימט אריינגלייגן זיך אין א ניסעלע, — צונויפוויקלענדיק זיך אין א קנײַכל אפן אלטן פאָטערשן דיוואן מיט די ארויסגעסטארטשעטע ספּראָנזשינעס, צודריקנדיק די הענט צו דער ברוסט און קוקנדיק קעסיידער אין איין פּינטל, — אפן עק טיש, וואָס איז באלויכטן געווען דורך דער לעוואָנע, האָט זי לאנג אין דער שטיל געוויינט: פון פארמאטערטקייט, פון דערינערונגען פון די קינדער־יאָרן, דערפון, וואָס דאָס לעבן אירס האָט איר ארויסגעוויזן צו זײַן זינלאָז און אָרעם, דערפון, וואָס זי האָט סעריאָזשען אין דער היים ניט געטראָפן און איר האָט זיך געדוכט, אז זי איז איינע אליין אף דער גאנצער וועלט.

יענער קרײַז אין איר לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט צען יאָר צוריק און וועלכער, ווי עס האָט זיך איר געדוכט, האָט אלץ און אף שטענדיק פאָרויס באשטימט, — יענער קרײַז האָט זיך פארשלאָסן. זי האָט איצט געשפּירט זײַן אָנהייב און סאָף.

מיט דער מוטערס טויט האָט זיך אָפּגעריסן דער לעצטער פאָדעם, וואָס האָט געבונדן לעגען מיט איר היים און מיט איר קינדהייט. סעריאָזשע? ער איז געווען צו קליין דעמלט און האָט ניט פארנומען אין איר לעבן דאָס אָרט, וואָס ער האָט שפּעטער פארנומען. דער פאָטער? ער איז פאר איר געווען פרעמד און אומפארשטענדלעך, פונקט ווי פרעמד און אומפארשטענדלעך ער איז שטענדיק געווען פאר איר מוטער.

די מוטער איז פאר איר געווען אלץ.

דאָס איז געווען א קליינינקע, דיקלעכע, שווײַגנדיקע פרוי מיט גראָ־ווערנדיקע האָר, מיט שטילע באוועגונגען, מיט א רויִקן פארמאטערטן און אומצוטרוילעכן בליק פון הינטער די ברייטע טונקעלע ברעמען אָבער, וועלכע האָבן געגעבן איר פּאָנעם אן אויסזען פון שטאָלץ און אומצוטריטלעכקייט. אינדערעמעסן איז זי געווען הילפלאָז און אומאנטשלאָסן אין אלעם איבעריקן, וואָס איז נאָר ניט געווען שייך אירע קינדער. זי האָט פארמאָגט א סאך עכטן וויסן. נאָך מער האָט זי אין איר לעבן דורכגעטראכט און דורכגעפילט, אָבער איר לעבן מיט לענעס פאָטער איז אין דער פארגאנגענהייט אזוי פול געווען מיט צאָרעס, וואָס האָבן געבראכט צום טויט פון די עלטערע קינדער, און זי אליין איז געווען אזוי איינזאם אין אָט

דעמ לעבנ, אז ניט ווילנדיק איז די גאנצע פראקטישע וועלט אירע באשטאנענ נאָר פונ דייַגעס וועגנ די קינדער; זי האָט זיכ צוגעווינט צו שפּאָרעוודיקייַט, שטענדיקנ פּאָרענ זיכ מיט קליינינקייַטנ, אומצוטרוי צו מענטשנ. דאָס גאנצע וויסנ אירס, אירע געפילנ, געדאנקענ האָבנ עקזיסטירט נאָר אינ איר אונ פאר איר אליינ, אינ בעסטנ פאל האָט זי זיי געקאָנט איבערגעבנ די קינדער.

לענע געדענקט זי, ווי זי פלעגט זיצנ אינ שטול מיטנ געשטריקטנ וויַיסנ טיכל אפ די אקסלענ,— די מוטער האָט גענייט אָדער עפּעס געלייענט, אָדער געטראכט וועגנ דאָס איריקע,— פארוואַרפנדיק דעמ פארמאטערטנ גראָ־ווערנדיקנ קאָפּ אפנ ווענטל פונ שטול: לענע האָט געדענקט, ווי די מוטער פלעגט שטיל ארומגיינ איבערנ צימער אינ אירע ווייכע טופליעס, ארומגעזוימטע מיט וויַיסנ פוטער, מיט עפּעס א טעצל מיט מילכ פאר דער קאצ אונ די הינט, אָדער ווי זי פלעגט זיכ אָנבייגנ איבער איר, לענעס, בעטל אונ הייס קושנ זי אינ שטערנ אונ אינ די צארטע באקנ, וואָס זייַנענ אזוי ווייכ געווענ, אז לענע אליינ פלעגט אויכ פילנ די ווייכקייַט זייערע, ווענ מע האָט זי געקושט.

די מוטער מיט דער טאָכטער האָבנ ליב געהאט זיכ איַינוויקלענ צוזאמענ אינ איינ געשטריקטנ טיכל אונ זיצנ אינ די אָוונטנ אפנ גאנעק, וואָס צומ סאָד אונ שוויַיגנדיקע קוקנ אפ לעשנדיקנ זיכ רויטנ פאסיקל איבער די וויַיטע, פאמעלעכ טונקלענדיקע זיכ בערג; זיי האָבנ ליב געהאט רייַסנ בלומענ— פוכקע, וויַיסע פּיאָנענ, פייַכטע אירִיסנ, געלע אונ רויטע ליליעס, וואָס האָט זיי א ביסל געשראָקנ מיט זייער גרויס אונ מיט די בונטע פארבנ זייערע; זיי האָבנ ליב געהאט פארוקנ זיכ ערגעצ אינ א ווינקל דיוואנ, לייענענ עפּעס אייגנע דער אנדערער אָדער ריידנ וועגנ מענטשנ— אלציינס וועגנ דערוואקסענע אָדער וועגנ קינדער.

דאָס איז געווענ אנ אייגענע אינטימע וועלט פונ בליקנ, וואָס פארשטייענ זיכ אייַנאנדער, פונ צארטע בארירונגענ, שטילע געשפּרעכנ, א וועלט פונ שפּירונגענ אונ באטראכטעמישנ, א טאטלאָזע אונ שוצלאָזע וועלט, אָבער אנ עמעסדיקע.

דעמ פאָטערס וועלט— דאָס איז א וועלט פול מיט טאט, פול מיט מענטשנ, פול מיט טומל (אזויפיל טומל, אז אָפּט פלעגט זיכ דוכטנ, אז מיט זייַנ הויכער שטימ וויל דער פאָטער פארשטאָפּנ עפּעס

א פּוסטקײַט אינ זיכ) — די דאָזיקע װעלט איז געװענ פאר זײ פרעמד אונ אומפארשטענדלעכ.

דער פאָטער האָט זיכ געװאָרפנ פונ אײנ ארבעט צו דער צװײטער אונ קײנ אײנע פונ זײ ניט דערפירט ביזנ סאָפ. אלע ארבעטנ האָט ער געטאָנ מיט פּאטאָס, מיט א הײבנ די הענט אינ דער הײכ, מיט אויסגעשרײענ אונ פולע זעק רײד, מישנדיק אינ אײנ קאשע פראנצויזישע אויסגעשרײענ, לאטײַנ, פאָלקסװערטלעכ.

— O! çela!... — אָנגעקומענ די זומענ פונ ראמענ! — האָט ער, אופהײבנדיק זײַנ לאנגנ צײַג־פינגער אונ גלענצנדיק מיט די מעשוגענעװאטע אויגלעכ זײַנע, געשריִענ אינ פרילינג, אינעם פּעריאָד, װענ ער האָט זיכ פארקאָכט אינ גערטנערײַ.

— Sic transit! ... דער טײַװל זאָל אימ נעמענ, דעמ דאָזיקנ קאָזלאָװונ! — האָט ער זיכ אינ הארבסט געקלאָגט אפנ גערטנער, — ניט קײנ קאװענעס האָבנ זיכ בא אימ באקומענ, נאָר אײנ גאָט װײסט װאָס!..

— עכ, מוטער מײַנע, האָבנ מיר עס הײַנט א שטיק לאָנקע אָפּגעקאָסעט! — האָט ער מיט אנציקונג דערצײלט, קומענדיק צולויפנ אינאָװנט פונ הײ־שניט אנ אופגעברויזטער, מיט א פארדרײט אפ א זײַט שװארצ בערדל, אינ שװערע שטיװל, װאָס האָבנ געשמעקט מיט בלאָטע. — א מינ צעריפּעטע שטיק פעלד! א מינ װאכער! טאטאָטשקענ װאָלט מענ באדארפט אהינ צו דער ארבעט שטעלנ!..

דאָס איז געװענ אנ אָנצוהערעניש אפ גימערס עלטסטנ זונ, װיטאלי, — א דיקנ װײַסלײַביקנ באָכער, װעמענ מע האָט אינ שטוב גערופנ טאטאָטשקע (דער פאָטער האָט פײַנט געהאט אונ ניט געקאָנט אריבערטראָגנ די גימערס, באזונדערס דעמ אלטנ גימער דערפאר, װאָס יענער האָט אינ דער יוגנט זיכ געשמאדט; דער פאָטער האָט עס אָנגערופנ: „נידערטרעכטיקע צופּאסלערײַ צו די פינצטערע קױכעס“).

אָנטומלענדיק אונ אָנטראָגנדיק א פולע שטוב בלאָטע, פלעגט ער אונטערלויפנ אפ דער קיכ, פונװאנענ עס פלעגנ זיכ טראָגנ פרײלעכע שטימענ פונ די הײ־שניטלער, דערנאָכ פלעגט ער אומבאמערקט זיכ דורכשלײַכנ אינ שלאָפצימער אונ סטארענ זיכ דערבײַ ניט אָטעמענ: עס האָט געטראָגנ פונ אימ מיט בראנפנ.

ער האָט שטאָלצירט מיט זײַנ נאָענטקײַט צומ פאָלק אונ גע־

האלטנ, אז ער האָט פײַנט די פּריצימ; מיט נאטשאלסטווע האָט ער זיכ באנומענ שארפ און היציק. אָ, ער האָט קיינ מוירע ניט געהאט פאר רעדיפע! — ער האָט זיכ געהאלטנ אינ איינ ארומקריגנ מיט די פּריסטאווס צוליב די פּויערימ, און, ניט דערשרעקנדיק זיכ דערפאר, וואָס ער איז געווענ אנ אדמיניסטראטיוו־ארויסגעשיקטער, האָט ער איינמאָל אפילע דערלאנגט מיטנ שטעקנ א פּריסטאוו.

ווענ עס האָט זיכ בא אימ אויסגעשעפּט דער אינטערעס צו זײַנ אייגענער ווירטשאפט, האָט ער זיכ גענומענ שאפנ פארשיידענערליי קרעדיט־געזעלשאפטנ אָדער געבורויכ־פאראייִנענ, פירנדיק א מילכאָמע מיט די רײַכע פּויערימ און ניט באמערקנדיק, אז אינ זײַנ טעטיקײַט איז ער אָפּהענגיק פונ זיי.

און נאָכ אזעלכע אויסברויזנ פלעגט אימ אָפּט פּלוצעמ באפאלנ א מאָרעשכוירע. גאנצע אָוונטנ פלעגט ער זיכ וואלגערנ אפנ בעט, פארשטעקנדיק דעמ קאָפּ אונטער א קישנ און זויגנ צוקערקעס — זיי פלעגנ שטענדיק ליגנ דערנעבנ אפ א שטול, אינ א שאכטעלע. אינ אזעלכע צײַטנ פלעגט ער זײַנ צערייצט און בייז אפ די קינדער („וואָס? טומלענ?!" — פלעגט ער שרײַענ פונ הינטערנ קישנ אזוי הויכ און מיט א פארדומפּט קאָל, אז עס פלעגט זיכ באקומענ — „וואָנטלענ?!"), קריגנ זיכ מיטנ ווײַב, און דערנאָכ מיט א שולדיקנ בליק נאָכקוק זי אינ שלאָס־לעכל.

ער איז געווענ אויפריכטיק אינ זײַנע אויסברויזנ און מאָרעשכוירע. נאָר ער האָט ניט נאָר ניט פארמאָגט קיינ פעיִקײַט צו באנעמענ מענטשנ, דערינ אויכ זיכ אליינ, ניט געקוקט דערופ און אָפּט אפילע טראָצ דעמ, וואָס מענטשנ ריידנ און טראכטנ וועגנ זיכ, — ער האָט אפילע ניט כוישער געווענ, אז אזא מינ פעיִקײַט פארמאָגט ווער ניט איז. און דעריבער איז פאר זײַנ ווײַב, וואָס איז נאָר אזוי צוגעגאנגענ צו מענטשנ, און דורכ איר אויכ פאר דער טאָכטער, אליינ געווענ א פרעמדער און אומפארשטענדלעכער מענטש.

די מוטער איז געשטאָרבנ פּלוצעמ, פונ אפּאָפּלעקסיע. זי איז ווי געוויינלעכ, געזעסנ אינ שטול, אָנגעשפּארט מיטנ שלייפ אָנ פּליושענעמ ווענטל, דאָס בוכ, וואָס זי האָט געלייענט, האָט זיכ געוואלגערט אפנ דיל. די קינדער זיינענ עטלעכע מאָל פארבײַגעגאנגענ, צולייגנדיק א פינגער צו די ליפּנ, געמיינט, אז די מוטער שלאָפט.

אין איר שאכטעלע האָט מען געפונען א בריוו, וואָס זי האָט געהאט פארגרייט נאָך מיט צוויי יאָר צוריק. די מוטער האָט דאָרט פאראָרדנט, וואָס מע זאָל טאָן מיט איירע זאכן און פאפירן און געהייסן אוועקפירן לענען אף דערציִונג צו די גימערס, וועגן וואָס זי האָט שוין לאנג אָפגערעדט מיט איר שוועסטער סאָפיא מיכײַלאָוונא. די ליבע צו איר שוועסטער, וואָס זי האָט אָפגעהיט נאָך פון די יונגט-יאָרן, האָט איר געשטערט צו באנעמען ביזן גרונט די דאָזיקע פרוי; די מוטער איז געווען אופריכטיק איבערצײַגט אין דער גוטהארציקײַט פון איר שוועסטער, אין דער ליבע צו דער גאנצער מישפּאָכע זייערער און געהאלטן, אז לענען וועט בא איר זײַן בעסער, איידער באם פאָטער.

די גאנצע צײַט, וואָס דער מעס איז געלעגן אין שטוב, האָט לענע, ניט פילנדיק זיך אליין, א שטומע ארומגעבלאָנקעט איבער די צימערן מיט ברייט-צעעפנטע, פארגליווערטע אויגן. עס האָט זי די גאנצע צײַט געצויגן צום מעס. מע האָט זי ארויסגעפירט פון צימער, ווו דער מעס איז געלעגן, זי האָט זיך אין א ווײַלע ארום צוריקגעקערט אהין און, אופהייבנדיק זיך אף די שפּיץ פינגער, האָט זי מיטן זעלבן פארגליווערטן בליק געקוקט אפן טויטן מאטאָוון פּאָנעם פון דער מוטער, ניט דערוועגנדיק זיך צוצורירן צו אים. דער מוטערס קאָפּ איז אינגאנצן גראָ געוואָרן, אָבער אירע ברייטע טונקעלע ברעמען זײַנען געבליבן אומבארירט און אפילע נאָכן טויט געשאפן אפן פּאָנעם אן אויסדרוק פון רויִקן און מידן שטאָלץ.

לענע האָט נאָך ניט באנומען, ס'ארא אומגליק עס האָט זי געטראָפן. בא דער לעווײַע האָט זי געוויינט בלויז דערפאר, ווײַל סעריאָזשע האָט הייך געוויינט און די ווײַבער האָבן געיאָמערט, ווײַל עס איז א ראכמאָנעס געווען צו קוקן אפן פאָטערס ציטערנדיקע ביינערדיקע פּלייצעס, ווײַל אויסערגעוויינלעך איז געווען דער גערוך פון ווײַרעך, די קלאנגען פונעם רעליגיעזן געזאנג, די קלעפּ פון די לאָפּעטעס ערד, וואָס האָבן זיך געשאָטן אפן דעקל פונעם אָרן. און בלויז אין עטלעכע שאָ ארום, ווען זי האָט פארבלאָנקעט אין שלאָפצימער און דערזען דער מאמעס קאפּאָט, וואָס האָט זיך געוואלגערט אפן ווענטל פון בעט, האָט זי באנומען, אז קיין מאמען האָט זי שוין ניט און וועט שוין קיינמאָל מער ניט האָבן און ערשט איצט זיך צעוויינט פון אומיטלבארן ווייטעק און א כליערשט

פּענדיקע און וואַרפנדיקע האָט מען זי אַפּ די הענט אַוועקגעטראָגן אין קינדער־צימער און אַוועקגעלייגט אין בעט אַרײַן.

ווי שטאַרק עס האָט זיך איר ניט געוואָלט אַוועקפאָרן פון סקאָבייעווקע!

זי איז אַלט געווען ניט קיין פולע זיבן יאָר, ווען די מישפּאָכע קאָסטעניעצקי, וואָס איז מיטגעפאָרן מיטן פאָטער אין דער פאַרשי־קונג, האָט געלעבט עטלעכע וואָכן באַ די גימערס אין זייער געלן מויער אַפּ דער הויפּט-גאַס פון דער פאָרשטאָט, פאַרן באַשטימען דעם פאָטער אַלס דאָקטער אין דאָרף סקאַבייעווע. גימערס שטוב איז שטענדיק פול געווען מיט אייגענע און פרעמדע קוויטשעדיקע און קאַפּריזע קינדער. זיי האָבן לענען פאַרטויבט די אויערן מיט זייער אומפאַרשעמטן טומל און אַרומפאָרעניש. באַזונדערס שטאַרק האָט זיך לענע דערמלט אָנגעליטן פון גימערס ייִנגסטן זון, יעווּגען, (אין שטוב האָט מען מאָדנע פאַרצייגן זײַן נאָמען, גערופן אים דיו־דיע), וועלכער איז געווען קימאַט צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי זי און דורכגעמאַכט אַפּ איר אַלע זײַנע שילערישע קונצן.

— דו ווילסט אַ קוק טאָן אַפּ מאָסקווע? — האָט ער ליבלעך אַ זאָג געטאָן, קוקנדיק אַפּ איר מיט זײַנע טאַמעוואַטע ווײַסע אויגן; און אין דער זעלבער רעגע האָט ער אַזוי שטאַרק צונויפגעדריקט איר דעם קאָפּ מיט זײַנע פײַכטע דלאָניעס, אַז אין די אויערן האָט זיך באַ איר צעקלונגען און פאַר די אויגן האָבן גענומען שווימען רויטע רינגען. — אָו, דו, קלאָגמוטער, בעהיימע! — האָט ער געזאָגט צו איר מיט זײַן הייזעריקלעכן באַס, ווען זי האָט זיך צעוויינט, און געקנײַפּט זי אין אָרעם, העכער דעם עלנבויגן.

דער אַלטער גימער, ווען ער האָט איינמאָל געפּאַקט זײַן זון באַ דער דאָזיקער אַרבעט, האָט פאַרכידעשט אַ הייב געטאָן די ברעמען און מעכאַבעד געווען אים מיט אַ הינטערקלעצל. לענע האָט דער־ריבער שטענדיק מיט דאַנקבאַרקײַט געטראַכט וועגן אָט דעם דיקן, פליכעוואַטן מענטשן, כאָטש דער פאָטער אירער האָט וועגן אים גע־רעדט בלויז שלעכטס.

טראָץ אירע דעמלטיקע אײַנדרוקן איז לענע, אונטער דער ווירקונג פון איר מוטער, געוווינט געוואָרן צו טראַכטן מיט ליבע וועגן דער מומע סאָניע. נאָר ווען סאָפיא מיכײַלאָוונאַ איז געקומען אַפּ דער לעווײַע, איז לענע באַליידיקט געוואָרן פון דער אויסערלעכער

ענלעכקייט אירער צו דער מוטער. דאָס איז געווען עפּעס א באַליי־
דיקנדיקע און לעסטערנדיקע קאַפּיע פון לענעס מוטער. אויב אין
יעדן וואָרט און טאַט פון דער מוטער האָט לענע געפילט דעם עמעס,
האָט זי אין יעדן וואָרט און טאַט פון דער מומע סאָניע געפילט א
פאַלשקייט און צוויַעס. אין דער געלאַסענער ווייכקייט פון אירע באַ־
וועגונגען איז געווען עפּעס איינגעכאַזערטס, וואָס איז שוין געוואָרן
פאַר איר נאַטירלעך. זי האָט ניט געשמייכלט, נאָר געמאַכט א שמייכל,
ניט געוויינט, נאָר געגאָסן טרערן, ניט געכידעשט זיך, ניט געזומערט
זיך, ניט געפרייט זיך, ניט געהאַסט, נאָר געמאַכט פאַרכידעשטע, פאַר־
זומערטע אָדער פרייַלעכע אויגן און ליפּן. דאָס איז געווען אַן עק־
טערנדיקע זיך קאַץ, וואָס איז אויסגעצערטלט געוואָרן אין א גוטן
לעבן. און לענע, געדענקענדיק דער מאַמעס מיינונג וועגן איר און
קעמפנדיק מיטן אייגענעם אייַנדרוק, וואָס זי האָט באַקומען פון דער
מומע סאָניע, האָט פונדעסטוועגן ניט געקאָנט באַהאַלטן איר ניט
סימפּאַטישע באַציִונג צו איר.

עס האָט זיך איר ניט געוואָלט אוועקפאָרן פון סקאָבייעווקע אויך
דערפאַר, ווייַל זי איז פאַרליבט געווען אין סקאָבייעווער פאַסטעכל,
וואָס האָט יעדן אינדערפרי און פאַרנאַכט פאַרבייַגעטריבן זייַן טשע־
רעדע פאַרבייַ זייער פענצטער און געשפּילט אַף א פייַפל. זי האָט
אים ליב געהאַט דערפאַר, וואָס ער איז געווען א פּראָסטע בריַע,
שמוציק אָנגעטאָן, האָט ניט מוירע געהאַט פאַר בעהיימעס און מענטשן
און, דוכט זיך, ניט געוואָלט זייַן עפּעס אנדערש פון דעם, וואָס ער
איז געווען. זי האָט זיך קיינ איינמאָל ניט דערוועגט צו ריידן מיט
אים און אפילו נאָענט צוגייִן צו אים, — זי האָט אים ליב געהאַט
פון הינטערן פענצטער, — נאָר די דאָזיקע ליבע האָט פאַרנומען א
גרויס אָרט אין איר לעבן, האָט זיך געהאַט אירע ווייטעקן און
פריידן.

אין דעם טאָג, ווען זי האָט געדאַרפט אוועקפאָרן, האָט זי זיך
אופגעהויבן גלייַך מיטן טאָג: שטיל ניט אופצווועקן סעריאָזשען
מיט דער מומע סאָניא, וואָס איז געשלאָפן צוזאַמען מיט זיי אין
קינדער-צימער, האָט זי זיך אָנגעטאָן און אַף די שפּיץ פינגער אוועק
מיט די קאַלטע שטעגן צום פאָטערס קאַבינעט, ווו די פענצטער זייַ־
נען געווען צו דער גאַס. די טשערעדע איז נאָך ניט פאַרבייַגעגאַנגען.
זי האָט זיך אנידערגעזעצט אַפן פענצטער, אונטערגעבויגן אונ־

טער זיכ די פיס, אָנגעשפארט זיכ מיט איר בלאָנדנ ווערליק לויט איר עלטער צו גרויסנ קאָפּ אָנ בײַשטידל און לאנג געקוקט אפ דער לײדיקער גאס, אפ דעם גרויענ זײַל שטיבער אנטקעגנ, אפ דער ווײַבערשער אײַנגעהויקערטער פלייצע אינעם אנטקעגנאיבערדיקנ הויפ — די פויערטע האָט דאָרט געמאָלקנ די בעהיימע, — אפ די שפיצנ ביימער, וואָס זײַנענ געשטאנענ הינטער די שטיבער און עטוואָס געשאָקלט זיכ פונ לײַכטנ פרימאָרגעדיקנ ווינטל, אפ די ווײַטע, טונקעלע בערגלעכ, איבער וועלכע דער הימל האָט זיכ שוינ געראָזט. זי איז געזעסנ אומבאוועגלעכ צוקנדיק בלויז פונ צײַט צו צײַט מיט די ברעמענ, — ברעמענ האָט זי געהאט ברייטע און טונקעלע, ווי בא דער מוטער אירער, עטוואָס פאריסענע אינ דער הייכ, ווי זי וואָלט זיכ שטענדיק אפ עפּעס געכידעשט.

פונ אייניקע הויפנ האָבנ שוינ די פויערטעס גענומענ טרײַבנ די פי אפ דער גאס ארויס, די הענער האָבנ זיכ צעקרייט, דערנאָכ האָט זיכ פונדערווײַטנס דערטראָגנ אהער דער שוואכער קלאנג פונעמ פאסטעכס פײַפל, נאָר לענע האָט זיכ פונ אָרט ניט גערירט. דאָס פײַפל האָט געזונגענ אלצ העכער און העכער, אינ די קלאנגענ פונ פײַפל האָבנ זיכ ארײַנגעריסנ די אויסגעשרייענ פונ די פויערטעס, דאָס מרוקענ פונ די בעהיימעס, דער קנאק פינעמ בײַטש; אָט האָט זיכ אינ פענצטער באוויזנ א ברוינ־ווײַסער אָקס; ער שפאנט געלאסנ און מיט גרויסע טריט, נאָכ אימ אײַלנ די ערשטע בעהיימעס, נאָכ זיי האָט זיכ א שאָט געטאָנ פארבײַ דעמ פענצטער די גאנצע טשערעדע — רויטע, העלע, שווארצע, ברוינע, געפלעקטע בעהיימעס, זייערע הערנער גלאנצנ אינ די שטראלנ פונ דער אופגייענדיקער הינטער די בערגלעכ זונ, זיי מרוקענ, פאָכענ מיט די קעפּ און מיט די ווײדלענ און שפאנענ אינ פרימאָרגנ ארײַנ. הינטער דער טשערעדע גייט דער פאסטעכ אינ א הויכ היטל און דאָס קליינ פאסטעכל מיט דעמ שמוציקנ האלדז אינ שטײַפּ פארצויגענע פּאָסטעלעס. דאָס פאסטעכל איז געגאנגענ מיט א פארוואָרפענעמ קאָפּ און געשפּילט אפ זײַנ פײַפל. די וויִעס האָבנ בא לענענ א צאפל געטאָנ, זי האָט ווי פונ קעלט א צוק געטאָנ מיט אירע פלייצקעלעכ און איז ווידער פארגליווערט געוואָרנ.

די טשערעדע איז פארבײַ; דאָס פאסטעכל איז ניט געוואָרנ; פונ אנטקעגנאיבערדיקנ הויפ איז ארויס א בערדיקער פויער מיט א שטרוי

אינ קאָפּ און מיט א גענעצ א קוק געטאָנ אפנ הימל. דער קלאנג פונ פּײַפל האָט זיכ אלצ דערוויטערט און דערווײַטערט, ביז עס איז אינגאנצנ אנשוויגנ געוואָרנ, און לענע איז נאָכ אלצ געזעסנ א פארגליווערטע אפנ פענצטער, געקוקט מיט גאָרניט זעענדיקע, פארנעפּלדיקע אויגנ.

און אָט איז אופגעלעבט געוואָרנ די גאנצע שטוב. מע האָט שוינ אָפּגעגעסנ דעמ פרישטיק, קימאט ניט צוריִרנדיק זיכ צו אימ; עטלעכע מאָל איז שוינ לענע דורכגעגאנגענ אלע צימערנ, לאנג פארהאלטנ זיכ בא דער מוטערס פּאָרטרעט, וואָס האָט געקוקט אפ איר פונ דער וואנט אראָפּ מיטנ פארמאטערטנ פארומערטנ און רויִקנ בליק; אלע זאכנ אירע זײַנענ שוינ אײַנגעפּאקט אינ וואָגנ, ארומ וועלכנ עס פּאָרענ זיכ די שטוב־מענטשנ, וואָס באגלייטנ זי; אָט זײַנענ שוינ ארויסגעזאָגט געוואָרנ די לעצטע ווערטער, — עמעצנס פרעמדע שטארקע הענט כאפּנ לענענ און זעצנ זי אנידער אפנ וואָגנ לעבנ סאָפיא מיכײַלאָוונא; דער וואָגנ רירט זיכ, און לענע קוקט לאנג־לאנג אפ דער שטוב מיטנ הויכנ געשניצטנ גאנעקל, וואָס דערווײַטערט זיכ, אפנ קליינינקנ סעריאָזשענ, וואָס קוקט איר נאָכ מיט זײַנע מוטיקע שווארצע אייגעלעכ, אפנ פּאָנער, וואָס טרייסלט מיטנ קאָפּ אנ כאפּט זיכ אלע ווײַלע באמ בערדל...

5

אינ איינעמ א וואַרעמענ טונקעלנ אָוונט, אָנהייב סעפּטיאבער 1909 יאָר איז די קליינע לענע, אינ דער באגלייטונג פונ סאָפיא מיכײַלאָוונא און דעמ אלטנ גימער, וואָס איז געקומענ צומ וואָקזאל זיי באגעגענענ, אינ א ברישקעלע, אײַנגעשפּאנט אינ צוויי ווײַסע, דער גאנצער שטאָט באוווּסטע, גימערישע פערד, צוגעפאָרנ צומ פּאָרטאל פונעמ פּירשטאָקיקנ גימערישנ הויז.

די הויכע שויפענצטער אינעמ אונטערשטנ שטאָק זײַנענ שוואכ געווענ באלויכטנ. פונ הינטער די שפּיגל־פענצטער פונ קאפע, וואָס איז געווענ רעכטס פונעמ פּאָרטאל, האָט אפנ אספאלטענעמ טראָטואר און ברוק געשטראָמט העלע עלעקטרישע ליכט, און עס האָבנ זיכ געזעענ די מענטשנ, וואָס זײַנענ געזעסנ אינעווייניק בא די טישלעכ מיט בלומענ, צווישנ די קינסטלעכע פּאלמעס. לינקס פונעמ פּאָרטאל האָט זיכ געשווארצט א טונקעלער אײַנפאָר אינ הויפ ארײַנ;

סמעצער האָט געבראַזגעט מיט די שליסלען, הילכיק און דומפּיק, ווי אין א ליידיקער פאס, געהוסט און געעפנט דעם אייַזערנעם טויער.

פון ביידע זייַטן האָט זיך געצויגן א ברייטע גאס, געדעקט מיט גלאַנציקן אספאַלט, מיט צוויי רייען לאַמטערנס בא די זייַטן; איבער דער גאס האָבן זיך געטראָגן דראָזשקעס, האָבן זיך געיאָגט מיט קלונג וועלאָסיפּעדיסטן; אפּ די טראָטוארן האָבן געשפּאנט פוסגייער, שפּאַצירט פּאָרלעך; די גאס איז געווען פול מיט קלאַנגען, געברום, גערויש פון טריט. פון דער רעכטער זייַט גאס, וואָס האָט זיך געצויגן אראָפּ ביז צום סאמע האַפן, וואָס האָט הייַנט געשייַנט מיט די פייַערן פון די שיפן און פּאָרט-געבייַדעס, האָט זיך געטונקלט א גרויסער סאָד; אין סאָד האָט געשפּילט א בלאָז-אָרקעסטער; ערגעץ הינטערן סאָד האָט עפּעס די גאנצע צייַט געקרעכצט, געסאָפּעט, געבראַזגעט.

— אָט זייַנען מיר געקומען...

דער אלטער גימער האָט א טראָט געטאָן אפן טרעפּל פון דער בריטשקעלע אזוי, אז די רעסאָרן האָבן אזש א קרעכץ געטאָן.

— אנו, לאָמיר נאָר זען, ווי מ'האָט זיך אין דער היים געפּאשעס!..

און ער האָט אומגעלומפּערט א כאַפּ געטאָן אונטער די אָרעמס לענען, וועלכע איז צעטומלט געווען פונעם שטאָטישן גערויש, פון די סאך מענטשן און פייַערן, און ארויסגעשלעפּט זי פון דער בריטשקע.

— גיב די האנט! סאָנעטשקע... מאָרגן פונקט צו צען, אנדריי, — האָט ער א זאָג געטאָן צום פורמאַן.

ער האָט זיך בייַז א קרים געטאָן אפן אלטעטשקן טשינאָווניקל מיט דער גרופּע יונגעלייַט און פרייַלנס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַם פּאָרטאַל א קוק טאָן אפן גוויר, א בלאָז געטאָן זיך, דורכגעלאָזט סאָפיא מיכייַלאָוונא, וואָס האָט לענען געפירט בא דער האנט, און איז מיט שווערע טריט אריַין אין שטוב.

ער האָט א שטעק געטאָן א פּאָר מאַטבייעס דעם שווייצאר, וואָס האָט זיי באגריסט מיטן בעשאָלעמדיקן אָנקומען אהיים, פּלוצים אָפּגעשטעלט זיך, ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, אָקסיש אָנגעשטעלט דעם קאָפּ, א קוק געטאָן אפן שווייצאר. א פריילעכע שייַן האָט א פינקל געטאָן אין זייַנע אויגן, נאָר ווייַזט אויס, אז דאָס, אָן וואָס ער האָט זיך איצט דערמאָנט, האָט ער אין דער אָנוועזנהייַט פונעם

שווייצאר ניט געוואָלט דערציילן און ער האָט א שוויַיגנדיקער זיך אופגעהויבן אפ די טרעפּ.

— יאָ, איך האָב דיר פארגעסן דערציילן, סאָנעטשקע, — האָט ער א זאָג געטאָן מיט א שטיפעריש נאָטקעלע אין דער שטים, — ציוצען, דיַין ליבלינג, האָט מען היַינט אין דער שול אָנגענעריקט די ביינער.

— אך, וואָס רעדסטו! — האָט סאָפיא מיכיַילאָוונא אָפּגעלאָזט לענעס האנט, אויסגעשריִען און געמאכט א פּאָר דערשראָקענע אויגן.

— אָן שאָדן, א פּאָר בייַלן בלויז. א געוויינלעכער ייִנגלשער געשלעג. איך האָב דיר נאָר געוואָלט דערציילן עס, אז דו זאָלסט זיך ניט דערשרעקן, ווען דו וועסט אים דערזען א פאַרבונדענעם.

— ווי קאָנסטו עס אזוי רויִק ריידן, סימאָן! (גימערס פּראוואָ־סלאַוונער נאָמען איז געווען סעמיאָן, אָבער דער דאָזיקער נאָמען איז ניט געפעלן געוואָרן סאָפיא מיכיַילאָוונאן, און זי האָט שטענ־דיק גערופן דעם מאן אירן — סימאָן) — ווי קאָנסטו עס אזוי רויִק ריידן! אך, אָרעמינקער ציוציניקע!.. ווער האָט עס אים אזוי?..

— איינער פון דיַינע וויכאָוואניקעס, איך געדענק ניט די פאמיליע...

גימער האָט זיך פריילעך א קרים געטאָן: סאָפיא מיכיַילאָוונא איז געווען פאַרזיצערן פון א ווילטעטיקער געזעלשאפט אפ צו העלפן אָרעמע קינדער זיך לערנען; די אלע שילער — סטיפענדיִאטן פון אָט דער געזעלשאפט האָט עס געהאלטן פאר אירע וויכאָוואניקעס.

— ווער־זשע האָט עס געטאָן, דו געדענקסט ניט?

— נו, אָט יענער, וועמעס פעטער איז שווייצאר אין דער שול.

— איך האָף, אז ער איז באשטראָפט געוואָרן, דער דאָזיקער ייִנגל?

— צום באדויערן, באשטראָפט: מע האָט אים אויסגעשלאָסן פון דער שול.

— ווי קאָנסטו עס גאָר ריידן אין אזא טאָן, סימאָן?

סאָפיא מיכיַילאָוונא האָט א כאפ געטאָן די שלעפ פון איר לאנ־גער קלייד, לויט דער דעמלטיקער מאָדע, און פלינק זיך אופגעהויבן אפ די טרעפּ.

— א גאנצן טאָג האָט אים עדיטא אדאָלפאָוונא געהאלטן אין איין צולייגן די נאסע באנדאזשן צו די בייַלן, — האָט גימער פריילעך גערעדט, קוּ'מ אָניאָגנדיק זי, — און איידער איך בין געפאָרן אייַך באגעגענען, גיי איך אריַין צום זונדל מעוואקער כוילע זיַין און זע:

אויפֿזינע מאכט אים צורעכט דעם געלעגער און ער שלעפּט זי פֿאַרן קליידל, און זי רײַסט זיך פֿון אים...

און דער אַלטער גימער האָט זיך וווילינגעריש אַ קרים געטאָן און פּלוצלינג גענומען דערלאַנגען אַזעלכע קלאַנגען, ווי אין האַלדז וואָלט בא אים געבליבן שטעקן אַ פֿיש־ביין. דאָס איז געווען אַזאַ גע־לעכטערל בא אים.

סאָפֿיאַ מיכײַלאָוונאַ האָט שטרענג צונויפֿגעשנורעוועט די ליפּן און אַ ווונק געטאָן אין לענעס זײַט.

— הײַנט ווי ער איז רויט געוואָרן! רויט געוואָרן! — האָט זיך געשטיקט מיט זײַן פֿיש־ביין גימער.

— סימאָן!

סאָפֿיאַ מיכײַלאָוונאַ האָט אײַליק אַ דריק געטאָן דעם קנעפּל פֿונעם עלעקטרישן גלעקל.

אַ ריזיקער, פֿאַטלאַטער סען־בערנאַר מיט טונקל־געלע פֿלעקן אויף דער פֿעל איז געלעגן אין פֿירהויז. ער איז געווען אַזוי דיק און אַלט, אַז ער האָט זיך אַפֿילו ניט אויפֿגעהויבן, ווען די באַלעבאַטים זײַנען אַרײַן אין שטוב. ער האָט בלויז געעפֿנט די אויגן און וואַכנע אַ שאָקל געטאָן מיטן ווײדל.

צוויי געלינקע לאַנגנעזיקע מיידעלעך, ענלעך איינע אויף דער אַנ־דערער און ביידע — אויף גימערן, איינע — מיט לענען אין די זעלבע יאָרן און די צווייטע עטוואָס עלטער, זײַנען אַרײַנגעלאָפֿן אין פֿיר־הויז מיט אַ געשריי: — „די מאַמע איז געקומען! די מאַמע איז גע־קומען!“ ווען זיי האָבן דערזען לענען, האָבן זיי זיך נאָר אויף אַ ווײַלע פֿאַרהאַקט, דערנאָך האָבן זיי זי דערקענט, אָבער, ניט וויסנדיק וואָס דאַרפֿן זיי איצט טאָן, האָבן זיי זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן צו דער מוטער, געכאַפּט זי פֿאַר די הענט און געטאַנצט אַרום איר.

— וואָס איז מיט ציוציען? — האָט סאָפֿיאַ מיכײַלאָוונאַ אַ פֿרעג געטאָן. — אָרעם קינד! איך גיי גלײַך, גלײַך גיי איך צו אים.. ליזע, אַדאָטשקע! שפּילט זיך דערווײַל מיט לענעטשקען, איך וועל אײַך דערנאָכדעם אַלץ דערציילן...

און שלעפּנדיק נאָך זיך די לאַנגע שלעפּ פֿון איר קלייד, איז זי פֿלינק אַוועק אין די צימערן.

— דאָס איז — לענעטשקע, קינדער. איר האָט זי דערקענט? — האָט געפֿרעגט דער אַלטער גימער, אַרויסבאַגלייטנדיק די קינדער לויט

דער רײ נאָך אין עסצימער אַרײַן. — איר געדענקט, זי איז געווען בא אונדז מיט דער מומע אַניע? די מומע אַניע איז איצט געשטאָרבן און לענעטשקע וועט שוין שטענדיק זײַן בא אונדז. איר וועט זיך, פאַרשטייט זיך, באַפרײַנדן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, אָקסיש אָנגעשטעלט דעם קאָפּ, אַ סאָפּע געטאָן, קוקנדיק מיט אַ ווירדיקן ערנסט אַף די קינדער.

ליזע און אַנאָטשקע האָבן זיך גענומען פאַר די הענט, צירלעכמאַנירלעך אַ קוועטש געטאָן מיט די פלייצקעס, אַ טרייסל געטאָן מיט די געלע קעפּלעך, וואָס זײַנען באַפּוצט געווען מיט אײנע און די זעלבע בלויע לענטעס, מיט נײַגיר געקוקט אַף דער פרעמדער, גרויסקעפּיקער און גרויסויגיקער מיידעלע, וואָס האָט צעשטעלט די פיסלעך אין די שוואַרצע זעקעלעך, אַראָפּגעלאָזט אַפן קליידל די דינע הענטלעך און אַ פאַרלאָרענע געשטאַנען בא דער טיר פון אַ גרויסן צימער, וואָס איז העל באַגאָסן געווען מיט ליכט. דער דאָזיקער צימער איז לענען געווען גוט באַקאַנט, נאָך ווי קימאַט מיט אַ דרײַ יאָר צוריק, אַזוי אויך איצט האָט זיך לענע געכידעשט אַף די הויכע, בלויע אין די ווינקלען, אַף די טעלער מיט די אָנגעמאָלטע אַף זיי כינעזישע עגדעשן, מיט וועלכע קיינער ווייסט ניט צוליב וואָס זײַנען די ווענט באַהאַנגען געווען.

— פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז סורקאָווס אַרבעט, — האָט סאָפיאַ מיכײַלאָווּנאַ אַ זאָג געטאָן, ווען זי איז אין עסצימער אַרײַן. ס'אַראַ בײַל ער האָט אים אָנגעזעצט אונטערן אויג! דאָס איז ניט קיין יינגל, נאָר פּאָשעט עפּעס אַ כײַע...

— קיין שום אויסערגעוויינלעכעס זע איך ניט דערין, וואָס יינגלעך שלאָגן זיך צווישן זיך, — האָט קאַלט אַ זאָג געטאָן דער אַלטער גיימער, אומדרייענדיק זיך מיט זײַן גאַנצן גוף צו סאָפיאַ מיכײַלאָווּנאַ. — און טרויעריק איז ניט דאָס, וואָס ער האָט אַ בײַל אונטערן אויג, נאָר דאָס, וואָס ער וואַקסט אַ געזונטער און קאַפּריזנער באַכערעץ, וואָס האַלט, אַז וויבאַלד ער איז גימערס אַ זון, מעג ער אַלץ אין דער וועלט און דערבײַ קאָן ער זיך אַפילע אַליין ניט באַשיצן. אָט דאָס איז טרויעריק!..

ער האָט בייז אַ שמאָרע געטאָן מיט דער נאָז און, שווערטרעטנדיק מיט זײַנע ברייטע בערישע טריט, אַוועק צו זיך אין קאַבינעט.

סאָפיא מיכײַלאָוונאס אויגן און ליפּן האָבן געמאכט א באליי-
דיקטן אויסדרוק. א ווײַלע איז זי געשטאַנען א שווײַגנדיקע אין־
מיטן צימער.

— מאדאם, לייגן די קינדער שלאָפן? — האָט א פרעג געטאָן א
מיידל אין א ווײַסן פארטעך, וואָס האָט זיך אין דער טיר באוויזן.

— און ווי האלט איר, מײַן ליבע, מע קאָן די קינדער לייגן
שלאָפן אָן אָוונטברויט? — איז סאָפיא מיכײַלאָוונא פּלוצעם בייז גע-
וואָרן און אָנגעצונדן זיך. — אָדער איר מיינט, אז פון וועג קאָן דאָס
קינד גיין שלאָפן אָן א וואנע? איר, מײַנע ליבע, אויב איר זײַט
געקומען דינען און אויב איר באקומט דערפאר געהאלט, איז זײַט
אזוי גוט דינען ווי עס באדארף צו זײַן!.. זאָגט דאשען, אז זי זאָל
דערלאנגען אָוונטברויט און איר גייט און מאכט פארטיק א וואנע!..

לענע איז מיט פארכידעשטע אופגעצוקטע ברעמען א שווײַגנדיקע
און פארלאָרענע געשטאנען אין דער טיר מיט אראָפּגעלאָזטע אפּן
קליידל דינע הענטלעך.

6

לויט איר דאָרפישער געוווינהייט האָט זיך לענע אופגעכאפּט פון
שלאָף זייער פרי, ווען אלע אין שטוב זײַנען נאָך געשלאָפן. צוליב
די שווערע פאָרהאנגען אף די פענצטער האָט די פרימאָרגן-ליכט
שוואך דורכגעשײַנט. אין קינדער-צימער איז געווען האלב־טונקל. ליזע
און אנעטשקע זײַנען געשלאָפן אף זייערע בעטלעך. א פאס ליכט
האָט שוואך באלויכטן די שפּילצײַג אין ווינקל: א קינדערשע פּליטע,
א ריזיקע ליאלקע און אן אומגעהייערע גרויסע קאַץ אף רעדלעך
און מיט גרויסע אויגן.

לענע האָט זיך אײַנגעקוקט, צי האָט מען ניט געבראכט איר
קליידל, אין וועלכע זי איז געקומען צופאָרן פון דאָרף, — זי האָט
עס נעכטן איבערגעלאָזט אין באָד־צימער, — נאָר דאָס קליידל האָט
זיך ניט געזען. אפן שטול, לעבן בעט, איז געלעגן גלאט צונויפ־
געלייגט געהעפטע וועש און אפן ווענטל פון שטול איז געהאנגען
א ווײַס קליידל — פונקט אזא, אין וועלכע ליזע און אנעטשקע זײַנען
נעכטן ארויסגעלאָפן זיי באגעגענען. ווײַסע טופעלעך זײַנען געשטא-
נען לעבן שטול.

לענע האָט פון א זײַט א קוק געטאָן אף די שלאָפנדיקע מיי־

דעלעכ, צוגעזעצט זיכ אינ בעט אונ א טאפ געטאָן די וועש מיט די פינגער. די וועש זײַנענ געווענ ריינע, גוט אויסגעפּרעסט אונ האָבנ גוט געשמעקט; דאָס קליידל איז אויכ געפעלנ געוואָרנ לענענ. אָבער זי האָט דאָכ ניט געקאָנט פארגעסנ, אז דאָס אלטע קליידל האָט איר אופגענייט די מאמע מיט אירע אייגענע הענט אונ, אָפּ־זיפצנדיק, האָט זיכ לענע צוריק אוועקגעלייגט. אזוי איז זי אָפּגע־לעגנ א היפּשע שטיקל צײַט, דערמאָנענדיק זיכ אָנ עפּעס, אָדער טראכטנדיק וועגנ עפּעס, אָדער באקוקנדיק ווידעראמאָל דעמ צימער, די שפּילצײַג אינ ווינקל... ניינ, די קאצ געפעלט איר ניט, אָבער די ליאלקע איז א פײַנע — אונ, פארשטייט זיכ, ס׳איז אינטערעסאנט צו האָבנ אזא פּליטע.

דערנאָכ האָט זי דערהערט עמעצנס טריט אינ די שכיינעשע צי־מערנ, געהערט, ווי עס האָבנ זיכ פאָרזיכטיק געעפנט אונ פארמאכט טירנ. זי האָט ווידער פונ א זײַט א קוק געטאָן אפ די שלאָפנדיקע ליזע אונ אנעטשקע, אָנגעטאָן די וועש, דאָס ווײַסע קליידל אונ די טופעלעכ, פלינק ארײַנגעפלאָכטנ א לענטע צו זיכ אינ גרויסנ, העלנ קאָפּ אונ ארויסגעשלײַכט זיכ פונ קינדער־צימער. דורכגייענדיק א גאנצע ריי האלב־טונקעלע צימערנ, וואָס זײַנענ פול אָנגעשטעלט געווענ מיט פארשיידנארטיקנ מעבל אונ באהאנגענ מיט בילדער, האָט זי אנ עפנ געטאָן די טיר פונ עסצימער אונ פארזשמורעט די אויגנ: דער עס־צימער איז פול באגאָסנ געווענ מיט דער שײַנ פונ דער פרימאָרגנ־זונ; די ליכט האָט פריילעכ געשפּילט אפ די בלויע וואזעס אונ אפ די טעלער מיט די כינעזישע עגדעשנ.

פונ פאָדערצימער,—די טיר, וואָס האָט געפירט אהינ, איז געווענ אָפנ,— האָט זיכ דערטראָגנ אהער א פארלישעטער געשפּרעכ: דאָרט האָבנ זיכ געזוענ מענטשנ. לענע האָט אָנ דער פלייצע דערקענט דאָס שטובמיידל אוליאשע, יענע, אפ וועלכער סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט נעכטנ אָנגעשריִענ. אוליאשע האָט גערעדט מיט עפּעס א דיקער פרוי; לעבנ זיי האָט זיכ געטונקלט די פיגור פונ א יונגלינג. די פרוי האָט, ווײַזט אויס, געבעטנ עפּעס אוליאשענ אונ אוליאשע האָט איר דעריינ אָפּגעזאָגט.

— נו, וויבאלד אזוי, איז זעצט זיכ צו דאָ אינ פאָדערצימער,— האָט סאָפּקאָלסאָפ אוליאשע נאָכגעגעבנ.—דער הער וועט באלד ארויס. אָבער זיצט שטילינקע...

אוליאשע האָט פארמאכט הינטער זיכ די טיר, אוועק צוריק אינ עסצימער אונ, דערזעענדיק דאָרט לענענ, האָט זי פריילעכ א שמייכל געטאָנ צו איר:

— ווי פרי איר זייט אופגעשטאנענ, פריילנ! — האָט זי מיט א שעפטשענדיקנ קאָל א זאָג געטאָנ. — ס'וועט אייכ לאנגווייליק ווערנ, אויב אירט זיכ אזוי פרי אופהייבנ. בא אונדז שטייט אופ אזוי פרי נאָר דער הער אונדזערער...

— ווער איז עס דאָרטנ? — האָט לענע אָנגעוויזנ אפ דער טיר אונ אויכ שעפטשענדיק א פרעג געטאָנ.

— די סורקאָווס זיינענ עס, די מאמע מיטנ זונ, — האָט אוליאשע געגעבנ צו דערקלערנ. — די מאמעשי איז געקומענ בעטנ פארנ זונדל, מע זאָל אימ צוריק אינ דער שול אָננעמענ... אונ דאָס זונדל אירער איז א געזונטער באָכערצ! — אוליאנע האָט א כיכיקע געטאָנ — ער האָט עס נעכטנ אונדזער יונגנ הער א שמיר געטאָנ! אזא מינ באָכער דארפ שיפנ אויסלאָדנ אינ, נית אינ שול גיינ, — האָט זי לאכנדיק גערעדט צו לענענ.

— פארוואָס האָט ער עס אימ אזוי דערלאנגט? — האָט זיכ לענע נאָכגעפרעגט אונ ערנסט געקוקט אפ איר.

— ווער ווייס אימ דאָרטנ. גלאט אזוי... עמעצער קאָנ דענ וויסנ פארוואָס יינגלעכ שלאָגנ זיכ?

די גאנצע צייט, ווענ די שטוב האָט זיכ פונ שלאָפ אופגעכאפט, אָנגעטאָנ זיכ, איינגעוואשנ, געריינִיקט זיכ, צוגעקליבנ זיכ, האָט לענע געהאלטנ אינ איינ לויפנ אינ עסצימער, אינ איינ עפענענ די טיר, וואָס האָט געפירט אינ פאָדערצימער, אונ דורכ דער שפארונקעלע אינ איינ קוקנ — צי עס זיצט נאָכ די מאמע מיטנ זונ, — די סורקאָווס.

יאָ, זיי זיינענ געזעסנ, איינער לעבנ אנדערנ: די מאמע, א דיקע, אינ א נייער פארביקער, בלימלדיקע קלייד אונ אינ ווייסע באוולנע זאָקנ, — מיט א צעשראָקענעמ אונ שעמעוודיקנ אויסדרוק אפנ פאָנעמ, האכנאָעדיק צוגויפגעלייגט די הענט אפנ בויכ, דער זונ, א יינגל פונ א יאָר דרייצנ־פערצנ, א ברייטפלייציקער אונ שארפווינקלדיקער, — אָנגעשפארט מיט די עלנבויגנס אָנ די קני אונ פארשטעקט אינ די גרויסע רויטע דלאָניעס דאָס פינצטערע אונ בייזע פאָנעמ. ער איז געווענ אָנגעטאָנ אינ אנ אָפגעטראָגענער פונ „טשאָרטאָוויער קאָושע“ אופגנייטער אוניפאָרמ פונ א שילער פונ דער קאָמערצ־שול, אונ

די ריזיקע מערקוריעס אפנ קאָלנער, וואָס האָבנ אוש די האלדז אונטערגעשפּארט, האָבנ זיכ אײַנגעביסנ אינ די גראָבע פינגער פונ זײַנע הענט.

דערנאָכ איז געקומענ ליזע מיט אדעטשקענ, אָנגעטאָנ אינ טונקל־גרינע מיט ווײַסע קעלנערלעכ גימנאזיע־קליידלעכ אונ האָבנ זיכ אויכ גענומענ אונטערקוקנ. לענע האָט ניט באמערקט, ווי דאָס אונטערקוקנ איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א שפּיל. אלע דרײַ איז פּלוצלינג געוואָרנ זייער פריילעכ. זיי האָבנ זיכ גאנצ הויכ געשושקעט אונ געלאכט אונ פארקוועטשט די מײַלער מיט די דלאָניעלעכ. איינמאָל האָט זיכ אדעטשקע אזוי אָנגעשפּארט אָנ דער טיר, אז די טיר האָט זיכ שיר איינגאנצנ ניט צעעפנט אונ אדעטשקע איז שיר ניט אומגעפאלנ,— אלע דרײַ האָבנ מיטאמאָל אויסגעשאָסנ א געלעכטער.

סורקאָוו האָט זיכ קיינ ריר ניט געטאָנ. ער איז נאָכ אלצ געזעסנ מיטנ קאָפּ פארשטעקט אינ די דלאָניעס, אונ די מוטער זײַנע האָט זיכ א דערשראָקענע אומגעדרייט צו דער טיר, א באוועג געטאָנ מיט די הענט אונ נעבעכדיק א שמייכל געטאָנ.

לענע האָט אופגעהערט לאכנ,— זי איז איצט געשטאנענ איינע אליינ אינ דער צעעפנטער טיר,—ברייט צעעפנט די אויגנ, אופגעצוקט די ברעמענ אונ עטלעכע ווײַלעס געקוקט סורקאָווס מוטער אינ די אויגנ ארײַנ. אינ דער זעלבער צײַט האָט זיכ אינ פּאָדערצימער געעפנט א צווייטע טיר, דאָרט האָט זיכ באוויזנ אוליאשע.

— ביטע,— האָט זי פריילעכ א זאָג געטאָנ.

סורקאָווס מוטער האָט זיכ א הייב געטאָנ, מיט א צעטומלטער אײַליקײַט האָט זי זיכ גענומענ פארגלײַכנ די קלייד אפּ זיכ אונ די האָר. דער זונ, ניט א קיק טוענדיק אינ לענעס זײַט, אונטערהינקענדיק, איז דער ערשטער ארײַנ אינ גימערס קאבינעט.

א קליינע ווײַלע איז נאָכ לענע געשטאנענ אינ דער טיר. אונ פּלוצלינג איז זי איינגאנצנ רויט געוואָרנ פונ בושע — דאָס פּאָנעם, די אויערנ, די האלדז האָבנ געפלאמט. זי האָט הויכ אופגעהויבנ איר קאָפּ אונ מיט א פארשלאָסענעם אונ פארגליווערטנ מויל פארבײַגעגאנגענ פארבײַ ליזענ אונ אדעטשקענ, וואָס האָבנ מיט כידעש באגלייט זי מיט די אויגנ.

באם פרישטיק האָט זיכ לענע דערוווּסט, אז דער אלטער גימער, וואָס איז געווענ א מיטגליד פונ קוראטאָריום־ראט פונ דער קאָמערצ־

שול, האָט באפרידיקט די באקאָשע פון די סורקאָווס און געגעבן זיי א בריוו צום דירעקטער, ווו ער האָט ארויסגעזאָגט זײַן מיינונג, אז פיאָטער סורקאָוו איז שוין גענוג באשטראָפט פאר זײַן שלעכטן טאט און קאָן צוריק אופגעשטעלט ווערן אין זײַנע רעכט אלס שילער.

7

נאָכן פרישטיק איז ליזע מיט אדעטשקען אוועק אין גימנאזיע. צו צען אזייגער איז אוועקגעפאָרן אין קאָנטאָר דער אלטער גימער.

לענע האָט אלץ געוואַרט, אז וויבאלד מע האָט זי געבראכט אהער, וועט זיך עמעצער מיט איר פארנעמען, אָדער וועט איר ווײַזן וואָס זי דארף טאָן, אָבער קיינער האָט איר גאָרנישט ניט געוויזן און זי האָט זיך לאנגווײַליק ארומגעשליאָנדרעוועט אין עסצימער.

צו עלף אזייגער איז ארויס צום פרישטיק טאטאָטשקע אין א לאנגן מאָכנאטן שלאָפראָק און טופל. טאטאָטשקע איז שטארק אויסגעוואקסן און דיק געוואָרן, עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן בא אים באווײַזן א פליך. ווען ער האָט דערזען לענען, האָט ער עטלעכע ווײַלע געקוקט אף איר מיט זײַן ניט אופמערקזאמען בליק.

— וואָס איז עס פאר אן עקזעמפליאר? — האָט ער א זאָג געטאָן ווי אין דער לופט ארײַן און גלײַך פארגעסן אָן איר.

לענע האָט מיט כידעש א קוק געטאָן אף אים און, ניט באנעמענדיק, וואָס ער האָט געזאָגט און צו וואָס ער האָט עס געזאָגט, האָט זי זיך ניט באליידיקט אף אים.

אָבער אויסערסט איבעראשט איז זי געוואָרן, ווען זי האָט דערזען ווי טאטאָטשקע האָט אויסגעשפרייט אנטקעגן זיך די צײַטונגען מיט די זשורנאלן, פון א זײַט ארײַנגעקוקט אין זיי, אופגעשניטן אין דער לענג א פראנצויזישע בולקע, אָנגעשמירט מיט פוטער, ארופגעלייגט דערויף קאוויאר און אופגעגעסן די גאנצע בולקע מיטאמאָל מיט צוויי גלאָז קאווע נאָך דערצו. דערנאָך האָט ער אופגעשניטן א צווייטע בולקע, ווידער אָנגעשמירט מיט פוטער, ארופגעלייגט קעז און ווידער אופגעגעסן עס מיט נאָך צוויי גלאָז קאווע דערצו.

טאטאָטשקע האָט מיט צוויי יאָר צוריק געענדיקט די גימנאזיע. נאָך אין דער גימנאזיע האָט ער זיך אָנגעהויבן פארנעמען מיט מאָלערײַ, און ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער געוואָלט אָנקומען אין דער קונסט-אקאדעמיע. אָבער אין דער אקאדעמיע האָט מען אים ניט

אָנגענומען, מעלדנדיק אים, אַז צו מאָלעריַי האָט ער לאַכלוטן קיינע שום פייִקייַט ניט. טאַטאָטשקע האָט זיך אַפּ דער אקאַדעמיע ניט באַליידיקט, מאַכמעס וואָס אַנדערש האָט מען געקאָנט דערוואַרטן פון אָט די פאַרקאָנסערווירטע פאָרשטייער פון די אַלטע קונסט־ריכטונגען?

ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, האָט ער זיך גענומען דערלערנען די נייַסטע פילאָסאָפיע, אויסקלייַבנדיק דערבייַ די סאַמע מאָדערנסטע שיטעס. און מאָלן מיט אייל-פאַרבן עפּעס מאָדנע לאַנגע פּענעמער און ביימער און אומגעלומפּערטע קאָלירן און אויס־טערלישע קאָמפּאָזיציעס.

ער האָט אַפילו אַרויסגעלאָזט אַ ביכל לידער, וועלכע ער אַליין האָט אין פאָרוואָרט כאַראַקטעריזירט אַלס, „האַלב-היצרייד, האַלב־ווירקלעכקייַט, האַלב־סאָד, האַלב-טרוים, היץ פון איבערפליסיקער לייַדנשאַפט און פאַרשיקערטקייַט פונעם געבוירנוואַרנדיקן לעבן, ברויז און צאַרטקייַט, קראַפט און מאַכטלאָזיקייַט — ניט באַנעמבאַרע, אָבער ווירקלעכע, מאָדנע אָבער אויסערצווייפלדיקע מיסטיק פון געבורט, וואָס קרייַזט דעם געדאַנק און דריקט צונויף דאָס האַרץ“...

„ס'איז אויסערגעוויינלעכע שטילקייַט — האָט ער געשריבן וועגן זייַנע אייגענע לידער, — ס'איז פילבאַרע שלעפערישקייַט. פול־קאָלירטע, פייַערלעך-פלאַמענדיקע מיטן פלאַם פון דער בלויקייַט...“

טאַטאָטשקעס ביכעלע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַפּ די מיטלענ פון פאָטער אין אַ פּרעכטיקן אייַנבונד, אין צוועלף נומערירטע נאָ־מענטלעכע עקזעמפּלאַרן, — זיי זייַנען צעטיילט געוואָרן נאָר צווישן די, וואָס פאַרשטייען אַזוינס. אַרום טאַטאָטשקען האָט זיך געשאַפן אַ קרייַזל, וואָס האָט זיך באַצויגן מיט דער העכסטער פאַראַכטונג צו יעדער מין מענטשלעכער טעטיקייַט אויסער דער, מיט וועלכער זיי אַליין האָבן זיך פאַרנומען.

טאַטאָטשקע פלעגט אופשטיין ניט פריִער פון עלף אַזייגער אין־דערפרי און גוט פרישטיקן. נאָכן פרישטיק פלעגט ער אַ צוויי—דרייַ שאָ זיך פאַרנעמען מיט מאָלעריַי אָדער לייענען, אָדער שרייַבן לידער. נאָך איידער טאַטאָטשקע איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, זייַנען שוין דערנעבן אַפּ אַ טישל געשטאַנען צוויי אָפענע קעסטלעך מיט יאַפּאָנישע מאַנדאַרינקעס און מאַראַנצן. בייס דער אַרבעט פלעגט טאַטאָטשקע, זייַענדיק שטאַרק פאַרנומען, אַ שטעק טאָן זייַן ווייַסע

דיקלעכע האנט אין קעסטל אריין, — און צום סאָף פון דער ארבעט פלעגן געוויינלעך ביידע קעסטלעך בלייבן ליידיק.

ווען ס'פלעגט קומען צו אים עמעצער פון זיין קרייזל, פלעגט טאטאָטשקע עסן מיטיק באזונדער, ניט מיט דער גאנצער מישפּאָכע בא איין טיש. נאָך מיטיק איז ער געשלאָפן. דערנאָך האָט ער א ביסל שפּאצירט, און, אינאָווונט איז ער מיט עמעצן פון זיין קרייזל געגאנגען אין טעאטער, אָדער אפ א קאָנצערט, אָדער אפ א דיספּוט, אָדער אפ א ליטעראַרישן געריכט, וואָס פלעגן באזונדערס אָפט איינגעאָרדנט ווערן אין דער פרויען־גימנאזיע. אהיים פלעגט ער זיך צוריקקערן שפּעט באנאכט.

אין מעשעך פון טאָג פלעגט זיך טאטאָטשקע פיר מאָל איבער־טאָן. אויסהאלטן טאטאָטשקען האָט דעם אלטן גימערן געקאָסט טייערער איידער אויסהאלטן אלע איבעריקע קינדער צוזאמען גענומען. אָבער ארום טאטאָטשקען איז אין שטוב געשאפן געוואָרן אן אטמאָספער פון נאָכגיביקייט, אכטונג און שטאָלץ: „שטילער, טאטאָטשקע שלאָפט", „אך, שטילער, טאטאָטשקע ארבעט", „טאטאָטשקע דארף געלט", „צו טאטאָטשקען קאָן מען איצט ניט — בא אים איז דער שניידער".

וואָס מערער טאטאָטשקע איז געוואָקסן, אלץ גרעסער איז בא אים דער פליך געוואָרן, אלץ דיקער איז ער געוואָרן, אלץ ווייניקער האָט ער געלייענט און אלץ ווייניקער האָט ער זיך פארנומען מיט מאָלעריי. אויב ער איז ניט געגאנגען אין טעאטער אָדער אפ א קאָנצערט, איז ער פּאָשעט געזעסן אינמיטן צימער אין שטול. אין זיינע הענט האָט זיך ניט געזען קיין בוך, ניט די פּאליטרע, אין די אויגן און אפן שטערן האָט זיך ניט געזען קיין שום סימען פון געדאנק־ארבעט, אפילע די פּראָצעסן פון שפּייז־פארדייונג האָבן זיך ניט אָפּגעשפּיגלט אפ זיין פּאָנעם, אָבער ער איז אויך ניט געשלאָפן, — ער האָט זיך פּאָשעט געפונען אין צימער, ווי יעדער אנדערער כייפעץ.

נאָך צו דעם מאָמענט, ווען לענע איז געקומען פון דאָרף, איז נאָך טאטאָטשקע געווען אין פולן אופבלי פון זיין טעטיקייט.

ער האָט נאָך ניט באוויזן צו פארענדיקן זיין פרישטיק, ווי אין עסצימער האָט זיך אריינגעוואלגערט א קאָמפּאניע יונגעלייט אין ווייסע הויזן מיט א דארער שפּיץ־נאָזיקער מויד אין א לאנגער

שווארצעד קלייד מיט שווארצע הענטשקעס ביז אריבער די עלנבויגנס.

— וויטאלי איז, פארשטייט זיך, נאָרוואָס אופגעשטאנענ! האָט איינער פונ די יונגעלייַט אויסגעשריִענ.

— פארוואָס זייַט איר נעכטנ ניט געווענ בא די סאָלאָדאָווניקאָווס? — האָט א פרעג געטאָנ די מויד אינ די שווארצע הענטשקעס. — איך האָב געווארט אפ אייַך. עס איז געווענ שרעקלעך פרייַלעך. מיר האָבנ דאָרט געבושעוועט, — האָט זי געגראגערט מיט איר הילצערנער שטימ.

זיי האָבנ היימיש געפלאפלט וועגנ זייערע איניאָנימ. דערנאָך איז דער געשפרעך אריבער אפ דער טעמע וועגנ טאטאָטשקעס נייַבילד, פאר וועלכנ ער האָט שוינ אָנגעגרייט לייַוונט, אונ אלע זייַנענ אוועק אינ טאטאָטשקעס צימער.

צו איינס אזייגער האָט זיך צום טיש באוויזנ סאָפיא מיכייַלאָוונא. זי איז געווענ אָנגעטאָנ אינ א בלויער יאפאָנישער קימאָנאָ, וואָס איז אויסגענייט געווענ מיט זייַדנס. זי האָט זיך באקלאָגט, אז זי איז שלעכט געשלאָפנ אונ אז זי לייַדט אפ קאָפווייטעק, אָבער אויסגעזענ האָט זי פרישער אונ יינגער איידער אינ וועג. לענע האָט ניט גלייַך באמערקט, אז די קנייטשנ אפ סאָפיא מיכייַלאָוונאס פאָנעמ זייַנענ גוט פארשמירט מיט קרעמ אונ פארשאָטנ מיט פודער, אונ די ברעמענ מיט די וויִעס זייַנענ אונטערגעפארבט: סאָפיא מיכייַלאָוונא האָט געהאט יענע קאָסמעטישע מאָס פאר אירע יאָרנ, וואָס האָט איר געגעבנ די מעגלעכקייַט אויסצוזענ יינגער, ניט ארויסרופנדיק דערבייַ קיינ געשפרעכ, אז זי פוצט זיך אוג יינגט זיך, קעדיי צו געפעלנ ווערנ.

לענע האָט לאכלוטנ גיט געוווסט וואָס צו טאָנ אינ איר נייַעמ וויַיסנ קליידל, וואָס האָט זי געקרעמפט. זי איז געזעסנ א פארגליווערטע אפ איר שטול, מיט אראָפגעהאנגענע פיס אונ מיט קינדערשאויסגעדרייטע פיאטעס אפ אינוויייניק איינע צו די אנדערע. מיט א געפיל פונ אָפגעפרעמדטקייַט, וואָס האָט געהאלטנ אינ איר אינ איינ וואקסנ, האָט זי נאָכגעקוקט נאָך דער קליינוווקסיקער אונ דיקער סאָפיא מיכייַלאָוונא, ווי יענע זיצט מיט א פולנ קאָפ דיקע פרעמדע צעפ, ווי זי זעצט אויס אירע ליפנ אינ א טרייַבעלע, ווי זי טרינקט די קאווע פונ א קליינ טעפעלע, וועלכנ זי האלט מיט צוויי פינגער, אויסציִענדיק דערבייַ דעמ מינדסטנ פינגער אָנ א זייַט.

ווען סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט נאָכ געפרישטיקט, האָט מענ פונ פאָדערצימער אָנגעקלאפט, און, רוישנדיק מיט איר קלייד, האָט זיכ אינ עסצימער ארײַנגעריסנ א לאנגע אויסגעדארטע פרוי מיט א געל צעקנייטש פּאָנעמ, אינ א שטארק אָפגעטראָגנ היטעלע.

— אכ, ליבע סאָפיא מיכײַלאָוונא, גוט, וואָס איר זײַט געקומענ צו פאָרנ, מיר האָבנ אלע אזוי געווארט אפ אײַכ! — האָט זי א זאָג געטאָנ מיט א ברוסטיקער, קליאָקענדיקער שטימ, האסטיק א וואָרפ געטאָנ זיכ צו סאָפיא מיכײַלאָוונא און געקושט זי אינ באק.

— גאָט מײַנער, ווי איר זײַט אָפגעצערט געוואָרנ!

זי האָט פאָרזיכטיק א נעמ געטאָנ סאָפיא מיכײַלאָוונא פאר די אקסלענ און א קוש געטאָנ זי אינ דער צווייטער באק.

— יאָ, מיר זײַנענ נעכטנ געקומענ צו פאָרנ. ס'איז מיר זייער ליב, וואָס איר זײַט געקומענ, עדיטא אדאָלפאָוונא, — האָט סאָפיא מיכײַלאָוונא געענטפערט מיט אזא מינ טאָנ, וואָס האָט דערציילט, אז זי איז זייער צופרידנ מיטנ וויזיט און וואָלט גאָר בעסער גע־קאָנט אויסדריקנ איר צופרידנקײַט, ווענ דאָס אלצ, וואָס זי האָט דאָ דערוויסט, וואָלט ניט געווענ אזוי טרויעריק. — איר ווייסט, איכ בינ אזוי אויסגעמאטערט, — האָט זי פאָרגעזעצט, — א גאנצע נאכט דער קאָפווייטיק, און דערצו נאָכ די געשיכטע מיט ציוציענ... דאשא, ברענגט קאווע פאר עדיטע אדאָלפאָוונא!

— יאָ, א שרעקלעכע געשיכטע! — עדיטא אדאָלפאָוונא האָט געביטנ דעמ אנציקטנ אויסדרוק פונ אירע אויגנ אפ אנ אויסדרוק פונ בא־דויערונג און מיטגעפיל. — איכ בינ אויכ געווענ שרעקלעכ אופגע־בראכט, ווענ איכ האָב זיכ דערוווּסט וועגנ דעמ. איכ האָב געדארפט געבנ דײַטש טאקע אינ זייער קלאס, אָבער ווי נאָר איכ האָב זיכ דערוווּסט וועגנ דער געשיכטע, האָב איכ גלײַכ געזאָגט, אז איכ קאָנ דאָס קינד קיינעמ ניט אָנפארטרויענ, און איכ אליינ האָב אימ געבראכט צו פירנ אפ א דראָזשקע אהיימ... סעמיאָנ יאקאָוולעוויטש איז שטענדיק אזוי שטארק פארנומענ, — האָט זי צוגעגעבנ און האָט דערבײַ געמאכט א נאָכ מער באדויערנדיקע און מיטפילנדיקע צורע, וואָס האָט געדארפט באווײַזנ, אז זי וועט זיכ קיינמאָל ניט דערלויבנ ארײַנצומישנ אינ די היימישע איניאָנימ פונ די גימערס, אָבער זי פארשטייט אלצ, אלצ. — וואָס מאכט ער איצט?

— ער פילט זיכ גוט און האָט אפעטיט. נאָר דער בײַל איז

א שוּעקלעכער אונ איכ האָב אימ פונדעסטוועגנ געהייסנ ליגנ אינ בעט.

— ניינ, — האָט אנטשיידנ עדיטא אדאָלפאָוונא א זאָג געטאָנ. — איכ מוז אימ אומבאדינגט זענ מיט מייַנע אויגנ... אנטשולדיקט, אָבער איכ קאָנ זיט ניט בארויִקנ, ביז איכ וועל אימ אליינ ניט זענ...

אונ פייַפנדיק מיט איר קלייד אונ טופּענדיק מיט אירע אָפּגעטראָטענע אָפּצאסנ, איז זי האסטיק ארויס פונ עסצימער.

ווענ עדיטא אדאָלפאָוונא איז געגאנגענ אָדער געזעסנ, האָט דער אויבערשטער טייל פונ איר לאנגנ גופ שטענדיק זיכ געריסנ פאָרויס, אונ דער אונטערשטער איז אָפּגעשטאנענ פונ הינטנ, פונקט ווי זי וואָלט זיכ מיט איר גייַסט ערגעצ פאָרויס געטראָגנ, אונ דער גופ וואָלט בלייַבנ הינטערשטעליק.

— יאָ, א שוּעקלעכער בייַל, — האָט זי א זאָג געטאָנ, ווענ זי האָט זיכ צוריקגעקערט, — דאָס איז אלצ סורקאָוו... א גראָביאנ א יִינגל, אנ אומדאנקבארע באשעפעניש, דער פאָטער זייַנער איז א פארפאלענער שיקער, — איכ בינ געווענ דאָרט בא זיי אינ זייער סלאָבאָדקע, איר געדענקט, ווענ מיר האָבנ אויסגעפאָרשט די לעבנבאדינגונגענ פונ די סטיפּענדיִאטנ.. אגעוו, מיר האָבנ אזויפיל אינייאָנימ! איכ האָב זיי ניט געקאָנט לייזנ אָנ אייַכ... — זי האָט מיט אנ ענערגישנ זשעסט אנ עפנ געטאָנ איר שווארצ בייַטעלע, ארויסגענומענ פונ דאָרטנ א נאָטיכל מיט א נאָטיצ-ביכעלע, — אנטשולדיקט, וואָס איכ הייב אָנ גלייַכ מיט די איניאָנימ פונ אונדזער געזעלשאפט, נאָר אינ א שאָ ארומ האָב איכ פּראנצויזיש אינ דער פרויענ-גימנאזיע...

— וואָס רעדט איר, עדיטא אדאָלפאָוונא! איר ווייסט דאָכ, ווי איכ זאָרג זיכ שטענדיק ד ע ר פ א ר אונ זשאלעווע קיינמאָל קיינ צייַט ניט ד ע ר ו מ... טרינקט די קאווע, איר זעט אויס זייער פארמאטערט.

— יאָ, מיר האָבנ דאָרטנ בלויז אומאנגענעמלעכקייַטנ. איר ווייסט, מיר האָבנ זיכ נאָכ ניט אייַנגעשאפט קיינ שטאָפ פאר אונדזערע יִינגלעכ, אונ דער סעזאָנ האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ. קיינ געלט ניטאָ, — האָט זי געענטפערט אפ סאָפיא מיכייַלאָוונאס שטומענ פראגע־זשעסט, — צו די סאָלאָדאָוניקאָווס איז ניט באקוועמ געווענ

צו ווענדן זיך נאָך געלט אין אזא צײַט, ווען זיי האָט געטראָפן אזא מין אומגליק מיט דער אלטער זייערער, און צו די פאטשולס־קיס האָב איך זיך געווענדט, — עדיטא אדאָלפאָוונא האָט זיך א בייג אָן געגעבן צו סאָפיא מיכײַלאָוונאַ און שטילער פאָרגעזעצט, — און, פארשטייט זיך, ווי שטענדיק, האָט טערעזא וואצלאוואָוונא מיר געגעבן אָנצוהערעניש, אז זיי האָבן שוין א סאך געגעבן און אין דעם איצטיקן מאָמענט האָבן זיי ניט קיין פרײַע געלט... דאָס איז — גראָד איצט, ווען די גאנצע שטאָט רעדט וועגן זייער אָפּעראציע מיטן מעל!..

— טרויעריק, זייער טרויעריק... — סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט געמאכט א טרויער־מינע אף איר פּאָנעם. — נאָר וואָס קאָנען מיר טאָן, זאָל זיי גאָט דערפאר באלוינען...

— ניין, אנטשולדיקט, סאָפיא מיכײַלאָוונא, איך ווייס, אז איר, בא אײַער גוטסקײַט, זײַט שטענדיק אלעמען אלץ מויכל. נאָר ווער עס ווייסט וויפל קויכעס און מיטלען איר לייגט ארײַן אין דער זאך, און ווען אפילע איך מיט מײַן קליינעם געהאלט, — נאָר וועגן זיך וויל איך ניט ריידן, — וואָלט שוין טערעזא וואצלאוואָוונא, דער־צו נאָך בא איר פארגאנגענהײַט געדארפט...

עדיטא אדאָלפאָוונא האָט זיך פלוצלינג פארהאקט און א קוק געטאָן אף לענען.

— יאָ, מיר וועלן באלד ארײַן צו מיר און וועגן אלץ ריידן, — האָט סאָפיא מיכײַלאָוונא א זאָג געטאָן. — לענאָטשקא, קום אהער... באקאָן זיך מיט דער מומע עדיטא אדאָלפאָוונא.

לענע האָט אויסגעצויגן איר הענטל, ווי א לאָפּעטקע.

— דו זאָלסט קיינמאָל ניט דערלאנגען דײַן האנט אן עלטערן פון זיך, נאָר מאך א קניקסען, אָט אזוי... — סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט א נעם געטאָן אין אירע דיקע הענטלעך די פּאָלעס פון איר קי־מאָנאָ און געוויזן ווי מע מאכט א קניקסען. — ווען דו וועסט זײַן א גרויסע, וועסטו די ערשטע דערלאנגען די האנט די מאנצבלען...

זי האָט מיט א שמייכל א קוק געטאָן אף עדיטא אדאָלפאָוונא.

— א ביז גאָר ליבינקע מיידעלע, — האָט עדיטא אדאָלפאָוונא א זאָג געטאָן און אָפּגעדעקט אירע לאנגע שווארצע ציין.

— דאָס איז עדיטא אדאָלפאָוונא, לענאָטשקע. דאָס איז דער בעסטער פרײַנט פון אונדזער פאמיליע. מיר אלע האָבן זי ליב. איך

צווייפל ניט, אז אויך דו וועסט זי ליב באקומען, ווען דו וועסט זיך נעענטער באקענען מיט איר.

סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט א גלעט געטאָן לענעס איבערן קעפל.

— איך האָב א גרויסע ביטע צו אײַך... די לימודים האָבן זיך שוין, עמעס, אָנגעהויבן, אָבער איך מיין, אז אין צוגרייטונג־קלאַס קאָן מען נאָך באַווײַזן, אויב מע זאָל איר צוהעלפן. נאָר איך וואג אפילו ניט צו בעטן בא אײַך...

— צו וואָס באליידיקט איר מיך!... איר ווייסט ווי שטארק איך האָב ליב די גאנצע פאמיליע אײַערע און ווי איך פארגעטער אײַך, ווי שטארק פארפליכטעט איך בין קעגן אײַך און וואָס פאר א פארגעניגן עס איז פאר מיר צו העלפן אײַך אייביק־אייביק מיט וואָס נאָר איך קאָן...

— אָ, גאָט, איך האָב אײַך באליידיקט?.. — סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט א ציי געטאָן פון קימאָנאָ אירע דיקע הענטלעך מיט די גע־שליפענע נעגל און צוגעדריקט זי צו זיך, — נו, איך האָב דאָך עס אפילו ניט געטראכט! איך האָב, פארשטייט זיך, קיין מינוט ניט געצווייפלט דערין, אָבער איך ווייס דאָך ווי שטארק איר זײַט פאר־נומען... נו, א גרויסן, גרויסן דאנק אײַך. קומט צו מיר, וועלן מיר זיך דורכשמועסן וועגן אלץ... לענאָטשקא, גיי אין קינדער־צימער, שפיל זיך, אָדער לייען עפּעס. לאנגווײַל זיך ניט און זײַ א קלוג מיידעלע...

זי האָט ווידער א גלעט געטאָן לענען איבערן קעפל, פארהילט זיך אין דער קימאָנאָ און מיט עדיטא אדאָלפאָוונא אוועק צו זיך אין צימער.

8

ווען לענע איז געבליבן אליין, האָט זי לאנג ארומגעבלאָנקעט איבער די צימערן, אין דער געדיכטעניש פון מעבל, טעפּיכער, פאָר־האנגען. די צימערן זײַנען געווען גרויסע, נאָר עפּעס ניט גוט אײַנ־געאָרדנטע, און עס איז אומפארשטענדלעך געווען צו וואָס באדארף מען אזויפיל צימערן, וויבאלד קיינער וווינט ניט אין זיי. בלויז גימערס קאַבינעט, וואָס האָט קיין שום באפוצונגען ניט געהאט, איז מיט זײַן מאָסיווקײַט, פּראָסטקײַט און שטרענגקײַט געפעלן געוואָרן לענען.

צופעליק האָט זי אַנ עפנ געטאָנ די טיר פונ דיודיעס צימער. דיודיע האָט א דערשראָקענער, מיט אַנ אומנאַטירלעכ רויטנ פּאָנעם ארויסגעכאפּט די הענט פונ אונטער דער קאָלדרע.

— ווער איז דאָרט?.. אוועק פונדאַנענ! — האָט ער זיכ צע־שריִענ מיט א מעטורעפּער שטימ.

לענע איז א דערשראָקענע אנטלאָפנ אינ קינדער־צימער אונ לאנג געזעסנ דאָרט אפ דער בעט מיט אָנגעבלאָזענע ליפּנ אונ מיט א פארגליווערטנ בליק.

דערנאָכ האָט זי זיכ דערמאָנט, אז מע קאָנ נאָכ צוגײנ אפ דער קיכ.

אינ קאָרידאָרל נאָכ האָט זי דערהערט דעמ קלאנג פונ געפּעס, פּריילעכע פרויענ־שטימענ אונ איינ שטימע א מאנצבלשע, אַנ אלטע. זי האָט אַנ עפנ געטאָנ די טיר אונ ארײַנ אינ דער גרויסער, האלב־טונקעלער קיכ. עס האָט געשמעקט מיט זופּ אונ מיט עפּעס א געבראָטנס. דאָס שטובמיידל, דאשע, אָט די זעלבע, וואָס האָט נעכטנ דערלאנגט דעמ אָוונטברויט צומ טיש אונ הײַנט — דעמ פרישטיק, — מיט נאָכ איינער א באַיאָרנטער פרוי, האָבנ געווישט דאָס געפּעס. בא דער גרויסער פּליטע איז מיט א קאָכלעפל אינ די הענט געשטאנענ דער קעכער — א געגאָלטער אלטער אינ ברילנ, אינ א ווײַס היטעלע, מיט א נאָז אונ גאָמבע, וואָס גייענ זיכ צע־נויפ אונ קוקנ איינס אפנ אנדערנ. אלע דרײַ האָבנ פארכידעשט א קוק געטאָנ אפ לענענ.

— וואָס פארלאנגט איר, פרײַלנ? — האָט דאשע א פרעג געטאָנ.

— מיר איז לאנגווײַליק... — האָט זיכ אָפנהארציק לענע מוידע געווענ. — ס'ארא גרויסע קיכ עס איז בא אײַכ!..

— אָט האָסטו דיר א פרײַלנ, אז דער קיכ צו אונדז געקומענ, הא? — האָט א זאָג געטאָנ די באַיאָרנטע פרוי אונ עס איז שווער געווענ צו כאפּנ איר מיינ: זי כויזעקט אָדער כידעשט זיכ.

— הייסט עס, די ביסט געקומענ העלפנ? — האָט דער אלטער קוקנדיק אפ לענענ אריבער די ברילנ א זאָג געטאָנ.

אלע דרײַ האָבנ זיכ צעלאכט.

— וואָס לאכט איר? — האָט לענע ערנסט א פרעג געטאָנ; אירע ליפּנ האָבנ א ציטער געטאָנ.

— גייט בעסער שפּילנ זיכ, — האָט דאשע א זאָג געטאָנ, —

אַניט וועט נאָכ אַרײַנקומענ די מאַדאַמ, טרעפנ אײַכ דאָ און זידלענ זיכ.

— וווהינ איז עס די טיר?

— דאָס איז אינ הויפ אַרײַנ.

לענע האָט זיכ אַנטשיידנ אַ לאָז געטאָנ דורכ דער קיכ. זי האָט געמיטנ אַ קליינעמ פירהויז און איז אַרויס אַפ די הינטערשטע שוואַרצע אײַזערנע טרעפ, וואָס האָבנ זיכ געצויגנ אַפ אַרופ, צו די אויבערשטע שטאָקנ. צוויי האַלבע שטאָקנ טרעפ האָבנ געפירט אַראָפ, אינ הויפ אַרײַנ.

דער הויפ איז געווענ געפלאַסטערט מיט אַספאַלט און איז ענלעכ געווענ אַפ אַ שטיינערנעמ ברונעמ, פונ דרײַ זײַטנ פאַרצוימט מיט די געלע ווענט פונ גימערס מויער, וואָס איז אויבנ באַצוימט געווענ מיט באַלוסטראַדעס, און די פערטע, די הינטערשטע, איז געווענ אַ ציגלנע וואַנט פונ שכיינעסדיקנ מויער.

די טרעפ זײַנענ געווענ פאַרמיסטיקט מיט שאָלעכצנ, שטיקלעכ פאַפיר, קוילנשטויב. אַפ די פאָרענטשעס פינ די באַלוסטראַדעס, און אונטנ, אַפנ הויפ, אַפ שטריק, האָט זיכ געטריקנט וועש, האָבנ זיכ געלופטערט מאַטראַצנ. איבער די ווענט פונ די הײַזער האָט זיכ געבליט אַ שטיקל הימל, און אַ טייל פונעמ קוימענ פונעמ שכיינעסדיקנ הויז איז געווענ באַלויכטנ דורכ דער זונ. נאָר צומ הויפ איז די זונענשײַנ ניט דערגאַנגענ. פונ הויפ האָט געטראָגנ מיט קעלט, פײַכטקײַט און שווערנ גערוכ פונ מיסט.

דער הויפ איז געווענ פוסט. בלויז ווײַט, ערגעצ אינ אַ ווינקל לינקס, האָט זיכ אינ מיסטקאַסטנ געגראַבלט אַ ייִנגעלע פונ אַ יאָר זיבנ, וואָס האָט פונ דער הייכ אויסגעזעענ גאָר אַ פיצינקס, אינ אַ בלויִנקער, צעריסענער אַפ דער פלייצקע העמדל, אַ באָרוועסער, מיט אַ פאַטלאַטנ, געל־שמוציקנ קעפל. ער האָט געשלעפט פונ מיסטקאַסטנ בלעכלעכ, ביינער, שטיקלעכ גלאָז, פאַנאַנדערגעלייגט זיי. — געווענ ווײַזט אויס, שטאַרק פאַרנומענ מיט זײַנ אַרבעט.

אַפנ דעק פונעמ פינצטערנ שטיקנדיקנ שטיינערנעמ ברונעמ איז ער געווענ פולשטענדיק איינזאַמ, דאָס דאָזיקע באָרוועסע ייִנגל, און כאָטש זײַנ שטימ האָט זיכ ניט געהערט, האָט דאָכ לענע, קוקנדיק אַפ אימ און זעענדיק, ווי שטאַרק ער איז מיט זיכ פאַרנומענ, געוווּסט, אַז ער זינגט פאַר זיכ זײַנ איינזאַמע ייִנגלשע ליד,

וואָס באשטייט פונ איינצלנע, צופעליק אונטערגעהערטע ווערטער,
זיינ ליד, וואָס האָט ניט קיינ באשטימטנ מאָטיוו.

אונ דאָס געפיל פונ איר אייגענער פולשטענדיקער איינזאמקייט אונ אויסגאנגלאָזיקייט אינ דער דאָזיקער ריזיקער שטוב, וואָס איז פול אָנגעשטעלט מיט מעבל אונ טעפּיכער, צווישנ פרעמדע, ניט נייטיקע אונ פיינטלעכע צו איר מענטשנ, דאָס געפיל פונ פולשטענ־דיקער איינזאמקייט אידער אינ דער גאָרער וועלט, ווו עס איז קיינ אייניינציקער מענטש ניטאָ וועמענ זי זאָל גלייבנ אונ מיט וועמענ זי זאָל זיכ מיט איר אומגליק קאָנענ טיילנ, — דאָס דאָזיקע געפיל האָט מיט אזא קראפט אונ פיינ צונויפגעדריקט לענעס הארצ, אז איר האָט זיכ געוואָלט אראָפּוואַרפנ פונ די טרעפּ אינעמ שטיינערנעמ ברונעמ אריינ.

„מאמע... ווו ביסטו, מאמע מיינע? — האָט זי א טראכט געטאָנ, איינקלאמערנדיק זיכ מיט די הענטלעכ אינ די פּאָרענטשעס פונ דער באלוסטראדע אונ ניט אראָפּלאָזנדיק קיינ אויג פונעמ גע־קרייזלטנ ברודיקגעלנ ייִנגל, וואָס האָט זיכ נאָכ אלצ געשפּילט מיט זיינע שערבלעכ אונ בלעכלעכ אונ שטומ געזונגענ זיינ ייִנגלשע מאָטיוולאָזע ליד.

„ווו ביסטו, מאמע מיינע?” — האָט לענע ווידעראמאָל געטראכט מיט ווייטעק אונ פיינ אונ, געפינענדיק עפּעס א האנאָע דערינ, דער־פילט א באדערפעניש נאָכ מער פארשטאַרקנ אָט די פיינ אונ מא־טערניש אירע.

פלוצלינג האָט זי זיכ דערמאָנט, ווי מיט א יאָר פיר צוריק, ווענ די מוטער איז אוועקגעפאָרנ קיינ סאראטאָוו זיכ מישטאדל זיינ וועגנ דעמ ארעסטירטנ פאָטער אונ זי איז געבליבנ איינע אליינ בא באקאנטע, האָט זי, בענקענדיק נאָכ דער מאמען, אָנגע־שריבנ איר א בריוו מיט איר קאָטשערע־קסאוו. דער בריוו איז דעמלט צו דער מאמען ניט דערגאנגענ, מאכמעס לענע האָט אימ אריינגעוואָרפנ אינ אויוונ אריינ, נאָר איר האָט זיכ איצט פארוואָלט אָנשרייבנ פונקט אזא בריוו, ווי די מאמע אירע וואָלט נאָכ געלעבט.

זי איז פלינק אדורכ דורכ דער קיכ, ניט באמערקט ווי דאשע האָט בא איר וועגנ עפּעס א פרעג געטאָנ, אריינ צו גימערנ אינ קאבינעט, ארויסגעריסנ א בלעטל פאפּיר פונ בלאָקנאָט, וואָס איז געלעגנ אפנ שרייבטיש, איינגעטונקט די פּענ, גענומענ זיכ שרייבנ, סטארענדיק זיכ דערביי שרייבנ אזוי, ווי זי האָט געשריבנ מיט פיר

יאָר צוריק, פונקט ווי זי וואָלט איצט אַלט געווען ניט נײַן, נאָר פינפ יאָר.

„מאמע, מיר איז זייער אומעטיק, — האָט זי געשריבן, — מאמע, קום גיכער צו פאָרן. מאמע, מיך האָט קיינער ניט ליב. מאמע, מיר זײַנען נעכטן געקומען צו פאָרן, דערנאָך האָב איך זיך געבאָדן אין דער וואנע, דערנאָך האָב איך זיך געלייגט שלאָפן און לאנג ניט געקאָנט אײַנשלאָפן, געטראכט אלץ ווו ביסטו. דערנאָך בין איך אופגעשטאנען און אָנגעטאָן א ווײַס קלייד, און מײַן קלייד איז ניטאָ, וואָס דו האָסט מיר גענייט. דערנאָך האָבן מיר געגעסן פרישטיק און דיודיע האָט מיך ארויסגעטריבן. דערנאָך האָב איך געזען א ייִנגל אפן הויפ, ער איז געווען איינער אליין, אינגאנצן א שמוציקער און ער האָט געזונגען. מאמע, מאמע מײַנע, איך האָב קיינעם ניט אפ דער וועלט”, — האָט זי געשריבן, אלץ מער צערייצנדיק איר ביטערן געמיט, און טרערן האָבן געטריפט אפ איר בריוו.

9

צו דעם מאָמענט, ווען לענע איז געבראכט געוואָרן צו די גיטערס, איז סעמיאָן יאקאָוולעוויטש גימער געווען זייער א רײַכער מענטש, איינער פון די סאמע רײַכסטע מענטשן אין דער שטאָט. ער האָט פארמאָגט צוויי אײַזנארצ־שאכטעס, א קוילנשאכטע, מילן.

דער הויפט־ציל און דער זינען פון זײַן לעבן איז געווען דאָס ג ע ש ע פ ט. ג ע ש ע פ ט האָט בא גימערן געהייסן יעדע מין אונטערנעמונג, וואָס ברענגט ארײַן אין לעצטן רעזולטאט מער געלט, איידער עס איז דערין ארײַנגעלייגט געוואָרן. און דאָס געלט האָט גימער געהאט נייטיק הויפטזאכלעך דערצו, קעדיי ווידער ארײַנצולייגן עס אין א נײַ געשעפט, וואָס האָט געדארפט ברענגען נאָך מער געלט. אָבער צו וואָס האָט ער, גימער, דאָס אלץ באדארפט, דערופ האָט ער קיינמאָל זיך ניט פארטראכט און ער וואָלט זיך זיכער שטארק פארכידעשט, ווען עמעצער וואָלט אים וועגן דעם א פרעג געטאָן.

צו דער דאָזיקער לאגע זײַנער איז גימער געקומען ניט מיטאמאָל. גימער האָט געשטאמט פון א קליינהענדלערישער מישפאָכע און דער וועג זײַנער פון „ווערן א מענטש”, דער וועג בארג-ארופ איז

ניט שטענדיק געווען אַ ערלעכער וועג אפילע לויט זיינע אייגענע, גימערס, באַגריפן וועגן ערלעכקייט. באַזונדערס שטאַרק איז ער רייך געוואָרן פון די פּאָדריאַדן אין דער רוסיש-יאַפּאַנישער מילכאָמע. אָבער דער געוויסן האָט דעם אַלטן גימערן ניט געפּייניקט, מאַכ־מעס ער האָט געוווסט, אַז אויב ער וואָלט ניט געטאָן אַזוי, וואָלטן אַנדערע, פלינקערע פאַר אים מענטשן, צעטראָטן און צעריבן אים, גימערן, און ער וואָלט קיינמאָל קיין „מענטש ניט געוואָרן״ און וואָלט ניט דערגרייכט יענע לאַגע, אין וועלכער ער געפינט זיך איצט.

אַפּ גימערן האָבן אין זיינע אונטערנעמונגען געאַרבעט טויזנטער מענטשן. זייערע לעבנס און אינטערעסן האָבן זיי אַריינגעלייגט אין אָט די אונטערנעמונגען, און די דאָזיקע מענטשן האָבן ניט געהאַט דאָס אַלץ, וואָס גימער האָט דערפון געהאַט. נאָר דאָס, וואָס מענטשן, וואָס פאַרמאָגן גאָרניש, אַרבעטן אַפּ אים, האָט ניט נאָר ניט געקימערט דעם אַלטן גימערן, נאָר, פאַרקערט, ער איז גאָר שטאָלץ געווען דערמיט, מאַכמעס ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז לוינעווודיקער און בעקוועמער, אַז מענטשן זאָלן אַרבעטן אַפּ אים, איידער ער זאָל אַרבעטן אַפּ עמעצן אַנדערש.

די לעבנס-אָרדענונג, וואָס האָט גימערן באַשאַפן, איז באַשטאַנען דערין, אַז די מענטשן, וואָס האָבן ניט דאָס סאַמע נויטווענדיקסטע, זאָלן אַרבעטן אַפּ יענע מענטשן, וואָס האָבן אַלץ; קיין אַנדער לעבנ־סיידער האָט גימער ניט געקאָנט און קיינמאָל ניט פאַרטראַכט זיך דערוף, אַז עס איז מעגלעך אַן אַנדער מין לעבנ־סיידער.

אין יענער צייט, ווען גימער איז נאָך ניט געווען אַזוי רייך, פלעגט ער זיך דירעקט טרעפן מיטן לעבן פון די מענטשן, וואָס האָבן אַפּ אים געאַרבעט, פלעגט ער זיי נאָך אויפנעמען ווי לעבעדיקע רעאַלע לעבנס, פלעגט ער זיי נאָך קאָנען מיטפילן און אַפילע אַריינטאָן זיך אַמאָל אין זייערע אינטערעסן אַפּ אַזויפיל, פאַרשטייט זיך, אַז די אינטערעסן פון זיינע געשעפטן זאָלן דערפון ניט ליידן. נאָר צו דער צייט, ווען לענע איז געקומען צו די גימערס, האָט זיך שוין גימערס געשעפט אַזוי שטאַרק צעוואַקסן, אַז ער אַליין האָט שוין דירעקט ניט געקענט האָבן קיין באַרירונג מיטן לעבן פון די מענטשן, וואָס האָבן אַפּ אים געאַרבעט, דערמיט האָבן זיך

פאַרנומענ אַנדערע מענטשנ — פּאַרוואַלטערס, פּאָדריאַטשיקעס, אינזשעניערנ, בוכהאַלטערס, — מענטשנ, וואָס זייַנענ אונטערגעוואָרפנ געווענ גימערנ אונ האָבנ אויסגעפילט זייַנ ווילנ. גימער אַלייננ איז איצט געקומענ אינ באַרירונג בלויז מיט די ציפערנ, וואָס האָבנ אויסגעדריקט די מענטשלעכע לעבנס — די ציפערנ פונ אַרבעט־הענט, פודנ אונ רובלס.

אויב די ציפערנ זייַנענ געווענ ניט גינסטיק פאַרנ געשעפט, האָט גימער אָנגעמערקט די מאָסמיטלענ, וואָס האָבנ געדאַרפט בייַטנ די לאַגע אינ דער געהעריקער גינסטיקער ריכטונג. אונ די פאַרוואַלטערס, אינזשעניערנ, בוכהאַלטערס האָבנ אָנגעווענדט אַלע זייערע פאַרייניקטע קויכעס דערויפ, אַז די ציפערנ זאָלנ זיכ אויסשטעלנ אינ א מער גינסטיקער אונ לויַנעוודיקער פּראָפּאָרצ.

אנ אנדערשמאָל פלעגנ די מענטשנ, וואָס האָבנ געאַרבעט אַפ גימערנ אונ אַפ ווערענס כעזשבנ עס פלעגנ דורכגעפירט ווערנ די אַלע מאָסמיטלענ, אָפּזאָגנ זיכ אונטערצוואַרפנ די דאָזיקע מאָסמיטלנ, אונ דעמלט פלעגט זיכ א וואַקל טאָנ דאָס גאַנצע געשעפט. דעמלט פלעגט גימער אָנטאָנ זייַנ לעדערנ קעפּי אונ די געלע קראַגעס אונ פאָרנ אַפ די ערטער דורכקאָנטראָלירנ די אַרבעט פונ די אינזשעניערנ, פּאַרוואַלטערס אונ פּאָדריאַדטשיקעס אונ פאַרבייַטנ די שלעכטע אונ אומפייִקע אינזשעניערנ אונ פּאַרוואַלטערס אַפ גוטע אונ פייִקע.

אויב דער ווידערשטאַנד פונ די מענטשנ, וואָס האָבנ געאַרבעט אַפ אים, איז געווענ צו גרויס, אַז די פּאַרוואַלטערס מיט די אינזשעניערנ זאָלנ קאָנענ ברעכנ זייער ווילנ, פלעגט זיי גימער מאַטנווייַז אָפּזאָגנ פונ דער אַרבעט, פאַרבייַטנ די רוסישע אַרבעטער מיט כינעזישע, אָדער ער פלעגט זיכ ווענדנ צו דער מאַכט, אַז זי זאָל אים העלפנ פאַרהיטנ זייַנ געשעפט. אונ די מאַכט, דאָס הייסט, די אָרגאַניזאַציע פונ אַזעלכע מענטשנ ווי גימער, דאָס הייסט, מענטשנ, וואָס האָבנ אויכ פאַרמאָגט אַזעלכע רייַכטימער אונ אונטערנעמונגענ, — פלעגט מאָביליזירנ צו הילפ גימערנ דאָס מיליטער, די פּאָליציי, די צייַטונגענ, די טפיסעס, די רעליגיע, פילנדיק, אַז די געפאַר, וואָס דראָעט גימערנ, איז א געפאַר אויכ פאַר זיי.

גימערס געשעפטנ האָבנ אייַנגעשלונגענ קימאַט די גאַנצע צייַט זייַנע, אָפּגערעדט שוינ דערפונ, וואָס ער איז געווענ א מיטגליד פונ

פֿאַרשיידענערליי קאָמיטעטן, פֿאַרוואַלטונגען, קלובן, געזעלשאַפֿטן, וועמ-
מעס טעטיקייט ער אַליין, זייענדיק אַ מענטש, וואָס האָט געשטאַמט
פֿון די נידעריקע שיכטן און פֿאַרמאָגט אַ ניכטערן פּראַקטישן גע-
דאַנק, האָט בײַ זיך אין האַרצן געהאַלטן פֿאַר אומנוצלעך, אָבער ניט
געקאָנט ניט זײַן קיין מיטגליד דאָרטן, מאַכמעס אַלע מענטשן פֿון
זײַן שטאַנד זײַנען דאָרט געווען מיטגלידער, — און די דאָזיקע אַנש-
טאַלטן האָבן אויך בײַ אים אָפּגענומען אַ מאַסע צײַט. גימער איז גע-
ווען פֿאַרנומען אַלע טאָג פֿון באַגינען גאַנץ פֿרי ביז שפּעט אין דער
נאַכט אַרײַן, און זעלטן, ווען ער האָט אָפּגערוט. און פֿונדעסטוועגן
איז ער שטענדיק געווען אין פֿולן ברען און געזוכט זיך אַלץ נײַע
און נײַע געשעפֿטן.

אומעטום, ווו נאָר עס האָט געשמעקט מיט עפּעס אַ געשעפֿט,
האָט מען געקאָנט זען זײַן האַנט מיט די קורצע, ווי טשוהונענע פֿינ-
גער, אַ שווערע האַנט, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזט
אַזוינס, אָן וואָס דאָס האָט זיך אָנגעכאַפּט, — אומעטום האָט געשײַנט
זײַן צונטער-רויטער מעכטיקער פּליך און געהילכט זײַן געלעכטער,
וואָס האָט געקלונגען אַזוי, ווי ער וואָלט זיך געשטיקט מיט אַ פֿיש-
ביינדל.

פֿאַר זײַנע פּערזענלעכע באַקוועמלעכקײַטן און פֿאַרווײַלונגען האָט
גימער געדאַרפֿט זייער ווייניק. — ער איז געבליבן קימאַט דער זעל-
בער ניט-איבערקלײַבער, ווי ער איז עס געווען אין דער יוגנט; ער
האָט ניט געטרונקען, ניט געשפּילט אין קאָרטן, ניט געקאָנט קיין אַנ-
דערע פֿרויען אויסער זײַן אייגן ווײַב, ער האָט זיך אָנגעטאָן פּראָסט,
גאָרנישט ניט געלייענט, אויסער די געשעפֿט-פּאַפּירן און די האַנדל-
צײַטונגען, קיינמאָל ניט קראַנק געווען און ניט גענייטיקט זיך אין
דאָקטוירים. נאָר אַזויווי ער איז געווען אַ רײַכער מענטש און האָט
געהאַט אַ פֿאַמיליע, וואָס האָט געדאַרפֿט לעבן אַזוי, ווי עס לעבן
אַלע איבעריקע פֿאַמיליעס פֿון די רײַכע לײַט, וואָס זיי פּלעגן אויפֿ-
נעמען בײַ זיך און וועלכע זיי אַליין האָבן געדאַרפֿט אָפּגעבן וויזיטן, —
האָט גימער געהאָלפֿן זײַן פֿאַמיליע טאָן דאָס אַלץ און אײַנשאַפֿן זיך
דאָס אַלץ, וואָס עס קומט צו טאָן און וואָס עס דאַרפֿן זיך אײַנשאַפֿן
אַלע רײַכע לײַט.

די רײַכע לײַט האָבן זיך געבויט גרויסע מויערן; האָבן אָנגע-
שטעלט די דאָזיקע מויערן מיט מעבל; האָבן אײַנגעשאַפֿט זיך ראַסע-

ווע פערד און הינט; אפ צו באדינען זיך, זייערע דירעס און זייערע פערד מיט די הינט האָבן זיי אופגעהאלטן לאקייען, שווייצערס, קעכערס, שטוב־מיידלעך, קוטשערס, דאָקטוירים, באהייצערס, דיל־פוצערס, לערער פון מוזיק און געזאנג; אפ די אויסשטעלונגען פלעגן זיי אײַנקויפן בילדער, וואָס דער קינסטלערישער ווערט זייערער פלעגט באשטימט ווערן לויט דער סומע געלט, וואָס פלעגט באצאָלט ווערן פאר די ראמען צו אָט די בילדער; זיי פלעגן אויסשרײַבן פאר זייערע ביבליאָטעקן פרעכטיק־אײַנגעבונדענע ביכער, וועלכע זיי פלעגן קיינמאָל ניט לייענען, זײַנען געפאָרן זיך היילן אפ די טײַערע קוראָרטן אין יאפאָניע, קאווקאז און קרים; האָבן געשאפן ווילטעטיקע געזעלשאפטן; אײַנגעאָרדנט פאראדנע מיטיקן און אָוונטברויטן, קינדער־ספעקטאקלען, ספיריטישע סעאנסן, אאוקציאָנען, לאָטערייען און יאָנטויווים.

און דאָס אלץ האָט געטאָן, און דאָס אלץ האָט זיך אײַנגעשאפט און אין דעם אלעמען האָט אָנטייל גענומען אויך גימערס פאמיליע.

און כאָטש גימער האָט געוווּסט, אז די טויזנטער מענטשן, וואָס ארבעטן אפ אים, האָבן אים פײַנט מיט א ביטערער, אומפארניכטלעכער סינע; און כאָטש ער האָט געוווּסט, אז די אלע רײַכע מענטשן, וואָס ער נעמט אופ בא זיך אין שטוב, זײַנען אים מעקאנע, ווי מען איז מעקאנע א גליקלעכן קאָנקורענט, און פאראכטן אים אלס אופגעקומענעם און מעשומעד; און כאָטש ער האָט געוווּסט, אז ער אליין, א ניט געבילדעטער ייִד, איז פרעמד דער גאנצער רוסישער געבילדעטער פאמיליע זײַנער; אז קיינער פון זײַנע יאָרשים אינטערעסירט זיך ניט מיט זײַן געשעפט און איז ניט פייִק פאָרזעצן אים נאָך זײַן טויט, אז זײַן ווײַב איז א פאלשער און כניפעדיקער מענטש; אז דער עלטסטער זון זײַנער איז א דיקער אָנגעבלאָזענער פיידיקגייער; אז דער מיטלסטער זון זײַנער, וואָס לערנט זיך אין דער צווייטער שטאָט אין קאדעטן־קאָרפוס, שעמט זיך מיט דער ייִדישער אָפשטאמונג פון זײַן פאָטער און גיט זיך אָן אלס דײַטש; אז דער ייִנגסטער זון זײַנער איז א דעגענעראט; אז די טעכטער זײַנע זײַנען ניט קיין שיינע און האָבן ניט קיין שום פייִקײַטן צום לערנען; אז ער אליין איז שוין אלט און נאָענט צום קייווער, — כאָטש גימער האָט דאָס אלץ גוט געוווּסט, האָט ער פונדעסטוועגן מיט אלע זײַנע קויכעס אונטערגעהאלטן די אָרדענונג און דעם לעבנס־סיידער, אין

וועלכנ ער האָט געלעבט, אונ ער וואָלט אַרײַנגעטראָטנ אינ קאַמפּ
קעגנ יעדנ אײנעמ, וואָס וואָלט זיכ געפּרוּווט דעמ דאָזיקנ לעבנ־סײ-
דער ענדערנ.

10

א יונג געוויקסל, וואָס טראָגט אינ זיכ די מעגלעכקײַטנ צו אַנט־
וויקלענ זיכ אינ א שטאַלטנעמ פּאַטלאַטנ בוימל מיט זאַפּטיקע בלע־
טער, ווענ דאָס ווערט אַריבערגעפלאַנצט אינ א פרעמדנ באָדנ, ווו
עס האָבנ זיכ אײַנגעוואָרצלט אַנדערע מינימ געוויקסנ, וואָס פאַרצאַ-
מענ דעמ וועג צו ליכט מיט זײערע קרומע, פאַרקריפּלטע צווײַגנ,
אַזאַ מינ געוויקסל ווערט אינ דער ערשטער צײַט פאַרהאַלטנ אינ זײַנ
וווּקס; עס פאַרוויאַנענ אונ ווערנ געל זײַנע בלעטלעכ, נאָר אינ די
דינינקע אָדערנ, אינ די צווײַגעלעכ אונ וואָרצעלעכ ווערט די באַ-
האַלטענע לעבנ־טעטיקײַט ניט איבערגעריסנ: אָט באַווײַזנ זיכ שוינ
צווישנ די פרעמדע וואָרצלענ שוואַכינקע נאָכ עקעלעכ, וואָס זוכנ אָנ
וואָס זיכ אָנצוכאַפּנ, אָט שנײַדנ זיכ שוינ פרישע צווײַגעלעכ, אָט ווערנ
שוינ אָנגעדראָלנ די בלעטעלעכ, אָט הײבנ זיכ שוינ אָנ ציִענ אינ דער
הײכ אונ אינ דער זײַט, דרײענדיק זיכ צווישנ די פרעמדע געוויקסנ,
די שטענגלעכ אונ צווײַגעלעכ, אונ אָט וואַקסנ שוינ, וואַקסט א קרומ
בוימל אונ דער צופעליקער דורכגײער וועט אימ שוינ ניט קאָנענ
אונטערשײדנ פונעמ אַרומיקנ וואַלד.

אינ דער ערשטער צײַט איז לענענ בא די גימערס געווענ זײער
לאַנגווײַליק אונ אומעטיק. זי האָט ווײניק געגעסנ, קימאַט ווי ניט גע־
רעדט, געוויינט אינ די נעכט. אינ אירע באַציִונגענ מיט די איבע־
ריקע קינדער האָט זי געפילט א קעגנזײַטיקע אָפּגעפרעמדטקײַט, זי האָט
זיכ לאַנג ניט געקאָנט אָפּגעווינענ פונ די דאָרפישע מאַנירנ, זי האָט
זיכ געשעמט מיט אירע רײַכע קלײדער, זי האָט זיכ געשראָקנ פאַרנ
טומל פונ די קינדער־יאָנטויווימ, ניט געקאָנט כאַפּנ דעמ אינטערעס
פונ דער שפּיל אינ לאָטאָ, איז געווענ נאַיִוו אונ גראָב־עמעסדיק אינ
א מישפּאָכע, ווו אַלע קינדער אונ דערוואָקסענע, אײַנגעשלאָסנ אַפילע
דעמ פוילנ סענבערנאַר, וואָס האָט זיכ געוואַלגערט אינ קאָרידאָר,
האָבנ געלײַגט אײנע די אַנדערע, אָפט אַלײנ ניט באַמערקנדיק, אַז
זײ לײַגנ.

ווענ זי האָט זיכ אָבער געפּרוּווט אַנטפּלעקנ יענע סײדעס אונ

באדערפענישנ פונ ליבע, צוטרוי אונ פראָסטקײַט, וואָס די מוטער אירע האָט אינ איר אײַנגעפלאנצט, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דאָס גייט זיכ פאנאנדער מיט די פאָרשטעלונגענ פונ די ארומיקע, — זי האָט זיכ אָנגעשטויסנ אפ אָפּגעפרעמדטקײַט, כויזעק אונ שפּאָט אונ האָט זיכ ווידער אינ זיכ פארשלאָסנ — נאָכגעקוקט, קאָנטראָלירט זיכ, צוגעפאסט זיכ, אליינ ניט באמערקנדיק עס, צו דעמ ארומיקנ, קעדיי צו לעבנ.

אונ ביסלעכווײַז האָט זי איבערגענומענ די אלע מידעס פונ באנעמענ זיכ, וואָס האָבנ געהערשט אינ דער מישפּאָכע, צוגעוווינט זיכ צומ גאנצנ לעבנ־סיידער אינ גימערס שטוב אונ אויסערלעכ געוואָרנ ענלעכ אפ יעדנ אנדערנ מיידעלע פונ א רײַכער פאמיליע.

ארויסווײַזנדיק אינ די ערשטע טעג קענטענישנ, וואָס האָבנ ווײַט אריבערגעשטיגנ דעמ פארנעמ פונ צוגרייטונג־קורס אינ דער גימנאזיע, האָט זי לײַכט אויסגעהאלטנ די עקזאמענס אינ ערשטנ קלאס, אָבער דערנאָכ זיכ געלערנט ניט גוט, ניט שלעכט, ווי די מערהײַט קינדער פונ איר גראד. איר איז שוינ ניט שווער געווענ זיכ ארײַנצומישנ אינ א געשפרעכ, וואָס האָט איר ניט אינטערעסירט, אונ אויסשרײַענ מיט א גלײַכגילטיקנ פּאָנעמ; „וואָס רעדט איר?“, „עס קאָנ ניט זײַנ!“, „יאָ, דאָס איז אויסערגעוויינלעכ אינטערעסאנט...“ ווי אלע מיידלעכ פונ די רײַכע פאמיליעס, האָט זי אלע טאָג אונטער דער אָנפירונג פונ מוזיק־לערער געשפילט אפ דער פיאנע אירע עקזערסיסנ, באזוכט די טאנצ־קלאסנ, אײַנגעשאפט זיכ אנ אלבאָמ אפ לידער, אָנטייל גענומענ אינ די קינדער־ספעקטאקלענ אונ לאָטערייקעס, געטאנצט אפ די טאנצ־אָוונטנ אינ דער גימנאזיע, געפּײַניקט זיכ אונ געייפערט, ווענ דער פארטנער, וואָס זי האָט זיכ אָנגעמערקט צו טאנצנ, פלעגט אויסקלײַבנ א צווייטע. ווענ זי האָט באמערקט אפ זיכ די בליקנ פונ ייִנגלעכ אונ דערוואָקסענע מאנצבלענ, האָט זי גענומענ אכטונג געבנ אפ איר שיינקײַט — געפּודערט זיכ, געפלאָכטנ אפ באנאכט שטיקלעכ פאפיר אינ די האָר, אז זיי זאָלנ זיכ קרײַזלענ. זי איז געווענ אײַנגעליבט פריִער אינ גימערס קוטשער, דערנאָכ אינ קאדעט לאנגאָווי, וואָס פלעגט יעדנ יאָר, צוזאמענ מיט וועניאמינענ, גימערס מיטעלנ זונ, קומענ צו פאָרנ אפ די ווינטער־אונ זומער־קאניקולנ, דערנאָכ — אינ א טענאָר פונ דער אָפּערע.

נאָר פונקט, ווי דאָס בוימל, וואָס איז אפנ פרעמדנ באָדנ צווישנ פרעמדע געוויקסנ פארקריפּלט געוואָרנ, שטרעבט קעסיידער צו אנט־

פלעקנ יענע אנדערע מעגלעכקײַטנ, וואָס ליגנ אינ אים פארבאָרגנ, אונ, ניט האָבנדיק קײנ קויכעס צו אנטפּלעקנ זײ, קרענקט עס פונ דער אײגענער פארקריפּלטקײַט, אזוי האָט אויכ לענע ארײַנגעטראָגנ אינ דעמ אלעמענ, וואָס זי האָט געטאָנ, אירע אײגנשאפטנ, וואָס האָבנ אויסגעזוענ מאָדנע אינ די אויגנ פונ די ארומיקע.

איר לידער־אלבאָמ איז געבליבנ אומבארירט, ווײַל מיט קײנעמ פונ איר עלטער האָט זי ניט פארפירט קײנ ליבע־פרײַנטשאפט.

יעדע מוזיק, אפילע די טאמע פּאָשעטסטע, האָט זי באגײַסטערט. זײער אָפט פלעגט לענע שאָענווײַז אָפּזיצנ באמ קלאוויר נאָכ דער מוזיק־לעקציע מיט ארויפגעלאָזטע הענט אונ מיט א פארגליווערטנ בליק פונ אירע גרויסע טונקעלע אויגנ אינ אײנ פּינטל. אונ אָפט באמ טאנצ אפ אנ אָוונט אינ גימנאזיע אָדער אינ דער הײמ פלעגט זי פלוצלינג ארומכאפּנ אזא מינ עכטע פרײד פונ באוועגנ זיכ, די אויגנ אירע פלעגנ זיכ אזוי אָנצינדנ פונ עפּעס א גליק, וואָס איז פאר איר אלײנ געווענ אומפארשטענדלעכ, אז זי פלעגט זיכ שטיל צעקלנגענ מיט איר באָרגלדיקנ געלעכטער אונ פלעגט באטײלנ יעדנ אײנעמ מענטשנ, וואָס האָט זיכ אינ דער מינוט לעבנ איר געפונענ, מיט דאנק־בארע אונ צארטע ווערטער. אונ ווענ אײנער פונ די מענטשנ, וואָס זי פלעגט באשענקענ מיט איר צערטלעכקײַט, פלעגט קומענ צו איר אפ מאָרגנ, פלעגט ער בא איר געפינענ א פארכידעשטנ, קאלטנ אונ פארשלאָסענעמ אינ זיכ בליק.

אינ אירע קינדערשע ליבעס איז קײנ שומ מינדסטע פּאָזע ניט געווענ — אפ איר פּאָנעמ האָט זיכ קײנמאָל ניט געזוענ קײנ שומ אויס־דרוק פונ פּײַנ אונ אומעט, וואָס ווערנ אינ אזעלכע מאָלנ נאָכגעמאכט די דערוואָקסענע, זי האָט זיכ אויכ קײנמאָל ניט געטײלט ווענג אירע ליבעס מיט אירע כאווערטעס. זי פלעגט בלויז אינ די נעכט, אינ קאָפּ, צונויפשטעלנ לײַדנשאפטלעכע בריוו אונ מיט פארברענטע ליפּנ בײַסנ דעמ קישנ.

אינ אירע געשפּרעכנ מיט די קינדער אונ מיט דערוואקסענע פלעגט זי זעלטנ רײדנ ווענג זיכ, נאָר פלעגט שטענדיק זיכ אפ עפּעס אויספרעגנ (ווענג זיכ פלעגט זי גערנ רײדנ מיט מענטשנ, ווענג וועלכע זי האָט אפ פאָרויס געוווסט, אז זי וועט זײ מער קײנמאָל ניט טרעפנ). אָפט פלעגט אינמיטנ געשפּרעכ א שײַנ טאָנ אינ אירע צעגלאנצטע אויגנ דער אויסדרוק פונ א שטורעמדיקנ נײַגיר אונ זי פלעגט אָנ־

הייבנ פארגעבנ אומדערוואַרטע פראגעס, וואָס האָבנ צומ געשפרעכ קיינ שומ שייכעס ניט געהאַט: „הערט, איר האָט ליב געשמאַק אָפּ-עסנ?", „אונ די מאַמע האָט דיכ קיינמאָל ניט געשלאָגנ?", „אונ די אָרעמע זיינע זייער אומגליקלעכע מענטשנ"?.. דער מיטשפרעכער אי־דער פלעגט פארכידעשט צוקנ מיט די ברעמענ: „ס'ארא מאָדנע מיידל!" אָפּט אָבער פלעגנ די דאָזיקע פראגעס טרעפנ אינ עפּעס א באהאלטנ פינטל אונ דער מיטשפרעכער פלעגט אָדער פארשעמט ווערנ, אָדער נעמענ זיכ זייער לעבהאפט דערציילנ וועגנ זיכ.

אירע באַאָבאכטונגענ האָט לענע דערנאָכדעמ קאָנטראָלירט אפ אנדערע. זי האָט אליינ ניט באמערקט, אז זי פירט זיכ אופ ווי א קליינינקער אויסקוקער: בעסער פונ אלע קינדער אינ שטוב האָט זי געקאָנט דעמ אינערלעכנ לעבנ פונ די באקאנטע פאמיליעס, א סאַכ פריער פונ אירע כאַווערטעס האָט זי זיכ אָנגעשטויסנ אפנ טאָכ פונ די באציונגענ צווישנ דערוואקסענע מענער אונ פרויענ.

אדאנק אָט די קענטעני שנ אירע אונ דער מוטיקער פאָרשטעלונגס־קראפט, וואָס זי האָט פארמאָגט, האָט זי דערראָבערט אנ אומפאר-שטענדלעכע מאַכט איבער אייניקע כאַווערטעס אירע. אירע שוועס-טערקינדער — אדאָטשקע אונ ליזע, וואָס זיינענ אויסגעוואָקסנ אונ געוואָרנ לאנגפיסיקע מיידלעכ מיט זומערשפרענקלעכ אפ די הויקער־דיקע נעזער, מיט הארטער הויט אפ די הענט, האָבנ א לאנגע צייט זיכ געפונענ אונטער איר ווירקונג. לענע האָט זיי ניט ליב געהאַט, אינ אירע באציונגענ צו זיי איז שטענדיק געלעגנ באהאלטנ, אומ-באמערקט פאר זיי, די קאלטע אכזאָריעס פונ אנ עקספערימענטאַטער. האָט זי נאָר געוואָלט, האָט זי געקאָנט מאַכנ אזוי, אז די מיידלעכ זאָלנ לאַכנ ביז היסטעריקע, אָדער דערפירנ זיי ביז טרערנ, אָדער אופוועקנ אינ זיי די ליידנשאפט־נייגיר, אָדער אָנשרעקנ זיי מיט שווי-דערלעכע געשיכטעס. די מיידלעכ פלעגנ גאנצע נעכט ניט שלאָפנ, ארומגעגאנגענ מיט בלויע רינגענ אונטער די אויגנ, — וואָס עס האָבנ באמערקט אפילע די דערוואקסענע.

וואָס מער לענע האָט איינגעזאַפּט אינ זיכ די מאנירנ, די רעגי־לעסנ אונ דעמ לעבנ־סיידער פונ די גימערס אונ זייער סוויווע, אלצ מער איז עס איר דערעסנ געוואָרנ, אונ איר גאנצער געמיט האָט זיכ אלצ מער זשעדנע געצויגנ צו דעמ אפעמענ, וואָס איז ניט ענלעכ געווענ אפ דער ארומרינגלונג, אינ וועלכער זי האָט געלעבט.

אין דער זעלבער שטוב, הינטער דער טיר, האָט געלעבט נאָך איין וועלט — די וועלט פון דער דינערשאַפט.

די דינערשאַפט האָט געהאַלטן קעסיידער אין איין אַרבעטן. נאָר אין רעזולטאַט פון אָט דער אַרבעט זיינען קיינע שום נייע זאַכן ניט געשאַפן געוואָרן, דאָס איז געווען אַן אומגעלומפּערטער, פאַרקישעפטער קרייז.

עס פלעגן פאַרגרייט ווערן גאַנצע בערג שפּייז־פּראָדוקטן. די פּראָדוקטן האָט מען געקאָכט, געדעמפט, געבראָטן, דערלאַנגט צום טיש, און די הערשאַפטן פלעגן עס פאַרניכטן. דערנאָך האָט די דינערשאַפט געוואַשן די טעלער, די אוניטאַזן, אַרויסגעטראָגן די פּאָמייניצעס, און ווידער פאַרגרייט בערג שפּייז־פּראָדוקטן און ווידער געוואַשן די טעלער מיט די אוניטאַזן. די דילן האָט מען אָנגעוואַקסט, אַז מע זאָל זיי אָפּסנייַ פאַרשמאָדערן; די ראָלעטן האָט מען אינדערפרי אופגעצויגן, אַז מע זאָל זיי באַנאַכט צוריק אַראָפּלאָזן; די וואַנע האָט מען אָנגעפילט מיט ריינעם וואַסער אַפּ אַרויסצולאָזן דערנאָכדעם דאָס זעלבע וואַסער אַ ברודיקס; מע האָט צוגעקליבן נאָך די קעץ, קעדיי זיי זאָלן קאָנען ווידעראַמאָל פּאַסקודיען; מע האָט געקאַמט און געצוואָגן דעם סענבערנאַר, און זיין פעל האָט געהאַלטן אין איין אויסקריכן. און אַזוי טאָג נאָך טאָג.

די דינערשאַפט איז באַשטאַנען פון פאַרשיידענערליי מענטשן. זיי האָבן געאַרבעט פאַרשיידן און באַצויגן זיך צו די הערשאַפטן אויך פאַרשיידן. גימערס אַלטער לאַקיי, וועמענס טאַטאָטשקע האָט אין אַ שפּאַס אָנגערופן דאָסטאָיעווסקי, — דער לאַקיי איז ווירקלעך ענלעך געווען אַפּ דאָסטאָיעווסקין, — איז אַמערסטן געווען איבערגעגעבן צו די הערשאַפטן, געלעבט אַ פּאַרשלאָסן לעבן, אייביק געשוויגן; די איבעריקע דינערשאַפט האָט אים ניט ליב געהאַט און מוירע געהאַט פאַר אים. אַמשטאַרקסטן האָבן די הערשאַפטן געאַכט דעם קעכער, גערופן אים פוּלטן נאָמען און פּאָטערס נאָמען. ער האָט געהאַט זיין באַזונדערן צימער, און אויך די דינערשאַפט האָט אים געאַכט. דאָס שטוב־מיידל, דאַשע, אַ באַמאַנטע, איז געווען שטרענג, פרום, אַרבעטזאַם. אין אוליאַשען, אַ מיידל פון די אָרטיקע פּאָרשטעט־לייַט איז געזעסן אַ פריילעכער שעד, — זי האָט ליב געהאַט אַ שטיפּ טאָן, שפּאַצירן, מאַכן די קייסע און פון די הערשאַפטן האָט זי צוביסלעך געכויזעקט.

די קיכ פלעגנ אינ דער שטיל באַזוכנ מאַטראָסנ, סאָלדאַטנ, באַלמעלאָכעס. אָפט פלעגט אַרײַנקומענ דער הייצער — א געלער האָריקער אַלמענ, מיט לאַנגע הענט ביז די קני, — אַליינ, אָדער מיט א פּאַטלאַטנ ייִנגל מיט א ברודיק־געלנ קאָפּ, מיט יענעמ ייִנגל, וועלכנ לענע האָט געזענ אפנ הויפ אינ ערשטנ טאָג פונ איר אָנקומענ אהער; דאָס ייִנגל האָט שטענדיק געשוויגנ.

די דאָזיקע צווייטע וועלט אינ גימערס שטוב האָט לענענ אויסערגעוויינלעכ צו זיכ געצויגנ: אינ די פרײַע מינוטנ האָט זי זיכ שטענדיק געסטאַרעט אומבאַמערקט אַרײַנגליטשנ זיכ אינ קיכ אַרײַנ. אינקורצנ איז מענ צו איר צוגעוווינט געוואָרנ. לענע האָט ליב געהאַט הערנ די מײַסעס וועגנ גאַנאָווימ, מערדער אונ געשטאָרבענע.

די באַיאָרנטע געפעסוועשערנ האָט געשטאַמט פונ א דאָרפ אינ סקאָבייעווער וואָלאָסט, זי האָט געקענט לענעס פאָטער אונ ווענ זי האָט זיכ דערוווּסט, אז לענע האָט ליב דערמאָנענ די מוטער, האָט זי צוגעטראַכט, אז זי האָט געקאָנט אויכ איר מוטער. דער געפעסוועשערנס מאַנ איז אומגעקומענ אינ דער יאַפּאָנישער מילכאָמע — אינ דער זעלבער מילכאָמע, פונ וועלכער גימער איז רײַכ געוואָרנ. לענע האָט מיט מיטגעפיל אויסגעהערט אירע מײַסעס וועגנ איר טאָכטער, וואָס איז „בא לײַטנ”, וועגנ דעמ זונ דעמ געהילפ־פּאַסטעכל, דעמ „אָרעמענ יאָסעמל,” — ער האָט זיכ פאַרגעשטעלט פאַר לענעס אויגנ אינ דער געשטאַלט פונעמ סקאָבייעווער פּאַסטעכל, כאָטש, לויט ווי די געפעסוועשערנ האָט דערציילט, האָט דער זונ אירער געהאַט א צעהאַקטע נאָז: דעמ פאַרעצס מעשאָרעס האָט אימ איינמאָל געפאַקט אינ סאָד אונ מיט דער בײַטש צעפליקט די נאָז.

אפ דער קיכ טאַקע האָט זיכ לענע צומ ערשטנ מאָל אינ איר לעבנ באַקאַנט מיט מיִעסע ווערטער, דעמ באַטײַט פונ וועלכע זי האָט ניט זייער גוט באַנומענ, אונ אויסגעלערנט די דאָזיקע ווערטער ליזענ אונ אדאָטשקענ. דיודיע, וואָס האָט ליב געהאַט צו דרייענ זיכ ארומ די מיידלעכ, האָט איינמאָל ניט ווילנדיק אונטערגעהערט די דאָזיקע ווערטער, אָבער לענע האָט אימ ניט אויסגעזאָגט, ווי זי האָט זיי געהערט. אַלס שטראָפ האָט סאָפיא מיכײַלאָוונא א גאַנצע וואָכ צײַט מיט איר ניט גערעדט, אָבער דערפאַר האָט אינ דער דאָזיקער וואָכ לענע ניט איינמאָל געכאַפּט אפ זיכ באַמ טיש דעמ שעלמישנ בליק פונעמ אַלטנ גימער.

נאָך איין אַרויסגאַנג אין אַן אַנדער וועלט איז פֿאַר לענען געווען די באַציִונגען אירע מיט אייניקע אירע כאַווערטעס אין קלאַס.

לענע האָט זיך אָפּגעקליבן דאָס סאַמע אָרעמסטע און שטילסטע מיידל, — אַ טאָכטער פֿון אַ נייטערקע מיט אַ קאָמישער פֿאַמיליע — כלאָפּושקינאַ (אין קלאַס האָט מען זי גערופֿן כלאָפּושקינאַ, מיטן טראָפּ אויפֿן „אָ“). זי איז געווען זייער ניט קיין שיינע, מיט ווײַסע וויִעס, אין אַ פֿאַרוואַשן פֿאַרמע־קליידל און אויסערגעוויינלעך שרעקעוודיק. פֿון שרעק האָט זי זיך אַזש שלעכט געלערנט. זי איז געווען אַזוי שרעקעוודיק, אַז לענע האָט אַ לאַנגע צײַט געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז כלאָפּושקינע איז אַ שטומע אָדער אַ ניט־ינקענדיקע.

די ערשטע צײַט האָט זי זיך געשראָקן אויך פֿאַר לענען, אָבער דערנאָך האָט זי זיך ביסלעכווײַז צוגעוווינט צו די אויפֿמערקזאַמע און ליבלעכע בליקן פֿונעם גרויסויגיקן מיידל מיטן טונקל־בלאָנדן צאָפּ, צום מיידל פֿון דער רײַכער שטוב, וואָס זיצט מיט איר אין איין קלאַס, אין דער צווייטער ריי.

לענע האָט זיך דערשלאָגן דערצו, אַז מע זאָל זיי ביידע זעצן אויף איין פּאַרטע.

דאָס אַלץ, וועגן וואָס כלאָפּושקינאַ האָט גערעדט, איז לענען ניט אינטערעסאַנט געווען: די אַלע רייד האָבן זיך געדרייט אַרום די דײַגעס וועגן אַ קלייד און אַ לערנביכל, וועגן צוגרייטן די לימודים און וועגן די פּאַסירונגען אין דער שול. נאָר דאָס מיידל איז לענען געפֿעלן געוואָרן מיט איר שטילקײַט און האַכנאָעדיקײַט און מיט יענעם ראַכמאָנעס־געפֿיל און ווילן צו טאָן גוטס, וואָס זי האָט בײַ לענען אַרויסגערופֿן. זייערע באַציִונגען פֿלעגן זיך איבערײַסן בײַ דעם פּאָרטאַל פֿון דער גימנאַזיע אין יענעם מאָמענט, ווען לענע מיט גימערס מיידלעך פֿלעגן זיך אַרײַנזעצן אין ברייטן פֿאַעטאָן, וואָס איז געשפּאַנט געווען אין אַ פּאָר ווײַסע פֿערד, און דער פּאַטלאַטער קוטשער פֿלעגט אָנציִען די לייצעס. לענע מיט גימערס מיידלעך פֿלעגן אַוועקפֿאָרן צו זיך, און די קליינע כלאָפּושקינאַ מיט אירע ווײַסע וויִעס האָט זיך געלאָזט צופֿוס צו זיך, ערגעץ אין טויבנטאָל.

נאָר איינמאָל איז לענע געגאַנגען זי באַגלייטן.

די פאָרשטאָט טויבנטאָל איז געלעגן הינטערן אָדלערנעסט, דאָס הייסט, הינטער א גרויסן פליכעוואטן בארג, וואָס האָט זיך געהויכט איבער דער שטאָט. כלאָפושקינא האָט געלעבט אין א קליינעם גרויען הילצערנעם שטיבל מיט קליינע פענצטערלעך — פונקט אזא שטיבל, ווי אלע שטיבלעך אין דער דאָזיקער פאָרשטאָט, וואָס איז געלעגן צווישן צוויי בערג, וואָס אף זייערע שיפּועים האָבן זיך געפאשעט בעהיימעס און כאזיירים. ארופצו דער פאָרשטאָט איז געשטאנען א פירקאנטיקע הילצערנע געבײַדע — די טויבנפּאָסט, וואָס איז ענלעך געווען אף א כינעזיש געבעט־שטיבל. טשאטעס טויבן האָבן זיך געטראָגן הין און צוריק ארום דער דאָזיקער געבײַדע.

— אָט ווו דו וווינסט.. — האָט לענע פארטראכט א זאָג געטאָן, באקוקנדיק מיט נײַגיר די צעבראָכענע פּלויטן, דאָס קרומע געסעלע מיט די צעשווענקטע נאָכן רעגן און איצט שוין פארטריקנטע קאָלייעס; עטלעכע ייִנגלעך אין איינע העמדלעך, מיט ארויסגעשטעלטע נאקעטע הינטנדלען, האָבן געמײַסטרעוועט א פאפירענעם כינעזישן לופטבאלאָן.

— מע קאָן ארײַן צו דיר?

כלאָפושקינאס פּאָנעם איז פול געוואָרן מיט שרעק און זי איז אזוי שטארק רויט געוואָרן, אז די ווײַסע ווײַעס אירע זײַנען נאָך ווײַסער געוואָרן.

— נו, וואָס רעדסטו, ס'איז דען פאר דיר אינטערעסאנט? איך האָב מוירע, אז בא אונדז איז נאָך ניט צוגעקליבן... ניין, דיר וועט ניט געפעלן ווערן בא אונדז, — האָט זי א זאָג געטאָן א נאָך מער פארשעמטע: עס האָט זיך באקומען אזוי, אז זי איז גאָר ניט גאסטפרײַנטלעך.

— נארישקײַטן! — האָט לענע ערנסט א זאָג געטאָן. — איך האָב דאָך געלעבט אין דאָרף און פלעג זײַן אין שטיבער... — זי האָט זיך פלוצלינג פארהאקט און איז רויט געוואָרן: זי האָט געוואָלט זאָגן — „פלעג זײַן אין שטיבער נאָך אָרעמערע", און פלוצלינג א טראכט געטאָן, אז דאָס קאָן כלאָפושקינא באליידיקן.

— ווארט צו, איך'ל א לויף טאָן, א קוק טאָן, ווי איז עס דאָרט...

כלאָפושקינא איז אוועקגעלאָפן אין שטוב ארײַן. אין פענצטער האָט זיך אף א ווײַלע באוויזן א פרויען-צורע און גלײַך ניט געוואָרן; עמעצער האָט אין אײַלעניש זיך צעלאָפן איבערן צימער. דערנאָך איז

כלאָפּושקינא צוריק ארויסגעלאָפן און מיט דער זעלבער פאַרשעמטקייט, וואָס פריִער, איינגעלאַדן לענען אין שטוב אַרײַן.

א פרוי אין א גרויסן קלייד, מיט א פולן ניט געזונטן פּאָנעם, מיט ווײַסע וויִעס, אַן ענלעכע אַף דער יונגער כלאָפּושקינא, נאָר שטאַרק פאַרעלטערט און צעשוואומען, האָט באַגעגנט לענען אַפן שוועל. א פאַרשעמטקייט איז געלעגן אויסגעגאָסן אַף איר פּאָנעם, צוזאַמען מיט אַן אויסדרוק פון וועלן אונטערכאַנפענען, געפעלן ווערן, נאָר דער פרויס אויגן האָבן געקוקט פאַרמאַטערט און אָפּגעפרעמדט.

דאָס ערשטע, וואָס לענען האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען א שטאַרק אויסגעמאָגערטער עלטערער מענטש, וואָס איז געזעסן אַף דער בעט מיט א ברוינער קאָלדרע אַף די אַקסלען, מיט א לאַנגן אָדערדיקן האַלדז און מיט א טרייסלדיקן קאָפּ, מיט צוויי קורצע הילצערנע קלעצלעך אָנשטאָט פיס.

— געק־קומען צו אונדז? — האָט ער אָן א שמייכל א זאָג געטאָן, שטאַמלענדיק און טרייסלענדיק מיטן קאָפּ און געקוקט אַף לענען מיט פוסטע אויגן. — איך האָב די ע־ע־ע־ערע... כלאָפּושקין, יאַקאָוו דר־ר... דר־ר... — און ניט געקאָנט פאַרענדיקן דעם פאָטערס נאָמען.

— מײַן פאָטער... ער איז אונטער א צוג אַרונטערגעפאַלן, — האָט כלאָפּושקינא א זאָג געטאָן, פינטלענדיק מיט אירע ווײַסע וויִעס, ווי זי וואָלט זיך פאַר לענען אַנטשולדיקט פאַר איר פאָטערס קלעצלעך.

ווען לענע האָט באַרירט זײַן האַנט, האָט זי שיר ניט אויפגעצאַפּלט.

— צוגענו־ר־ומען א־אַכצן דעפּעשעס... אַר־רויס, אַנטשולדיקט, אַפּ דער לופט און אַר־ר־ר־רונטערגעפאַלן... איצט פאַל איך צו לאַסט דער מ־מ־מישפּאָכע... — האָט ער דערציילט, טרייסלענדיק מיטן קאָפּ און, ווי ער וואָלט געוואָלט ברענגען א באַווײַז צו זײַנע ווערטער, האָט ער א רודער געטאָן מיט זײַנע קלעצלעך.

לענע, די קליינע כלאָפּושקינא און די מוטער אירע זײַנען געשטאַנען אינמיטן צימער און ניט געוווּסט וועגן וואָס צו ריידן. די צעוואָרפענע איבערן דיל פּיצלעך געלע, רויטע, בלויע, בונטע שטיקלעך שטאָף האָבן געשווינדלט אין די אויגן; פון דער ניימאַשין איז אַראָפּגעהאַנגען א שטיקל אַרבעט.

— איר וועט מיט אונדז מיטיק עסן...

— ניין, איך האָב נאָר באַגלייט זי...

מיט א פאַרשטײנערט פאָנעמ האָט זיכ לענע צוריקגעקערט מיטנ שטעגל אהײנ, ווו אינעמ אָראַנזשעווענ שטויב פונ די גאסנ, אינעמ גרוי־גרינעמ רויכ פונ די שיפנ אפנ רייד איז געלעגנ די שטאָט. מע האָט געדאַרפט עפעס אונטערנעמענ, גלײַכ אפנ אָרט, אומפאַרזאַמט. „איכ וועל זי רופנ צו זיכ... איכ...“ לענע האָט ניט געוווסט וואָס זי וועט טאָנ.

אינ עטלעכע טעג אַרומ איז איר געלונגענ צו פאַרבעטנ כלאָפושקינא צו זיכ.

ווענ זי וואָלט געוווסט מיט וואָס דאָס וועט זיכ אויסלאָזנ!..

ווי נאָר זיי זײַנענ אַרײַנ אינ קינדער־צימער, האָבנ ליזע מיט אַדאָטשקענ אויסגעשטעלט א פאָר פאַרכידעשטע אויגנ, דערנאָכ האָבנ זיי זיכ אָנגעקוקט אײנע די אנדערע, דערנאָכ האָבנ זיי אופגעהויבנ די קעפ און אַרויס פונ צימער. דיודיע האָט עטלעכע מאָל אַרײַנגעשטעקט דעמ קאָפ אינ דער טיר, געמאַכט א שוידערלעכע גרימאַסע אפנ פאָנעמ און מיט האַסט פאַרהאַקט די טיר. כלאָפושקינא איז געזעסנ א צונטער־רויטע און געפינטלט מיט די ווײַסע וויִעס. ס'איז לאַכלוטנ ניט געווענ וועגנ וואָס צו ריידנ.

צו דעמ אַלעמענ האָט מענ נאָכ לענענ פאַרווערט בעטנ זי צומ טיש. לענענ איז געלונגענ אינדערשטיל עפעס וואָס אויסבעטלענ באַמ קעכער און ברענגענ עס אינ קינדער־צימער. אָבער כלאָפושקינא האָט א שפּריץ געטאָנ מיט טו'ערנ אינ טעלער אַרײַנ, אַנטלאָפנ און פאַרגעסנ אפילע אירע ביכלעכ.

לענע האָט געכאַפט אנ אויסרייד דערפאַר, וואָס זי האָט געבראַכט צו פירנ אינ שטוב אַרײַנ א פרעמד מיידל, וועגנ וועלכער מע ווייסט ניט ווער אירע עלטערנ זײַנענ.

— אײנ גאָט ווייסט, וואָס דו קאָנסט זיכ פונ איר אָנלערנענ! — האָט סאָפיא מיכײַלאָוונא געטײַנעט צו איר. — סאָפקאָלסאָפ פונוואַנענ ווייסטו, אַז זי וועט גאָרנישט ניט צוגאַנווענענ?

און דיודיע האָט פאַרגעלייגט איבערטרייסלענ אַלע זאַכנ אינ קינדער־צימער, מאַכמעס כלאָפושקינא האָט אָנגעלאָזנ לײַז אינ בעט.

א גאַנצע נאַכט האָט לענע געוויינט, און אפ מאָרגנ האָט זי פונ כאַרפּע כלאָפושקינא אינ די אויגנ ניט געקאָנט קוקנ. יענע ווידער האָט די גאַנצע צײַט פאַר עפעס זיכ געשראָקנ און מיט עפעס זיכ געשעמט; זיי האָבנ אפילע ניט געקאָנט ריידנ צווישנ זיכ.

לענע האָט זיכ געפיניקט דערמיט, וואָס זי האָט ניט געוווסט, ניט געפונענ יענע ווערטער, מיט וועלכע מע וואָלט געקאָנט הארציק אונ אופריכטיק געבנ צו דערקלערנ כלאָפושקינא דאָס, וואָס עס האָט נעכטנ פאסירט. געפייניקט האָט איר אויכ דער באוווסטזיינ, אז זי האָט קיינע שומ מיטלענ אונ קויכעס ניט געהאט אפ צו ניט דערלאָזנ אינ דער געהעריקער מינוט, אז אזוינס זאָל פאסירנ. איר האָט זיכ איצט געדוכט, אז זי אליינ דארפ זיכ אָפזאָגנ פונ שפייז אָדער אפילע אינגאנצנ אוועק פונ גימערס שטוב, נאָר זי האָט געוווסט, אז זי האָט ניט וווהינ צו גייג.

אינ א סאכ כאדאָשימ ארומ האָט די דאָזיקע געשעעניש פארלאָרנ איר שארפקייט, אונ לענע האָט ווידער געקאָנט ריידנ מיט כלאָפושקינא, אָבער די פריערדיקע באציונגענ זייערע זיינענ שוינ ניט אופגעשטעלט געוואָרנ.

13

נאָכ איינ ארויסגאנג אינ אנ אנדער וועלט איז פאר לענענ געווענ די ניט אָפטע באגעגענישנ מיט סאָפיא מיכיילאָוונא „וויכאָוואנקעס“.

סאָפיא מיכיילאָוונא גימער האָט געהאלטנ, אז זי האָט איר גאנצ לעבנ געווידמעט דער גוטסקייט אונ ליבע צו מענטשנ אונ זי האָט זיכ געסטארעט געבנ פונקט אזא דערציונג די קינדער אירע, אז אויכ זיי זאָלנ אויסוואקסנ אזעלכע גוטע אינ פיינע לייט, ווי זי אליינ איז עס געווענ. מיט דעמ ציף האָט זי געהאלטנ פאר נייטיק צו באקענענ אירע קינדער מיט די אָנשויליכע ביישפילנ פונ דער טעטיקייט פונ איר געזעלשאפט.

שוינ אינ ערשטנ יאָר פונ איר לעבנ בא די גימערס האָט לענע מיט אירע שוועסטערקינדער, אינ דער באגלייטונג פונ עדיטא אדאָלפאָוונא, באזוכט די שניידעריי, ווו מע האָט צו יענער צייט געמאָסטנ די קאָסטיומענ אפ די יינגלעכ־סטיפענדיאטנ, די שילער פונ דער קאָמערצשול.

אפנ שילד, ווו עס איז געווענ אויסגעמאָלט א מאנצבל מיט שווארצע וואָנצעס אינ א בלעכענעמ קאָסטיומ אונ א דאמע אינ א קלייד מיט אזא לאנגנ עק, אז עס האָט זיכ געוואָלט אָנטרעטנ אפ דעמ דאָזיקנ עק אָדער אָנשפייענ אפ אימ, איז געווענ אָנגעשריבנ:

„סיאנ-יא-יוי, מענער-אונ דאמענ-שנײַדער.“ אָבער אינדערעמעסנ איז דער אייגנטימער פונ אָט דער שנײַדערײַ סיאנ-יא-יוי שוינ לאנג קיינ שנײַדער ניט געווענ; ער אליינ האָט גאָרנישט ניט צוגעשניטנ אונ ניט גענייט, דאָס האָבנ געטאָנ פאר אים צענדליקער מײַסטערס אונ געזעלנ.

די מיידלעכ זײַנענ געווענ אָנגעטאָנ אינ אלציינע ווײַסינקע פעלצלעכ. מיט אָנגעפרוירענע אפנ פראָסט רויטע בעקלעכ זײַנענ זיי ארײַנגעפירט געוואָרנ אינ אופנעם-צימער פונ דער שנײַדערײַ. בא א קליינער קאָנטאָרקע איז געזעסנ א כינעזער אינ א קײַלעכיק שווארצ היטעלע אונ אָנגענומענ באשטעלונגענ.

עדיטא אדאָלפאָווגא האָט אוועקגעזעצט די מיידעלעכ אונ האסטיק זיכ א לאָז געטאָנ אינ וואַרשטאט ארײַנ געבנ צו וויסנ וועגנ זייער אָנקומענ אונ אכטונג געבנ, אז די מיידעלעכ זאָלנ קיינ איינ ייִנגל ניט טרעפנ אינ א ניט אָנשטענדיקנ אויסזענ.

אינ א שטיקל צײַט ארום האָט זי זיכ צוריקגעקערט אינ אופנעם-צימער מיט א כינעזער, וואָס איז געווענ אָנגעטאָנ אינ א שווארצנ זײַדענעמ כאלאט. דער כינעזער האָט געהאט א גלאנציק פאָנעמ אונ א שווארצנ צאָפ, וואָס איז ווי מיט אייל געווענ באשמירט. אינגאנצנ האָט ער אויסגעזענ ווי א פעטע מויז. ער האָט זיכ נידעריק א בוק געטאָנ, א שײַנ געטאָנ מיט זײַנע ווײַסע שטשורישע ציינ אונ געבעטנ די מיידעלעכ גיינ מיט אימ.

א ביסל פארשעמטע, אונטערשטופנדיק איינע די אנדערע, זײַנענ די מיידעלעכ ארײַנ אינ א געראַומענ, נידעריקנ צימער, וואָס איז פול אָנגעשטעלט געווענ מיט לאנגע טישנ, פארוואלגערטע פול מיט ארבעט. אפ די טישנ צווישנ די שטיקער ארבעט זײַנענ געזעסנ כינעזער-שנײַדער מיט אונטערגעבויגענע פיס אונטער זיכ אונ גענייט. אינ דער צווייטער ריי זײַנענ געשטאנענ די נײַ-מאשינעס. בא די נײַ-מאשינעס זײַנענ אויכ געזעסנ כינעזישע ארבעטער. זיי זײַנענ געזעסנ מיט געהויקערטע פלייצעס, מיט פארשוויצטע שטערנס אונ מיט די פיס געדרייט די נײַ-מאשינעס.

אינ וואַרשטאט איז געשטאנענ א טומל פונ די נײַ-מאשינעס, עס האָט זיכ געהערט א גערוכ, ענלעכ אפנ גערוכ פונ פאָרמאלינ, אונ אינ די פאסנ ליכט, וואָס זײַנענ געפאלנ פונ די פענצטער, האָט געפינקלט דער שטויב.

די כינעזער-שנײַדער האָבנ געמאָסטנ די נײַע קאָסטיומענ אפ די

ייִנגלעכ, געצייכנט מיט בלויענ קרײַד די אלע ערטער, ווו מע דארפ אויסשנײַדנ, ארײַננעמענ. געווענ דאָ העכער א צענדליק ייִנגלעכ: איי-ניקע, פארשעמטע פונעם פלוצלינגדיקנ באַווײַזנ זיכ פונ די מיידעלעכ, זײַנענ געשטאנענ מיט איבעריקע הענט אונ רויטע פּנעמער, אנדערע האָבנ זיכ גלײַכ גענומענ כיינדלענ פאר די מיידעלעכ — אָנגעשטעלט קלוימערשט גלײַכגילטיקע צורעס אָדער געשטיפּט מיט די ארבעטער. איינ ייִנגל, דער, וואָס איז געשטאנענ א ביסל נענטער צו די מייד-לעכ, א יאטל מיט א פאריסנ נעזל פול באדעקט מיט זומערשפּרענ-קלעכ, מיט כויזעקדיקע אייגלעכ האָט אינדערשטיל געקנײַפּט דעמ מײַסטער פארנ צאָפּ, דערנאָכ האָט ער זיכ אומגעדרייט צומ ייִנגל, וואָס איז געשטאנענ לעבנ אימ, אויסגעשטעלט א פּאָר אויגנ אונ געבאָלבעט עפּעס קאָמישעס אונ זינלאָזעס, ווי לעמאָשל: „די אָמאיאדנ אונ די פּירעזשקעס...‟ אָדער: „די שלאכט אונטער סאנ-טא-פּע!..‟ביידע האָבנ זיכ געשטיקט פונ געלעכטער אונ פונ דער זײַט געוואָרפנ בליקנ אפ די מיידעלעכ.

צווישנ די ייִנגלעכ האָט לענע גלײַכ באמערקט סורקאָוונ. ער איז געווענ גרעסער פאר אלעמענ אונ איז געשטאנענ קימאט דער ערשטער מיט די פאנאנדערגעשטעלטע עטוואָס קורצלעכע פיס זײַנע אינ אלטע פארלאטעטע אפ די קניִענ הויזנ מיט פרענדזלעכ אונטנ. דער מײַס-טער האָט אימ אָנגעמאָסטנ אנ אוניפאָרמ-קורטקעלע אָנ ארבל נאָכ אונ געצייכנט אונטער די הענט מיט בלויענ קרײַד די אויסשניטנ. סור-קאָווס פּאָנעמ האָט געהאט א ציגל-קאָליר, דער אויסדרוק פונ זײַנ פּאָנעמ — א בייזער אונ עטוואָס פאראכטנדיקער, די ליפּנ זײַנענ גע-ווענ שטײַפ געשלאָסנ. ער האָט פונ אונטער די הויכע ברעמענ אפּער געקוקט גלײַכ פאָרויס מיטנ שטײַפנ בליק פונ זײַנע העל-גרויע אויגנ אונ קיינעמ ניט געזענ.

דער מײַסטער האָט יעדע ווײַלע געבעטנ אימ אומדרייענ זיכ, אָדער אופהייבנ א האנט, אונ סורקאָוו האָט זיכ אומגעדרייט אונ געהויבנ א האנט. אונ אויב דער מײַסטער א פארנומענער מיט זײַנ ארבעט, האָט זיכ פארגעסנ אונ אליינ אימ געשטעלט ווי ער האָט עס אינ דער מינוט געדארפט, האָט סורקאָוו, ניט טוענדיק קיינ בליק אפ אימ, אָפּגעווענדט זײַנ האנט אונ אליינ געשטעלט זיכ אינ דער געהעריקער לאגע.

עדיטא אדאָלפּאָוונא איז אומגעגאנגענ פונ איינ ייִנגל צומ צווייטנ,

נאָכגעפרעגט זיכ אפנ געזונט פונ די עלטערנ, אפ די דערפאָלגנ אינ די לימודימ אונ צי דריקט אימ ערגעצ ניט דער נײַער מאלבעש. לויט דעמ, ווי די ייִנגלעכ האָבנ איר אפ די דאָזיקע אלע פראגעס געענטפערט, האָט לענע פארשטאנענ, אז זיי האָבנ זי ניט ליב, האָבנ ניט קיינ מוירע פאר איר אונ אכטנ זי ניט. לענע האָט אויכ באמערקט, אז בא סורקאָוונ האָט עדיטא אדאָלפאָוונא גאָרנישט ניט געפרעגט, אונ ווענ זי איז צוגעגאנגענ צומ ייִנגל מיטנ זומערשפרענקלדיקנ נעזל אונ כויזעקדיקע אויגנ, האָט דאָס ייִנגל געמאכט א טאמעוואטע צורע אונ א זאָג געטאָנ: „לאבראדאָר!..“

דערנאָכ האָט עדיטא אראָלפאָוונא לאנג אײַנגעטײַנעט מיטנ באלעבאָס פונ דער שנײַדערײַ, געבעטנ אימ, אז די קאָסטיומענ זאָל מענ נייענ אפ אויסוואוקס, מאכמעס די ייִנגלעכ וואקסנ שנעל, אונ די „טשאָרטאָווע קאָזשע“ זעצט זיכ שטארק; דערנאָכ האָט זי זיכ געדונגענ וועגנ די פרײַזנ אונ נאָכגעפרעגט זיכ, צי איז ניט געבליבנ קיינ שטאָפ. דער באלעבאָס, וואָס איז ענלעכ געווענ אפ א פעטנ שווארצנ שטשור, האָט זיכ איידל גענייגט, געוויזנ זײַנע ווײַסע ציינ, צוגעזאָגט נייענ אפ אויסוואוקס, געלייקנט, אז עס איז געבליבנ שטאָפ, אונ גאָרנישט ניט אראָפגעלאָזט פונ פרײַז.

ליזע אונ אדאָטשקע זײַנענ די גאנצע צײַט געשטאנענ מיט די ווײַסע מופטעס אפ די נעזלעכ, איבערגעקוקט זיכ מיט די ייִנגלעכ, געשעפטשעט איינע דער אנדערער אונ געסטארעט זיכ אײַנהאלטנ דעמ געלעכטער, וואָס האָט זיי געשטיקט; אונ לענע איז געשטאנענ מיט פארוקטע הענט אינ דער מופטע אפנ בויכ אונ מיט א פארגליווערטנ אונ שארפנ בליק געקוקט אפ סורקאָוונ. ער האָט אפ איר ארופגעוואָרפנ א שרעק מיט א נײַגיר, אונ איר האָט זיכ די גאנצע צײַט געוואָלט, אז ער זאָל א קוק טאָנ אפ איר. נאָר סורקאָוו האָט קיינ איינ בליק ניט געטאָנ, ניט אפ איר, ניט אפ די מיידעלעכ, ניט אפ עדיטא אדאָלפאָוונא.

נאָכ דעמ דאָזיקנ פאל האָט זיכ שוינ לענע לאנג ניט געזענ מיט סורקאָוונ, אונ ערשט אינ א יאָר ארומ האָט זי איינמאָל געהערט וועגנ אימ. דיודיע, ווענ ער איז געקומענ פונ שול, האָט דערציילט, אז מיט סורקאָווס פאָטער, וואָס האָט געארבעט אינ קריגסהאפנ, האָט פאסירט אנ אומגליק אפ דער ארבעט אונ אז דער זונ איז אינמיטנ די לימודימ ארויסגערופנ געוואָרנ אהיימ.

אפ מאָרגנ האָט לענע, טייללווייז פונ דיודיענ, טייללווייז פונ די געשפּרעכנ, וואָס די דערוואקסענע האָבנ צווישנ זיכ געפירט, דער־וווסט זיכ, אז סורקאָווס פאָטער איז אינ א שיקערנ צושטאנד אריינ־געפאלנ אינ א קעסל, וואָס איז נאָרוואָס פול אָנגעגאָסנ געוואָרנ מיט צעשמאָלצענעמ שטאָל, אז ער איז מאָמענטאל פארברענט געוואָרנ אפ אש, אז די אינזשענירנ האָבנ געוואָלט פאָרזעצנ די ארבעט אונ גיסנ וויי טער דעמ שטאָל, נאָר די ארבעטער האָבנ זיכ פאראקשנט, אונ אז דער יונגער סורקאָוו וועט איצט געצוווּנגענ זיינ צו ווארפנ דאָס לערנענ זיכ, קעדיי צו קאָנענ ארבעטנ אונ שפּייזנ די פאמיליע.

א גאנצנ טאָג איז לענע אָפּגעזעסנ אינ האלב־פינצטערנ גאסט־צימער אפ א שטול מיט אונטער זיכ אונטערגעבויגענע פיס, געקוקט אינ איינ פּינטל מיט די אופגעריסענע טרוקנ-גלאנציקע אויגנ; צו פארנאכט צו האָט זי באקומענ היצ. עטלעכע מעסלעס האָט זי זיכ געוואָרפנ אינ גרויסער היצ, — איר האָט זיכ געדוכט, אז זי זעט פאר די אויגנ ריזיקע צעגליטע בוּאָטפאנענ אונ רויטע מענטשנ אָנ פּענע־מער מישנ עפּעס מיט גאָפּלענ אינ די דאָזיקע בראָטפאנענ.

אונ אינ א סאכ יאָרנ ארומ, ווענ לענע האָט שוינ אפילע די פאמיליע סורקאָוו פארגעסנ, האָט די דערינערונג וועגנ דער דאָ־זיקער געשעעניש, וואָס האָט שוינ פארלאָרנ יעדע רעאלע באדיי־טונג, נאָכ אלצ געלעבט אינ לענענ, ווי א טיפ איינגעשניטענע, ניט פארהיילטע ווונד.

14

אינ הארבסט טלפטנ יאָר, ווענ לענע האָט זיכ איינמאָל צוריק־געקערט פונ א שפּאציר, האָט זי אינ גאסט־צימער געטראָפנ דעמ פאָטער אירנ. דער פאָטער איז געווענ אָנגעטאָנ אינ א גרויענ גע־ווינלעכנ אָנצוג מיט אנ אויסערגעוויינלעכ בונטנ שניפּס. ער איז געזעסנ אפ א שפּיצ סאמעטענעמ שטול אונ געשמועסט מיט סאָפיא מיכיילאָוונא, וואָס איז ברייט געזעסנ אנטקעגנ אימ אינ א ווייכנ פאָטעל מיט אנ אויסנייעכצ אינ די הענט אונ מיט אנ אויסדרוק פונ איידעלנ לאנגווייל אפנ פּאָנעמ.

לעבנ פאָטער, פארשעמט צוגעטוליעט צו אימ, איז געשטאנענ א יינגל פונ א יאָר אכט, א פארברוינטער, מיט הארטע, טונקעלע האָר, וואָס האָבנ זיכ געקרייזלט בא די אויערנ, אינ לאנגע הויזנ פונ

דאָרפּישן שניט. ער האָט פון דער זײַט א קוק געטאָן אף לענען מיט זײַנע שווארצע ווילדלעכע אויגן און פלוצלינג צעשײַנט זיך מיט א שמייכל, — דאָס איז געווען סעריאָזשע.

— אָ! דו ביסט געקומען... ווי דו ביסט אויסגעוואָקסן!.. — האָט דער פאָטער אויסגעשריִען, אופגעהויבן זײַן לאנגן צײַגפינגער און מיט א סאָווע-בליק א קוק געטאָן אף לענען. — אנו, קום, קום אהער...

לענע איז א ווײַלע געשטאנען א פארטראכטע, אופגעהויבן די געבויגענע און הילפלאָזע הענט אירע, געטראָגן זיי פאָרויס, צוגע-גאנגען צום פאָטער, א קוש געטאָן אים אין באק, דערפילט אין איין און דער זעלבער צײַט אף איר באק זײַנע באָרד און וואָנצעס, וואָס האָבן געשמעקט מיט טאבעק, און אף אירע לאָפּעטקעס — זײַנע ביי־נערדיקע פינגער.

— פו, ס'ארא אויסגעפּוצטע דו ביסט!.. — האָט דער פאָטער אויסגעשריִען פונקט אין דעם מאָמענט, ווען זי איז שוין מיט אראָפּ־געלאָזטע הענט געשטאנען אנטקעגן סעריאָזשען, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, ערנסט געקוקט אף זײַן שײַנענדיקן פארברוינטן פּאָנעם.

— צעקושט זיך, — האָט סאָפיא מיכײַלאָוונא א זאָג געטאָן, ניט אופהייבנדיק דעם פּאָנעם פון דעם אויסנייעכץ.

זיי האָבן זיך א שטעק געטאָן איינער צום אנדערן און גלײַך פאנאנדערגענומען זיך: סעריאָזשע — א פארשעמטער, א דערשוויצטער אזש פון פרייד, לענע — א פארכידעשטע און געריַרטע. זי האָט דער־פילט, אז סעריאָזשע געדענקט זי און שפּירט זי ווי א שוועסטער, און ער איז איר אויך געפעלן געוואָרן.

זיי זײַנען געזעסן בא א שאָ צײַט. דער פאָטער האָט אלץ האסט־טיקער און האסטיקער געפּליקט זײַן בערדל, געשמועסט מיט סאָפיא מיכײַלאָוונא אף טעמעס, וואָס זײַנען לאנגווײַליק געווען פאר ביידן, אָדער ער האָט זיך פלוצלינג א קער געטאָן צו לענען און געשריִען צו איר מיט זײַן ניט נאטירלעכער שטים:

— און דאָס לערנען ווי גייט? די לערער באלײדיקן דיך ניט?.. ווי זײַנען דײַנע קוזינעס?

דערנאָך, אָפּזאָגנדיק זיך פון מיטיק און אונטערשטרײַכנדיק, אז מיטיק וועלן זיי עסן בא א באקאנטן איבערוואנדערער־פעלדשער, איז דער פאָטער צוזאמען מיט סעריאָזשען אוועק עפּעס ווי א ביסל אָ באלײדיקטער.

וולאדימיר גריגאָריעוויטש האָט זיך באלײדיקט דערופ, וואָס סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט אים ניט פאָרגעשלאָגנ איבערלאָזנ בא זיך אינ שטוב סעריאָזשענ אפ דער גאנצער צײַט פונ זײַנ לערנענ. דעם דאָזיקנ פאָרשלאָג האָט וולאדימיר גריגאָריעוויטש נײטיק געהאט דערופ, קעדײ מיט א שארפנ אונ, ווי ער האָט געמײנט, באלײדיקנדיקנ פארנ קאָוועד פונ די ג״מערס וואָרט, וואָס ער האָט צוגעגרײט נאָכ אינ וועג, אָפזאָגנ זיכ פונ דעמ דאָזיקנ פאָרשלאָג. נאָר סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט אזא מינ פאָרשלאָג ניט געמאכט, אונ דאָס שארפע וואָרט איז געבליבנ ניט אויסגענוצט, אונ וולאדימיר גריגאָריעוויטש איז אוועק פונ די גימערס א נאָכ מער בײזער אונ באלײדיקטער, מיט נאָכ א גרעסערנ פאראכט צו זײ, אײדער ווענ־ניט־איז ביז איצט.

ער איז אָפגעווענ אינ שטאָט צוויי מעסלעס, וואָס ער האָט געפאטערט אפ ארומלויפענישנ וועגנ סעריאָזשענ, אונ א שאָ פארנ צוג איז ער ארײַנגעלאָפנ צו לענענ געזעגענענ זיכ. ער האָט זי געטראָפנ אײנע אלײנ.

ער האָט זיכ געהאלטנ אומרויִק, אונ אפ זײַנ פאָנעמ איז קעסײדער געלעגנ יענער אויסדרוק פונ שולדיקײַט, וואָס איז לענענ אזוי גוט באקאנט געוועזנ פונ זײַנע באציִונגענ מיט דער מוטער.

— דו לערנסט זיכ גוט? די לערער באלײדיקנ דיכ ניט? — האָט ער די גאנצע צײַט געהאלטנ אינ אײנ פרעגנ.

באמ געזעגענענ זיכ האָט ער פּיבערהאפּט א כאפ געטאָנ לענענ פארנ קאָפ מיט זײַנע בײנערדיקע הענט אונ עטלעכע מאָל פלינק צוגעדריקט זי צו דער ברוסט, דערנאָכ האָט ער זי א קוש געטאָנ ערגעצ אינ דער נאָז, — עפּעס האָט א קלאָטשקע געטאָנ בא אים אינ האלדז, ער האָט זיכ א צופּ געטאָנ פאר דער באָרד, א פינטל געטאָנ מיט די אויגנ, אָנגערוקט דעמ הוט אונ ארויסגעלאָפנ, ניט אומקוקנדיק זיכ מער אפ לענענ.



סעריאָזשע איז אָנגעקומענ אינ גימנאזיע. געווינט האָט ער באמ איבערוואנדערער פעלדשער אפ ענערשעלדע פאר דרײַסיק רובל א כוידעש אפ פולנ פאנסיאָנ, אכוצ מאלבושימ.

ניט זײער אָפט פלעגט ער קומענ צוגאסט צו לענענ: אונ זעלטענער, קימאט בישטיקע, פלעגט זי קומענ צו אימ: אינ גימערס

שטוב האָט מענ קרומ געקוקט אפ אירע וויזיטנ אינ דער דירע פונעמ איבערוואנדערער־פעלדשער.

שטענדיק, ווענ סעריאָזשע פלעגט קומענ צו די גימערס, האָט ער זיכ געהאלטנ שטארק אָפּגעפרעמדט אונ געסטארעט זיכ ארויסשלעפנ לענער אפ דער גאס ארויס. אפ מיטיק איז ער געבליבנ נאָר אינ דעמ פאל, ווענ עס פלעגט געלינגענ צו עסנ מיטיק נאָר זאלבעצווייט, אונ געגעסנ האָט ער אינ אזעלכע פאלנ אזוי פיל, ווי ער וואָלט זיכ געוואָלט אָנעסנ אפ א גאנצנ לעבנ. וועגנ גימערס מישפּאָכע האָט ער זיכ אָפּגערופנ מיט א קאלטבלוטיקער פאראכטונג, — אויסגעדריקט האָט ער עס מיט פרעמדע ווערטער, וואָס עס באנוצנ נאָר דערוואקסענע מענטשנ.

אָבער בא זיכ אינ דער היימ אונ אפ דער גאס איז סעריאָזשע געווענ א געוויינלעכ פרײַלעכ אונ שטיפעריש ייִנגל. דער פעלדשער מיט זײַנ ווײַב האָבנ קיינ קינדער ניט געהאט אונ געבאלעוועט אימ ווי אנ אייגנ קינד.

ניט געקוקט אפנ כילעק אינ זייער עלטער, האָט זיכ לענע באפרײַנדעט מיט סעריאָזשענ אונ געבענקט נאָכ אימ, ווענ ער פלעגט אוועקפאָרנ אינ דאָרפ אפ די ווינטער־ אונ זומער־קאניקולנ.

סעריאָזשע פלעגט ברענגענ מיט זיכ צו לענענ דעמ פרישנ ווינט פונ די ייִנגלשע געשלעגנ, פונ די לויפענישנ אינ האפנ, ווו ער האָט צוזאמענ מיט זײַנע כאוויירימ געכאפט קראבנ אָדער געגאנוועט מאנדארינקעס אונ קאָקאָס־ניס. לענע האָט זיכ איבערצײַגט, אז געגאנוועטע מאנדארינקעס אונ ניס זײַנענ שטענדיק געשמאקער איידער געקויפטע. ער פלעגט אָפּט ארומגיינ מיט בײַלנ אפנ פּאָנעמ, מיט דורכגעריסענע ארבל אפ די עלנבויגנס אונ געלעכערטע הויזנ אפ די קניִענ. די קעשענעס זײַנענ בא אימ שטענדיק פול געווענ מיט די סאמע פארשיידנסטע אונ אינטערעסאנטסטע זאכנ, אונטער דעמ העמדל איז שטענדיק געהאנגענ דאָס שטיקל גומי פונעמ ביקסל: ער פלעגט גוט טרעפנ אינ די עלעקטרישע לעמפּלעכ אונ געשאָסנ פונ זײַנ ביקסל אינ פויגלענ אפנ בעסוילעמ אָדער אינ די וועלדלעכ הינטערנ אָדלערנעסט.

— ס'איז דענ דיר ניט קיינ ראכמאָנעס אפ די פייגעלעכ? — פלעגט לענע פרעגנ.

סעריאָזשע האָט, פארשטייט זיכ, ראכמאָנעס געהאט אפ די פיי־

געלעך. נאָר ער וואָלט זיך דעריבּ לענען קיינמאָל ניט מוידע געווען און ער האָט איר געענטפערט מיט די זעלבּע ווערטער, מיט וועלכע זײַן גאס-כאווער, דער לערנייִנגל איבּ דער דרוקערײַ, האָט אים געענטפערט:

— וואָס איז דאָ ראכמאָנעס צו האָבּן אפּ זיי? אפּ מענטשן האָט מען קייבּ ראכמאָנעס ניט, וועלן מיר גייבּ ראכמאָנעס האָבּן אפּ פייגעלעך.

אבּ אנדערשמאָל פלעגט אים געלינגען אוועקשלעפּן לענען מיט זיך אפּן אָדלערנעסט.

פון בארג האָט זיך געזען די פּאנאָראמע פון קאָרפּוסן און קוימענס פון קריגס-האפּן; עס האָט זיך געזען פון דאָרטן פּיאָטער דעם גרויסנס אײַנגוס, די פּארויכערטע בוכטע, וואָס איז פול אָנגעשטעלט געווען מיט שיפן, דער גרינער, באוועלדלטער טשורקין-קאפּ. הינטערן קאפּ האָט זיך געשפּרייט דער בלויער יאפּאָנישער יאם, האָבּן זיך געזען די פעלדזיקע, באדעקטע מיט וואלד, בלויע אינדזלען.

אפּ דער זײַט בוכטע זײַנען געלעגן אָנגעוואָרפן שטיבּער, באגאָסענע מיט זון; זיי האָבּן זיך געקלאמערט איינע איבּ די אנדערע און אלע צוזאמען געקראָכן אפּן בארג; עס האָט זיך געזען די געשלענגלטע לענטע פון דער הויפּט־גאס, וואָס איז פול אָנגעפּראָפּט געווען מיט מענטשן, און די אלע זײַטיקע, קרייצנדיקע זיך געסלעך, וואָס האָבּן געשטראָמט איבּ דער הויפּט-גאס ארײַן. רעכטס און לינקס, אפּ די בערג און איבּ טאָלן, איבּ רויך פון די דיקט־זאוואָדן און מילן האָבּן זיך געצויגן די פּאָרשטעט — די ארבּעטער־פּאָרשטאָט, די נאכאלאָווקע, מאטראָסקע, קאָרייִשע, טויבּנטאָל, קופּעראָווטאָל, עגערשעלד, דער פוילער ווינקל. אפּ יענער זײַט אָדלערנעסט, צופוסנס פון בארג האָבּן זיך געצויגן די גרינע וועלדלעך, הינטער די וועלדלעך — די לאנגע כאָליערע־באראקעס, הינטער די באראקעס — אבּ איינזאמע שווערע געבײַדע · פון טונקלרויטן ציגל — די ספּיסע. דער ריזיקער הימל האָט דאָס אלץ צוגעדעקט מיט זײַן ליכטיקן צודעק.

און, אונטערשפּארנדיק דעם הימל, ווי ריזיקע בלויע מאמאָנטן, זײַנען איבּ דער ווײַט געשטאנען די בערג, די סיכאָטע־אלינסקער קייט.

דער אָדלערנעסט איז איבּ דער צײַט פון דער רוסיש־יאפּאָנישער מילכאָמע צעגראָבּן געוואָרן, פול באדעקט געוואָרן מיט אָקאָפּעס און בלינדאזשן; איצט איז דאָס אלץ פארוואנדלט געוואָרן איבּ

היילנ. שרעקלעכ ביז ווייטעק אינ בויכ, איז געווענ ארומצוקריכנ איבער אָט די היילנ. ווענ זיי זײַנענ ארויסגעקראָכנ אפ דער ליכטיקער וועלט, האָבנ זיכ לענע מיט סעריאָזשענ געיאָגט איינער נאָכנ אנדערנ, געשטיפט, געקוויטשעט, ווי הינטלעכ, ווי קנײַלעכלעכ געקײַקלט זיכ פונ די בערג, געשראָקנ אזש די טויבנ, ארומגעטאנצנט אזוי לאנג, ביז זיי זײַנענ שיער צום טויט ניט פארמאטערט געוואָרנ.

אנ אנדערשמאָל פלעגט סעריאָזשע מיטנעמענ מיט זיכ לענענ אינ האפנ ארײַנ. דאָס איז געווענ א געפערלעכע אונטערנעמונג; די ניאנקעס פלעגנ שרעקנ די קינדער מיט די כוליגאנעס פונ האפנ: פאר גיינ אינ האפנ פלעגט די שול־אדמיניסטראציע באשטראָפנ.

אינ האפנ האָט געשמעקט מיט פיש, מאזוט, מאראנצנ, וואסערגעוויקסנ, אָפיום. די בוכטע איז פול אָנגעפראָפט געווענ מיט האנדלשיפנ, קריגשיפנ, זעגלשיפנ, דאמפערס. צווישנ די שיפנ האָבנ ארומגעשלײַערט שליופקעס, כינעזישע שאמפונקעס, שאלאנדעס. שיפנ זײַנענ געקומענ פונ אלע לענדער פונ דער וועלט, באפוצטע מיט בונטע, פארשיידנקאָלירטע פענדלעכ.

סעריאָזשע מיט לענענ האָבנ ארומגעבלאָנקעט צווישנ די געצינקטע פאקהײַזער, פעק אונ קאסטנס מיט סכוירע, האפנ־שענקענ אונ שערערײַענ, זיי זײַנענ געגאנגענ פארטויבטע פונ געדונער פונ די הייבקראנענ, פונ געפײַפ פונ די סירענעס, פונ די שיקערע לידער, פונ געזידל פונ די מאטראָסנ אונ טרעגער, וואָס האָבנ ארומגעשמײַעט מיט שווערער מאסע אפ די פלייצעס איבער די לייטערס, וועלכע האָבנ זיכ געבויגנ אונטער זייערע פיס, פונ פארשיידנשפראכיקנ גערייד פונ די כינעזער, אמעריקאנער, יאפאָנער, פראנצויזנ, קאָרייער, מאלײַער, אינדוסנ, וואָס האָבנ אָנגעפילט דעמ פאָרט אינ זייערע פארשיידנערליי קאָסטיומענ — בלויע קליידער, מאטראָסקעס, קײַלעכיקע, ווי בא די קעכער, ווײַסע אונ בלויע היטעלעכ, כינעזישע, אפ וואטע געשטעפטע הויזנ, קאָרייִשע כאלאטנ, יאפאָנישע קימאָנאָ, אינדישע אונ מאלײַיִשע, ווײַסע אונ געלע טשאלמעס.

לענע האָט זיכ א דערשראָקענע געטוליעט צו סעריאָזשענ, מיט א כײַיִשנ נײַגיר געקוקט אלצ ארומ, אונ סעריאָזשע האָט מיט אופגעפינקלטע שווארצע אויגנ אנ אופגעברויזטער געגעבנ איר צו דערקלערנ דאָס אלצ, וואָס האָט זיכ זיי אינ וועג געטראָפנ, אונ געשלעפט זי מיט זיכ אלצ ווײַטער אונ ווײַטער.

אָפּט פלעגן ייִנגלעך אין צעריסענע הויזן זיך טשעפּען צו סער־יאָזשען:

— היי, גימנאַזיסטל!... קום אהער, איך וועל דערלאַנגען בא דיר א ביסל פּארב!..

— גוט, גוט! — האָט מיט אַן אומדערוואַרט סאָלידער און באַסאָווער שטים געענטפערט סעריאָזשע. — גיי, זוך דיר א פּרייַער, ניט אַפּ אזא האָסטו אָנגעטראָפן!...

לענע האָט מיט כידעש געקוקט אַפּ אים.

אויב דאָס ייִנגל האָט זיך שוין גאָר שטארק געטשעפּעט, האָבן זיך סעריאָזשקעס אויגן אָנגעצונדן, איין ברעמ האָט זיך צעהיצט א פלינק געטאָן אין דער הייך, ער האָט זיך גענומען פארקאשערן די ארבל און אויך א סטראשע געטאָן לאָזן בלוט, צענעריקן די צורעס, ארויסשרויפן די הענט מיט די פיס, און אליין האָט ער דערווייל אומבאמערקט געמאכט די פלייטע, אַפּשטופּנדיק לענען ערגעץ צו די קאסטנס נעענטער.

— דו האָסט גאָר פאר זיי קיין מוירע ניט? — האָט מיט א שעלמישן פייערל אין די אויגן א פרעג געטאָן לענע.

— פארוואָס עפּעס זאָל איך מוירע האָבן פאר זיי? — האָט ער געענטפערט, ניט קוקנדיק אַפּ איר.

נאָר לענען איז שווער געווען אָפּצונארן.

— ניין, דו בארימסט זיך, איך ווייס דאָך, אז דו בארימסט זיך בלויז... נאָר דאָס איז ריכטיק אזוי: איך אויך, ווען איך האָב מוירע, באוויַיז איך עס ניט ארויס...

אויב די יאטלעך, וואָס האָבן זיך אין וועג באגעגנט, האָבן אַפּ לענעס אדרעס געוואָרפן צינישע ווערטלעך, האָט זיך סעריאָזשע אָנגעכמורעט און, שעמענדיק זיך פאר לענען, האָט ער זיך געמאכט, אז ער האָט גאָרנישט ניט געהערט, נאָר לענע האָט פארגעדענקט די צינישע ווערטלעך און דערנאָך זיך נאָכגעפרעגט בא סעריאָזשען וואָס זיי באטייַטן.

נאָך אזעלכע שפּאצירן פלעגט זיך לענע צוריקקערן אהיים אין שמוציקע שיך און א צעריסן קליידל. זי פלעגט אריינגיין אין שטוב דורך דער הינטערטיר און איבערטאָן זיך אין צימער פון דער פרויליינ־דינערשאַפט: די דינערשאַפט האָט איר אין אלץ נאָכגעגעבן.

פאר די דאָזיקע פארווײַלונגען האָט לענע געצאָלט סעריאָזשען

מיט קאָמישע אָדער שוידערלעכע געשיכטעס, אָדער געשפּילט אימ אפּילע גאנצע פאָרשטעלונגענ. זי האָט געהאט א באזונדערס שארפנ כוש צו אלדאָס קאָמישע, העסלעכע, פארקריפּלטע און נעבעכדיקע.

זי האָט אימ געוויזנ, ווי עס שפּאצירנ יונגעלײַט מיט א „ווונק אפ נאָענטקײַט, וואָס האלט אינ געבוירנ ווערנ", און ווי עס שפּאצירנ „אײַנגעלעבטע" שוינ מענער מיט ווײַבער; זי האָט אימ פאָרגעשטעלט א הינקעוודיקײַט אנ „אזעסדיקע" און א הינקעוודיקײַט א „נעבעכדיקע"; זי האָט זיכ פארשטעלט פאר א „פרוי-וואמפּיר", פאר א דאמע, וואָס נעמט אופ געסט אפ דער דאטשע, פאר אנ אָרעמ מיידעלע, מיט וועלכער די רײַכע קינדער ווילנ ניט שפּילנ, פאר א מיידעלע, וואָס האלט, אז אלע האָבנ זי ליב און אינדערעמעסנ האָט זי קיינער ניט ליב.

סעריאָזשע האָט מיט כידעש און אנציקונג געקוקט אפ איר, נאָר אנ אנדערשמאָל פלעגט אימ פלוצלינג ווערנ ניט גוט דערפונ און ער פלעגט זיכ נעמענ בעטנ בא איר, אז זי זאָל אופהערנ, און איינמאָל האָט ער, אלײנ ניט וויסנדיק פארוואָס, פלוצלינג צערעוועט זיכ און דערנאָכ עטלעכע וואָכנ נאָכאנאנד ניט געקומענ צו לענענ.

16

צו דרײַצנ-פערצנ יאָר האָט שוינ לענע גוט געקענט יענע וועלט, אינ וועלכער זי האָט געלעבט. זי האָט שוינ גוט געוווסט דעמ פרײַז פונ דעמ אלעמענ, וואָס זי האָט געקאָנט באקומענ אינ אָט דער וועלט, און האָט שוינ ניט דערווארט פונ איר לעבנ אינ אָט דער וועלט קיינ שומ אויסערגעוויינלעכס. אָבער זי איז שוינ ארײַנגעוואָקסנ אינ אָט דער וועלט, צוגעוווינט זיכ צו אלדאָס אויסערלעכע, וואָס די דאָזיקע וועלט האָט איר געגעבנ, — צוגעוווינט זיכ דערצו, אז זי זאָל זיכ שיינ אָנטאָנ, עסנ געשמאקע און זיסע שפּײַזנ, פאָרנ אינ גימנאזיע אינ א פאעטאָנ, האָבנ די בעסטע ערטער אינ די טעאטערס און קינעמאטאָגראפנ, צוגעוווינט זיכ דערצו, אז דאָס אלצ זאָל איר עמעצער געבנ און זי אלײנ זאָל זיכ וועגנ קיינ שומ זאכ ניט דארפנ זאָרגנ. לאנגווײַלנדיק זיכ און פּײַניקנדיק זיכ מיט דער וואָכעדיקײַט און איינטאָניקײַט פונ אזא מינ לעבנ, האָט זי אָבער אינ דער זעלבער צײַט שוינ ניט פאָרגעשטעלט זיכ, אז זי זאָל קאָנענ לעבנ ווי-ניט-איז אנדערש.

און נאָר אין איין געביט פון די מענטשלעכע באַציִונגען האָט זי נאָך געהאָפט צו געפינען פאר זיך אָנגענעמס און ניט אויסגע־פרוווטס נאָך — אין געביט פון די באַציִונגען צווישן מאַן און פרוי.

די גאַנצע דערציִונג, וואָס די מיידלעך האָבן געקראָגן אין גי־מערס שטוב, האָט אין זיי אײַנגעפלאַנצט דעם געדאַנק, אַז דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין לעבן, באַזונדערס פאר דער פרוי, איז — פאַמי־ליען-לעבן. נאָר, צוהערנדיק זיך צו די געשפּרעכן פון די דערוואַקסע־נע, האָט זיך לענע איבערצײַגט, אַז וועגן פאַמיליען־לעבן רעדט מען שטענדיק ניט גערן, ווי וועגן עפּעס נייטוועדיקס, אָבער לאַנגווײַליקס, און וועגן ליבע רעדט מען גערן, אָפט און מיט אַ באַזונדערער היץ.

צוקוקנדיק זיך צו די יונגע מענטשן, וואָס האָבן זיך געדרייט אין טאַטאָטשקעס קרײַז, האָט לענע באַמערקט, אַז זייער מאַניר אָרי־גינעל זיך אָנצוטאָן, דעקלאַמירן לידער וועגן דער „הערלעכער דאַמע און וועגן „געבראָכענעם וואָרט", אַז דאָס אַרויסרופן גײַסטער אי־דעם פינצטערן צימער געבוירן און פאַרגרינגערן די ליבע־באַציִונגען צווישן זיי. ניט זעלטן האָבן די יונגע מענטשן געענדיקט דערמיטי וואָס זיי האָבן כאַסענע געהאַט צווישן זיך, געגומען זיך אָנטאָן ווי, אַלע מענטשן, אופגעהערט „האָפן אף וווּנדער" און באַזוכן דעם קרײַז.

וועגן דעם זעלבן האָבן אויך דערציילט די ביכער. די ביכער זײַנען איצט געווען פאר לענען דער ליבסטער אַרויסגאַנג אין אַן אַנדער וועלט, איבערהויפּט נאָך דערפאַר, וואָס דער דאָזיקער אַרויס־גאַנג אין אַן אַנדער וועלט האָט ניט געפאָדערט קיינע שום אָנשטרענ־גונגען.

און ווען אף די זומער־קאַניקולן פון פערצעטן יאָר איז צונויפ־מען מיט גימערס מיטעלן זון, וועניאַמינען, געקומען אויך דער כאַ־ווער זײַנער, וואָס איז נאָר וואָס אָפּיצער געוואָרן, איז לענעס קינ־דערשע, לאַנג שוין פאַרגעסענע אײַנגעליבטקייט אין אים אפּסנײַ גע־בוירן געוואָרן אף אַ נײַעם באָדן.

דעם זומער פון אָט דעם יאָר האָבן די גימערס פאַרבראַכט אף אַ דאַטשע אפן ברעג פון אויסגוס, אַ ווייאָרסט צוואַנציק פון שטאָט.

קימאַט אַלע טאָג זײַנען צו ליזען און אַדאָטשקען יונגעלײַט געקומען צו פאָרן; בא טאַטאָטשקען זײַנען אויך שטענדיק געווען צוגאַסט

עטלעכע מענטשן פֿון זײַן קרײַז. אַף דער דאַטשע האָט געהערשט די אַטמאָספֿער פֿון באַנאַכטישע שפּאַצירן, געהיימע קושעניש, טרערן און קוויטשערײַ.

דעם יונגן אָפֿיצער, װעניאַמינס כאַוער, האָט מען גערופֿן װסע־װאָלאָד לאַנגאָװאָי.

לענען איז געפֿעלן געװאָרן זײַנע לאַנגע גרויע װיִעס און דאָס, װאָס ער איז בעסער פֿאַר אַלעמען געשװוּמען און געשפּרונגען איבער אַ פּלויט, און אויך דאָס, װאָס ער האָט געלייענט מוטיקע לידער און איז געװען צוריקגעהאַלטן און שטאָלץ צװישן מענטשן, און אויך דאָס, װאָס ער האָט איר געשענקט אַ סאַך מער אויפֿמערקזאַמקײַט איידער אַנדערע, כאָטש ער איז געװען אַ סאַך עלטער פֿון איר.

װען ער האָט געלייענט —

„...זיג און רום, — איצט װערטער בלייכע,
נאָר אין מײַן ברוסט הילכט זייער קלאַנג,
װי דונער אין די הימלען הויכע,
װי אין דער װיסטע גאָטס געזאַנג...“

האָט לענע געװוּסט, אַז דאָס לייענט ער װעגן זיך... און די װערטער:

„...נאָר ניין, איך בין קיין העלד קיין טראַגישער,
איך בין איראָנישער און קאַלטער,
און בייז װי צװישן שפּילצײַג נאַרישע
אַן אָפּגאָט זילבערנער און אַלטער...“

— האָבן אָן סאָפֿעק זייער גוט געפּאַסט צו אים.

װען ער איז געזעסן אַנטקעגן איר אין שיפֿל און מיט זײַנע שטאַרקע פֿאַרברױנטע הענט געשיפּט מיט די װעסלעס, האָט זיך לע־נען געװאָלט אַרומכאַפּן זײַן האַלדז און צודריקן זיך צו אים. און װען ער האָט זי געקושט אין די אויגן און באַקן, האָט זי עס אים דערלויבט, כאָטש זי אַליין האָט אים מיט קיין קושן ניט געענטפֿערט.

— לענאָטשקאַ, איר װאָלט כאַסענע געהאַט מיט מיר? — האָט לאַנ־גאָװאָי געפֿרעגט.

— יאָ, איך רעכן, אַז יאָ, — האָט זי מיט איר רויִקער, געלאַ־סענער שטים אים געענטפֿערט.

— װעל איך װאַרטן אַף אײַך.

ער האָט איר געשענקט אַ זיגל מיט שװערדן און צװיי געקרייצ־

טע ביינער. לענע האָט די מאטאָנע אזוי שטארק באהאלטנ, אז זי האָט עס דערנאָכדעמ אלײנ ניט געקאָנט געפינענ.

נאָר אינ דעמ זומער האָט פאסירט איינע א וויכטיקערע נאָכ געשעעניש.

דאָס שטובמײדל אוליאשע איז עטלעכע טעג נאָכאנאנד בײז גע-וועזנ אפ אלעמענ אונ געהאלטנ אינ אײנ ברעכנ דאָס געפעס, דער-נאָכ איז זי געקומענ א שיקערע אונ זיכ צעוויינט. עס איז געקומענ צו פאָרנ דער אלטער גימער אונ א לאנגע צײַט געשריִענ אינ סאָד אפ דיודיענ, ווי אפ א קלײנ ייִנגל, אונ בא דיודיענ האָבנ דעמלט שוינ אָנגעהויבנ שפראָצנ שיטערע קאָטערשע וואנצעלעכ. סאָפקאָלסאָפ איז דיודיע אפ א שטיקל צײַט אָפּגעפאָרנ צו באקאנטע אפ א דאטשע אונ אוליאשענ האָט מענ ארויסגעטריבנ פונ גימערס שטוב.

סײַ לענע סײַ ליזע סײַ אדאָטשקע האָבנ זיכ אָנגעשטויסנ אפ דער געשיכטע, וואָס איז פאָרלאָפנ צווישנ דיודיענ מיט אוליאשענ, נאָר לענע האָט בא דער אלטער געפעסוועשערנ די ערשטע זיכ דער-וווסט אלצ מיט אלע אײנצלהײַטנ.

— ער איז געשלאָפנ מיט איר, אונ זי דארפ האָבנ א קינד, — האָט זי אינאָוונט פארנ שלאָפנ גײנ מיטגעטײלט די מײדלעכ.

אונ מיט די זעלבע אָפענע אונ ציניִשע אויסדריקנ, ווי זי אלײנ האָט עס געהערט פונ דער אלטער געפעסוועשערנ, האָט זי די גאנ-צע געשיכטע דערצײלט די מײדלעכ, וואָס זײַנענ געזעסנ אנטקעגנ איר מיט א פארטײַעטנ אָטעמ אונ אופגעהערט אפילע אראָפּשלעפּנ פונ זיכ די הויזנ מיט די זאָקנ.

— דאָס האָט שוינ ניט אײנמאָל פאסירט צווישנ זײ. דעמלט אפנ ברעג, דו געדענקסט, ליזע, ווענ ער האָט מיט אונדז ניט געוואָלט גײנ, איז דאָס אויכ געווענ.

— יאָ, די מאמע האָט געזאָגט, אז זי איז זײער אנ אויסגעלאסנ מײדל, — האָט א זאָג געטאָנ ליזע, וואָס איז געווענ די סאמע מע-יושעוודיקע צווישנ זײ.

— אָבער ווי טוט מענ דאָס? — האָט די פראָסטעוואטע אדאָטש-קע א פרעג געטאָנ. — דאָס מוז זײַנ אָנגענעמ, — האָט זי אומדערווארט א זאָג געטאָנ, א רוק ארונטער זיכ געגעבנ אונטער דער קאָלדרע אונ צעלאכט זיכ אינ קישנ ארײַנ.

לענע האָט זיכ דערמאָנט, אז ווענ זי אלײנ האָט געפרעגט בא

דער געפּעסטוועשערן, צי וואָס איז אָנגענעם, האָט זיך די אַלטע מיט א שמייכל אָפּגעקערט פון איר:

— איר. לענאָטשקע, טאָ'רט נאָך דערפון ניט וויסן... און ווי עס זאָל זיך דאָרטן ניט זײַן, איז אָבער לעסאָפּ באקומט זיך עס הוילע פּײַן.

נאָר לענע האָט וועגן דעם די מיידלעך ניט דערציילט.

נאָך דעם דאָזיקן פאל האָט לענע מיט אירע שוועסטער, שעמענדיק זיך איינע פאר די אנדערע, ניט איינמאָל נאָך זיך צוריקגעקערט צו דער דאָזיקער טעמע אין זייערע באנאכטיקע שמועסן. לענען האָט געיבלט פון געדאנק, אז אזא מין זאך איז מעגלעך צווישן איר מיט לאנגאָוואָי, כאָטש איר שרעקלאָזע פאנטאזיע האָט ניט איינמאָל געפּרווט פאר איר פאָרשטעלן, וויאזוי דאָס קאָן פּאסירן.

17

ערעוו דער וועלט־מילכאָמע איז אפ גימערס אײַזנארצ־גרובן אויסגעבראָכן א שטרײַק.

דער אלטער גימער האָט שוין עטלעכע מאָל אָנגעטאָן דאָס לעדערנע קעפּי און די געלע קראגעס און ארויסגעפּאָרן אפ די ערטער, און דער שטרײַק איז אלץ ניט געבראָכן געוואָרן. עטלעכע וואָכן דורכאנאנד איז ער אפ דער דאטשע אינגאנצן ניט געקומען, פארבראכט די גאנצע צײַט אין שטאָט אָדער אפ די גרובן.

אין אדמיראל נעוועלסקיס סאָד האָט געדארפט פאָרקומען א גרויסער אאוקציאָן מיט א לאָטעריי לעטויוועס דער ווילטעטיקער געזעלשאפט צו העלפן דער שטודירנדיקער יוגנט.

אין טאָג, ווען עס האָט געדארפט פאָרקומען דער אאוקציאָן, אינדערפרי, איז סאָפיא מיכײַלאָוונא אופגעשטאנען פון שלאָף מיט א קאָפּ־ווייטעק. ליזע, אדאָטשקע און לענע, וואָס האָבן געדארפט אָנטיילנעמען אין דעם דאָזיקן אאוקציאָן אלס פארקויפערנס, פרייענדיק זיך דערמיט, וואָס זיי וועלן פאָרן אין שטאָט ארײַן אָן דער באגלייטונג פון עלטערע מענטשן, האָבן אָנגעטאָן ווײַסע היטעלעך, ספּעציעל אופגענייטע צו דעם דאָזיקן טאָג זײַדענע קליידלעך, לויטן פאסאָן פון די קליידלעך, וואָס פארקויפערנס טראָגן, פארקרײַזלט זיך די האָר, אָנגעפּודערט זיך, און לעבעדיקע פונעם פאָרשטייענדיקן יאָנטעוודיקן טומל און באגעגענישן אפן אאוקציאָן, אין וועלכן עס האָבן

געדארפט אָנטיילנעמען אַלע רײַכע הייזער פונ דער שטאָט, האָבנ זיי זיכ געזעצט אפנ אינדערפריִקנ דאטשע־צוג אונ אָנגעקומענ אינ שטאָט אַרײַנ.

מיט פריילעכנ געלעכטער אונ געפלאפל זײַנענ זיי ארופגעלאָפנ אפ די טרעפ פונ גימערס שטוב, אונ אדאָטשקע האָט אָנגעקלונגענ. נאָר זיי זײַנענ גלײַכ אנשוויגנ געוואָרנ: די טיר האָט געעפנט א לאכלוטנ אומבאקאנטער מענטש מיט א ברייטביינערדיקנ פּאָנעם פונ ערדקאָליר, מיט אנ אײַנגעפאלענער אויבערשטער ליפּ אונ מיט אָדער־דיקע הענט, אונ דורכ דער אָפענער טיר האָט זיכ ארײַנגעריסנ א טומל פונ גראָבע מענערשע שטימענ, וואָס האָבנ זיכ הייס געקריגט.

דער מענטש האָט, ווײַזט אויס, געעפנט די טיר אינגאנצנ מאשינאל, בלויז דערפאר, וואָס ער איז געשטאנענ נעענטער איידער אנדערע: ער האָט אפילע ניט א קוק געטאָנ אפ די, וועמענ ער האָט די טיר געעפנט, אונ גלײַכ זיכ פארייניקט צו דער היציקער קאָמ־פאניע.

בא דער טיר, וואָס האָט געפירט אינ גימערס קאבינעט ארײַנ, איז געשטאנענ גימערס אלטער לאקיי, וואָס איז ענלעכ געווענ אפ דאָסטאָיעווסקינ. ער האָט מיט זײַנ גרויסנ גופ פארשטעלט די טיר, אונ דרײַ מאנצבלענ אינ פּראָסטע קליידער, שטארק פאָכענדיק מיט די הענט אונ שרײַענדיק, אָנפילנדיק דעמ גאנצנ קאָרידאָר מיט פרעמדע גערוכנ, האָבנ געשפארט אפ אימ, געוואָלט זיכ דורכרײַסנ אינ קא־בינעט ארײַנ. קיינער פונ די צעהיצטע מענטשנ, אפילע דער לאקיי, האָט די פריילנס ניט באמערקט.

— נעכטנ א גאנצנ טאָג געפאטערט, — ניט געקאָנט אונדז אופ־נעמענ, — האָט איינער פונ די מאנצבלענ געשריִענ, — א גאנצנ טאָג אינ דער קאָנטאָר געסטארטשעט. וואָס איז עס פאר אזוינס?

— איכ האָב אײַכ דאָכ געזאָגט, ליבע מענטשנ, — ער האָט ניט געהייסנ אופנעמענ, — האָט דער לאקיי געענטפערט.

— אונ מיר וועלנ סײַוויסײַ ניט אוועק פונדאנענ, גיב עס אי־בער דעמ הער דײַנעמ, — מירנ זיכ אנידערזעצנ דאָ אונ ניט אוועק, — האָט בייז געשריִענ דער מענטש מיט דער אײַנגעפאלענער אויבער־שטער ליפּ.

— לאָז אָפּ, קירפּיטשאָוו, שרײַ ניט, מע דארפ מיט גוטנ, — האָט אימ דער דריטער בארויִקט, — דו קלײַב זיכ אקאָרשט פאנאנדער,

ווילגראדיקייט דיינע: אוועק פונדאנען קאָנען מיר ניט, נו, וואָס וועלן מיר די כאוויירים זאָגן? — האָט ער זיך געווענדט צום לאַקיי.— איך רייד צו דיר, כאווער טייערער, אפ א קלאָרער שפּראך, איך האָב דיר געזאָגט, אז געשיקטע זיינען מיר, מיר קאָנען ניט אוועק פונדאנען אָן אן ענטפער...

— מע האָט ניט געהייסן אופנעמען, — האָט דער לאַקיי געענטפערט.

די מיידלעך, אָנגעשראָקענע, מיט אויסגעצויגענע פּענעמער, זיינען אוועק אין עסצימער און פאַרהאַקט נאָך זיך די טיר.

— וואָס איז דאָס? — האָט א בלייכע אַדאָטשקע א פרעג געטאָן.— ווו איז דער פאַפּא?.. איך האָב מוירע, — האָט זי פּלוצלינג א זאָג געטאָן, פאַרקרימט דאָס פּאָנעם, גרייט צעוויינען זיך און אנידערגעזעצט זיך אפ א שטול.

לענע און ליזע האָבן איר גאָרנישט ניט געענטפערט. זיי זיינען געשטאַנען מיט אָנגעשטרענגטע אויערן צו דער טיר.

פון פאָדערצימער האָט זיך דערטראָגן דער טומל, איינצלנע אויסגעשרייען:

— מענטשן זיצן אָן א ביסן ברויט.. דו ארבעטסט אליין פאַרן פּיצל ברויט, ווו איז דיין סאָוועסט?

און אין פאַרשיידנשטימיקן געטומל האָט זיך די גאַנצע צייט אַריינגעפלאָכטן דער שטרענג־בעטנדיקער קאָל פונעם אלטן לאַקיי:

— אוועק, פיינע לייט, איך בעט אייך מיט גוטן, ניט געהייסן געוואָרן אופנעמען...

די שטימען זיינען אלץ שטארקער געוואָקסן, דערנאָך האָט דעם גאַנצן טומל באַדעקט דער הייזעריקער בייזער אויסגעשריי פונעם מענטשן מיט דער איינגעפאלענער אויבערשטער ליפּ:

— גייט ער צום טייוול, דער דאָזיקער פּריצישער קנעכט! זעצט זיך! כעוורע, מירן וואַרטן.

אפ איין ווײַלע איז אבסאָליוט שטיל געוואָרן. דערנאָך האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון א האַסטיק-צעעפנטער טיר, און פּלוצלינג האָט זיך איבער דער גאַנצער שטוב צעטראָגן דער געדונער פון דעם אלטן גימערס קאָל:

— אַרויס!..

— פּאַפּאַ! — האָט ליזע א געשריי געטאָן און צעעפֿנט די טיר.

די דרײַ אומבאַקאַנטע מענטשן זײַנען אָפּגעשפּרונגען צו דער טיר, געבליבן שטיין דאָרטן, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט אין א גע־שלעג זיך וואַרפֿן. דער לאַקיי איז געשטאַנען מיט אַן אָפֿענעם מויל און אויסגעשטרעקטע הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט כאַפּן עפּעס א זאַך, וואָס האַלט אין פֿאַלן. און אויף יענעם אָרט, ווו עס איז נאָר־וואָס געשטאַנען דער לאַקיי, איז געשטאַנען דער אַלטער גימער אַליין, אין איין זשילעטקע, מיט עטוואָס געבויגענע קני פֿון זײַנע בערישע פֿיס, מיט א צונטערן פּאָנעם און פּליך און מיט דער האַנט געוויזן אויף דער טיר.

ליזע האָט געפֿילט, ווי דאָס האַרץ האָט בא איר אויפֿגעהערט קלאַפּן. זי האָט ניט באַנומען די ווערטער, וואָס גימער האָט אַרויס־געשריִען. זי האָט בלויז געהערט דעם דונער פֿון זײַן שטים און גע־זען זײַן שוידערלעכן אויסזען.

— אין דער פּאָליציי!.. כ׳וועל אײַך אָנלערנען!.. — האָט גימער געדונערט.

אין דער מינוט האָט זיך דערהערט א שטאַרקער קלאַפּ אין דער אַרײַנגאַנג־טיר — דער לאַקיי האָט זיך א לאָז געטאָן זי עפֿענען; אין קאָרידאָר האָבן זיך אַרײַנגעוואַלגערט דער הויזוועכטער מיט דער בלעך אויף דער ברוסט, עטלעכע פּאָליציִאַנטן מיט א פּאָליציי־אָפֿיצער אין ווײַסע הענטשקעס.

ליזע האָט א געשריי געטאָן און פֿאַרהאַקט די טיר אין עסצימער אַרײַן; אַדאָטשקע האָט זיך צעוויינט; נאָר לענע, זײַענדיק באַוועגט פֿון עפּעס אַן אומפֿאַרשטענדלעכן פֿאַר איר אַליין געפֿיל, האָט ווידער אַן עפֿן געטאָן די טיר און מיט א פֿאַרשטיינערט פּאָנעם געבליבן שטיין אָפֿן שוועל.

זי האָט געזען, ווי דער הויזוועכטער מיט די פּאָליציִאַנטן האָבן געדרייט די הענט פֿון די אומבאַקאַנטע מענטשן, וואָס האָבן זיך גע־ריסן פֿון זיי און עפּעס בייז געשריִען, זי האָט געזען, ווי דער פּאָ־ליציי־אָפֿיצער האָט מיט זײַן האַנט אין דער ווײַסער הענטשקע געגעבן א פּאַטש דעם מענטשן מיט דער אויבערשטער אײַנגעפֿאַלענער ליפּ, זי האָט געהערט דעם דונער פֿונעם אַלטן גימערס קאָל און דעם שווערן אָטעם פֿון די מענטשן, וואָס האָבן זיך געווערט.

די פּאָליציִאַנטן און דער הויזוועכטער האָבן אַרויסגעשטויסן די

אומבאקאנטע מענטשן אף דער גאס; דער פּאָליציי־אָפיצער האָט א לייג געטאָן זײַן האנט אין דער ווײַסער הענטשקע צום דאשעק, מיט אכטונג זיך א נייג געטאָן פארן אלטן גימער און איז אויך אוועק. גימער איז א ווײַלע געשטאנען, אויסגעדרייט צו לענען זײַן צונטערע צורע, ניט דערקענט זי, אוועק צו זיך, האקנדיק מיט אלע טירן.

אין קאָרידאָר איז געבליבן איינע לענע מיטן אלטן לאקיי.

— דו רעדסט דאָך, דוכט זיך, צו מענטשן אף א מענטשלעכער שפראך, — האָט דער אַלטער לאקיי א זאָג געטאָן מיט אזא טאָן, ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס אנטשולדיקט, — דו בעטסט זיך בא זיי: גייט אוועק, ליבע מענטשן, און זיי — אָט וויאזוי...

ער האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט, אָנגעבויגן דעם קאָפּ און אוועק נאָך גימערן.

אין א פּאָר טעג ארום איז דער שטרײַק דערשטיקט געוואָרן דורכן מיליטער, און גימער איז געקומען צו פאָרן אף דער דאטשע.

ער איז געווען רויק און וויציק, ווי שטענדיק, און ליבלעך גע־שפּאסט מיט לענען, וועמען ער האָט ליבער געהאט איידער זײַנע אייגענע קינדער. און לענע האָט זיך געסטארעט צווינגען זיך צו האלטן זיך און פילן זיך אזוי, ווי עס וואָלט קיין זאך ניט פּאסירט. נאָר אין איר זיקאָרן איז די גאנצע צײַט געשטאנען דאָס בילד, ווי גימער שטייט אין קאָרידאָר מיטן צונטערן פּאָנעם און פליך און מיט די צוואָרפענע הענט, און ווי די פּאָליציאנטן האָבן פון שטוב ארויס־געוואָרפן די דרײַ אומבאקאנטע מענטשן אין די פּראָסטע קליידער.

דער גימער, וואָס איז איצט באַם טיש געזעסן, איז ניט געווען ענלעך אף יענעם גימערן, — ער האָט א סאך געגעסן, געווײַלט זיך און גוטמוטיק געלאכט, ווי ער וואָלט זיך געשטיקט מיט א פיש־ביינדל, און ער האָט ניט באמערקט, ווי שארף, אופמערקזאם און פאָרשנדיק עס פארהאלט זיך אף אים דער בליק פון לענעס גרויסע טונקעלע אויגן, און ווי אָפט עס ציטערן אירע ליפּן.

18

ווי נאָר די מילכאָמע האָט אויסגעבראָכן, איז גימערס מיטלסטער זון, וועניאמין, אוועקגעפאָרן אפן פראָנט. אפן פראָנט איז אויך אוועק וסעוואָלאָד לאנגאָוואָי. איינקורצן איז דיודיע, וואָס איז געזעסן צו צוויי יאָר אין א קלאס און אלץ ניט געקאָנט ענדיקן די שול, אָנ־

געקומען פרײַוויליק אין דער שול פאר פראפּאָרשטשיקעס און אויך אוועק אפן פראָנט. אפן פראָנט האָט געדארפט גיין אויך טאטאָטשקע, נאָר דער פאָטער האָט דורך געלט אויסגעסטארעט זיך פאר אים א שטעלע אין עפעס א מיליטערישן אנשטאלט, טאקע דאָ אין שטאָט; אין דעם דאָזיקן אנשטאלט האָט טאטאָטשקע גאָרנישט ניט געטאָן, ער האָט בלויז געטראָגן א מיליטערישע אוניפאָרם.

א סאך יונגעלײַט פון אנדערע רײַכע פאמיליעס זײַנען אויך אָדער אוועק אפן פראָנט, אָדער אײַנגעאָרדנט זיך אין די הינטער־לאנד־אנשטאלטן.

צו די געוויינלעכע געשפּרעכן, וואָס זײַנען געפירט געוואָרן אפ די פאראדנע מיטיקן און אָוונטברויטן, זײַנען איצט צוגעקומען די געשפּרעכן וועגן די דערפאָלגן און ניצחוינעס פון די רוסישע אר־מייען, וועגן די דײַטשישע אכזאָריעסן, וועגן געזונט פון די זין, וועגן די פארוואונדעטע און באלוינונגען. אמאָל פלעגן אויך געלייענט ווערן די בריוו פון פראָנט.

פון די בריוו איז באוווּסט געווען, אז וועניאמין, וואָס האָט גע־דינט אין איינעם א שטאב, איז געהעכערט געוואָרן אין טיטל, און ווסעוואָלאָד לאנגאָוואָי, וואָס איז געווען קאָמאנדיר פון אן אינפאנ־טעריע-טייל אין דעם זעלבן קאָרפּוס, איז פארוואונדעט, באלוינט מיט א ציילעם און איז אויך געהעכערט געוואָרן אין טיטל. זיי ביידע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באנוצן זיך מיטן אורלויב, וואָס האָט זיי געקומט, און אין דער שטאָט האָט מען וועגן זיי גערעדט ווי וועגן העלדן.

אין פופצעטן יאָר איז געקומען אין אורלויב דיודיע, וועלכער איז ניט געווען פארוואונדעט, איז מיט קיין זאך ניט באלוינט גע־ווען, האָט קיין שום נײַעם טיטל ניט באקומען, נאָר וועלכן מע האָט אין שטאָט אופגענומען אויך ווי א העלד. קימאט די גאנצע צײַט פון זײַן אורלויב איז דיודיע געווען טויט שיקער, אויסגעגעבן דעם פאָטערס א מאסע געלט און אין א כוידעש ארום נאָך זײַן אוועק־פאָרן איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער ארבעט דאָס צווייטע שטוב־מיידל, וואָס האָט צו דער צײַט געארבעט בא די גימערס אָנשטאָט אוליאשען.

דאָס לעבן פון דער ווײַבערשער העלפט פון גימערס מישפּאָכע איז זיך געגאנגען ווי פריער, דער כילעק איז נאָר באשטאנען אין

דעם, וואָס די אַלערליי אאוקציאָנען, לאָטערייען און יאָנטויוויים זיינען איצט איינגעאָרדנט געוואָרן לעטויוועס די צעקאליעטשעטע מיליטער־לייט אָדער אַפּ מאַטאָנעס פאַר די שלאַכט־לייט פון דער רוסישער אַרמיי, און די שילער־אָוונטן, אַפּ וועלכע עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פּאַטריאָטישע קאָנצערטן און ווו עס זיינען געזונגען געוואָרן די הימנען פון די פאַרבינדעטע, זיינען געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעך אָפטע דערשיינונג, און געטאַנצט האָט מען דאָרטן, ווי נאָך קיינמאָל ביז איצט.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ריי קאָמיטעטן און געזעל־שאַפטן צו העלפן די קאָרבאָנעס פון דער מילכאָמע. די פיינסטע און אויסגעפּוצסטע פרויען און מיידלעך פון די סאַמע רייכסטע פאַמיליעס אין דער שטאָט האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געניייט וועש און זעקעלעך און סאָרטירט מאַכאָרקע — מאַטאָנעס די סאָלדאַטן, און דאָך האָט די מילכאָמע נאָך אַלץ ניט געבראַכט צום געוווּנטשטן ניצאָכן. אַפּ די גאַסן האָבן אַלץ אָפטער און אָפטער גענומען זיך באַווייזן קאַלי־קעס און בעטלער, אַפּ די טראָטואַרן האָבן זיך געשלענגלט שוואַרצע און גרויע רייען בײַ די קראָמען און מאַגאַזינען, אַפּ די וואָקזאַלן האָבן געבושעוועט אַלץ נײַע און נײַע, איצט שוין גאָר יונגע רעק־רוטן, וואָס האָבן זיך ווער ווייסט ווו אָנגעשיקערט, עס האָט זיך באַוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע צאָל אווטאָמאָבילן מיט פריילעכע דאַמען און דיקע, גלאַנציקע, ווי די ווײַספּיש, מענער אין האַרטע היט, און עפּעס אַן אַלגעמיינער דראָענדיקער אומרו האָט זיך צעגאָסן איבער דער וועלט.

די מילכאָמע האָט זיך אָפּגערופן אויך אַפּ גימערס געשעפטן. עס האָט ניט געקלעקט קיין שטיינהעקער, בויערער, מעכאַניקער, און די ציפערן פון דער רובלס זיינען געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער גינסטיק פאַרן געשעפט.

סאָפּקאָלסאָפּ האָט דער לאַקיי, וואָס איז ענלעך געווען אַפּ דאָס־טאָיעווסקין, איינגעפּאַקעוועט אין טשעמאָדאַן גימערס אויסערגעוויינ־לעך גלאַנציקן שוואַרצן פראַק און די געלע שטיבלעטן מיט די שאַרפע נעזן, און גימער איז אַוועקגעפאָרן אין פּעטראָגראַד. גימערס אונטער־נעמונגען, וואָס האָבן זיך געפונען אַפּ צען טויזנט וויאָרסט ווײַט פון די זאַוואָדן, וואָס האָבן געאַרבעט אַפּן לאַנדשוץ, זיינען אַנערקענט געוואָרן אין פּעטראָגראַד אַלס זאַוואָדן, וואָס אַרבעטן אַפּ לאַנדשוץ,

און ווען גימער האָט זיך צוריקגעקערט, האָט דער פּאָרטרעט פון זײַן גוטמוטיקער צורע באַשײַנט מיט זיך אַלע צײַטונגען פון דער שטאָט.

די מילכאָמע האָט געבוירן די לוסט צו דײַכטערע און נאָך גרעסערע פאַרדינסטן. גימער האָט זיך געהאַלטן לענגער פאַר אַלעמען, נאָר איינמאָל האָט ער אַ שפּײַ געטאָן דערופּ, אָפּגעווישט זיך דעם פּליך, און ווי אַ בער, וואָס איז נאָרוואָס פון דער קייט אַראָפּגעלאָזט געוואָרן, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן, דער טײַוול ווייסט צו וועלכע אָפּעראַציעס, טרעטנדיק אַלעמען אויפן וועג מיט זײַנע שווערע בערישע לאַפּעס.

אין גימערס קאַבינעט, אין דער קאָנטאָר און אויף דער דירע האָבן זיך באַוויזן פלינקע, דיקינקע מענטשן מיט פּאָרטפעלן, אין קורצע געקעסטלטע הויזלעך, מיט אַ האַסטיקן גערייד, — פריִער האָט מען אָט די מענטשן אויף דער שוועל ניט אַרופגעלאָזט.

אויף גימערס פאַראַדנע מיטיקן און אָוונטברויטן האָבן זיך באַוויזן כינעזישע סאָכרים אין זײַדענע כאַלאַטן, וואָס זײַנען ענלעך געווען אויף די קאַפּאָטעס פון קסיאָנדזן. זייערע באַזוכן האָבן פאַרשאַפט אויסערגעוויינלעכע לײַדן סאָפיאַ מיכײַלאָוונאַ. דאָס זײַנען געווען ריינע, איידעלע, גוט אויסגעפּאַשעטע מענטשן, נאָר סאָפיאַ מיכײַלאָוונאַ האָט ניט אַריבערגעטראָגן קיין כינעזער, און נאָך יעדער זייער באַזוך פלעגן די צימערן שטאַרק געלופטערט ווערן און באַשפּריצט ווערן פון פולווערריזאַטער.

די נײַע געשעפטן האָבן געפאָדערט נײַע קויכעס־אָנשטרענגונגען. אויסער דעם זײַנען צו דער צאָל קאָמיטעטן און געזעלשאַפטן, וווּ גימער האָט אָנטייל גענומען, צוגעקומען די געזעלשאַפטן און קאָמיטעטן, וואָס זײַנען פאַרבונדן געווען מיט דער מילכאָמע. גימער איז שטאַרק אַראָפּ פון פּאָנעם פון ניט דערשלאָפן; ער איז אַפילע דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט זיך געזעצט צום טיש אַ ניט געגאָלטער. נאָר אין זײַנע אויגן איז שטענדיק געשטאַנען די שעדישע דורכדרינגנדיקע שײַן, און ער האָט אָפטער, איידער ווען עס איז פריִער, געוויצלט זיך און געלאַכט אויף פאַרשיידענע טענער מיט זײַן געלעכטער פון אַ פישביינדל אין האַלדז.

19

צו זעכצנ יאָר איז שוינ לענע געווענ א שטאלטנע מיידל, מיט א דיקנ טונקלבלאָנדינ צאָפּ אונ גרויסע טונקעלע אויגנ, א שיינ מיידל, וואָס האָט געוווּסט, אז זי איז שיינ. דער שטעמפּל פונ קינדערשקײַט, וואָס האָבנ ארופגעלייגט אפ איר געשטאלט אירע דינע הענט, די פארכידעשט אופגעצוקטע ברעמענ, די אומדערווארט כײַישע זשעסטנ אָדער בליקנ האָבנ איר צוגעגעבנ נאָכ מער גלאנצ אונ רייצ. זי איז שוינ געוווינט געוואָרנ דערצו, אז אינ טעאטער אָדער אפנ גאס זאָלנ מאנצבלענ קוקנ אפ איר, שאצנ יעדע באוועגונג אירע, די ליניעס פונ די פיס אונ פונ דער פיגור. אונ, שרעקנדיק זיכ פאר די דאָזיקע בליקנ אונ אָנעמענדיק פונ שרעק אנ אלצ מער אונ מער ניט צו־טרויטלעכנ אויסזענ, האָט זי שוינ אָבער אינ דער זעלבער צײַט ניט געקאָנט באגיינ זיכ אָנ די דאָזיקע בליקנ אונ אליינ געווארט אפ זיי אונ ארויסגערופנ זיי.

אינ טאָג איז זי שוינ געווענ א פולשטענדיק אויסגעפורעמט דער־וואָקסנ מיידל. פאר צוויי יאָר צײַט האָט זי געמאכט אזא מינ שפּרונג, אז איר אליינ האָט עס אויסגעוויזנ זייער מאָדנע, ווי איז זי עס סא־כאקל מיט צוויי יאָר צוריק געווענ אזא קלייניקע אונ גאָרנישט ניט געוווּסט. עמעס, אויכ איצט האָט זי שוואכ געדענקט די קייפּל-טא־בעלע אונ קוימ געוווּסט, וועלכע האנט איז בא איר די רעכטע אונ וועלכע די לינקע. דערפאר אָבער האָט זי וועגנ די ארומיקע מענטשנ געוווּסט א סאכ מער איידער זיי אליינ האָבנ געוווּסט איינער וועגנ אנדערנ אונ וועגנ זיכ.

זי האָט, לעמאָשל, געוווּסט, אז סאָלאָדאָווניקאָווס זונ, שורא, ווע־מענ מע האָט געהאלטנ פאר ליזעס כאָסנ, האָט געגאנוועט בא זײַנ פאָטער געלט אונ געשפּילט דערמיט אפ די פערדלויפגעוועטנ אונ איינ־מאָל האָט מענ אימ געכאפּט מיט א פאלשנ וועקסל אונ דעמ אלטנ סאָלאָדאָווניקאָוו איז אויסגעקומענ צו פאטערנ א היפּשע סומע געלט אפ צו פארײַבנ די דאָזיקע געשיכטע; אז טערעזא וואצלאוואָוונא פּא־טשולסקאיא, וועגנ וועמעס פארגאנגענהײַט עס האָט איינמאָל אָנגע־וווּנקענ עדיטא אדאָלפאָוונא, איז געווענ א שאנטאנ־זינגערנ, אונ איצט האָט זי געפאטערט צענדליקער טויזנטער אפ קליידער אונ געפּאטשט איר שטובמיידל אונ געהאט, ניט געקוקט אפ אירע זיבנ אונ פערציק

יאָר, עטלעכע געליבטע, דערינ איינעמ א שווארצנ סטודענט פונ מיז-
רעכ־אינסטיטוט, א טיכטיקנ אָנטיילנעמער פונ טאטאָטשקעס קרײַז. לענע
האָט איצט געוווסט, אז זייער אָפט, נאָכנ טעאטער, אָדער נאָכנ לי-
טעראַרישנ מישפעט אינ דער פרויע־גימנאזיע איבער איבסענס „נאָרא",
פלעגט טאטאָטשקע מיט א קאָמפאניע אוועקפאָרנ אינ רעסטאָראנ אָדער
אינ א שאנדהויז אונ דעריבער פלעגט ער אזוי שפעט זיכ אומקערנ
אהיימ אונ אזוי שפעט אופשטיינ; אז טאטאָטשקעס בעסטער פרײַנט,
באָריס סיטשאָוו, וואָס האָט געטרוימט וועגנ דער „פרעכטיקער דאמע"
אונ איז „אויסגעגאנגענ נאָכ א ווונדער", האָט אָנגעשטעקט מיט א
מיִעסער קרענק זײַנ קאלע, וואָס האָט געטרוימט וועגנ א „בלייכנ יונג־
לינג" אונ איז אויכ „אויסגעגאנגענ נאָכ א ווונדער"; אז בא דעמ
יוּוועליר גריבאקינ ווערנ געבוירנ קינדער פונ דעמ אינדוסטריִעלנ
הערצ אונ באמ אינדוסטריִעלנ הערצ — פונ יוּוועליר גריבאקינ, אונ אז
די גאנצע שטאָט ווייס דערפונ, אויסער די קינדער גופע; אז די רײַכ־
קײַט, פונ דעמ האלב-גראמעטנעמ גאָלד-אינדוסטריִעלנ טימאָפיי איוואַ-
נאָוויטש סקוטאריעוו האָט זיכ אָנגעהויבנ דערפונ, וואָס ער האָט דער־
הארגעט זײַנע פיר שלאָפנדיקע כאווייריִמ — גאָלדזוכערס — אונ האָט
קיינ שומ שטראָפ דערפאר ניט באקומענ; אז דער אייגנטימער פונ א
פערד־זאוואָד סטאניסלאוו באמבוליעוויטש האָט צומ טויט פארשמיסנ
א פאסטעכ-יִינגל פאר קאליע מאכנ א ראסעווונ פערד, אונ אויכ ער
האָט דערפאר קיינ שומ שטראָפ ניט באקומענ; אז דער פיש-געווערב־
ניק קארל פאספארנע עט קאָ. האָט אזוי גוט פארסטראכירט זײַנע
שיפנ, אז ער האָט געטאָנ אלצ, קעדיי זיי זאָלנ צומ גרונט גיינ, אונ
אז אינ רעזולטאט פונ אָט דער אָפעראציע זײַנענ דערטרונקענ גע-
וואָרנ פיר אונ זעכציק פישער — אונ אויכ ער האָט דערפאר קיינ שומ
שטראָפ ניט באקומענ; אז אפ די ווײַט-פארוואָרפענע שאכטעס פונ דער
אקציִאָנערער געזעלשאפט „זילבער-בלײַ, וואָס א באזײַטנדיקער טייל
אקציעס אירע געהער צומ וויצע-גובערנאטער אונ צומ בישאָפ פונ
סאכאלינ אונ קאמטשאטקע, ארבעטנ אונטער דער אופזיכט פונ דער
פאָליציי, ארעסטאנטנ אונ קאטאָרזשניקעס; אז דער סויכער ווײַנשטיינ
האָט אינ כינעזישנ קווארטל אנ אָפיומ-רויכערײַ, וועלכע יעדער איי-
נער קאָנ זענ אפ דער פעקינער גאס, נאָר דערבײַ האלטנ אלע, אז
קיינ שומ אָפיומ-רויכערײַ איז דאָרט ניטאָ.

אונ לענע האָט איצט גענומענ זיכ אָנשטויסנ, אז דאָס אלצ, וועגנ

וואָס עס האָבנ גערעדט באמ טיש, אינ גאסט-צימער אונ אינ די קרײַזלעכ די אײגענע אירע אונ די מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ געקלעפּט צו זײ אָדער געכאַפּט זײ, אז די אלע רײד וועגנ פּאָטערלאַנד, מענטשהײַט, וויסנשאַפט, שײנקײַט, ליבע, בארעמהארציקײַט, גוטסקײַט, גאָט, גליק, — אז דאָס אלצ קאָנענ זײ שלעכט אונ אינ דעמ אלעמענ גלײבנ זײ שוואכ, אונ גוט קענענ זײ אונ שטארק גלײבנ זײ בלויז אינ דעמ, אז זײ קומט גוט אונ געשמאק צו עסנ, טרינקענ א סאכ גוטנ ווײַנ, שײנ אונ ווארעמ זיכ אָנטאָנ, האנאָע האָבנ פונ שײנע אונ גוט אָנגעטאָנענע פרויענ, ניט פּאטערנדיק אפ דעמ אלעמענ קײנ אײנ טראָפּנ מי.

לענע איז שוינ געוואָרנ דערוואקסנ אונ געוווּסט איצט, אז די ביכער ווערנ געשריבנ לאכלוֹמנ ניט וועגנ ליבע, נאָר אפ צו באווײַזנ ווי די מענטשנ מאטערנ זיכ. אונ לענע האָט מיט אירע אויגנ געזענ, ווי זײ האָבנ זיכ געפּײַניקט — פונ אָרעמקײַט אונ שווערער פּראצע, פונ ניט באפרידיקטער ליבע אונ פונ איבערגעזעטיקטקײַט אינ ליבע, פונ פאראט פונ פרײַנט, פונ האָבנ קינדער אונ פונ טויט פונ די נאָענטע מענטשנ, פונ באלײדיקטער אײגנליבע, פונ אײפערזוכט, פונ קינע, פונ צעריסנקײַט מיט דער סוויווע, פונ אונטערוואַרפנ זיכ דער סוויווע, פונ דעמ, וואָס די קאריערע פלאצט, פונ פאראָרעמט ווערנ, פונ ניט גלײבנ אינ גאָט, פונ יאָ גלײבנ אינ גאָט, פונ צוזאַמענשטויס פונ די איבערצײַגונגענ, פונ פיזישער העסלעכקײַט, פונ אלטקײַט, פונ קארגשאפט, פונ א פּיסטל אינ דעמ אורינפּענכער אונ פונ הונדערטער אונ טויזנטער אנדערע קרענק. אונ לויט די ביכער האָט זיכ באקומענ אזוי, אז קײנער איז דערינ ניט שולדיק אונ אז קײנ שומ אויסגאנג פונ אָט דער לאגע איז ניטאָ.

אנ אנדערשמאָל איז לענענ געקומענ אינ קאָפּ ארײַנ א געדאנק, אז עפּשער איז פּאָרט דאָ א גאָט.

קײנ רעליגיעזע איז זי קײנמאָל ניט געווענ. אינ איר אײגענער פאמיליע האָט גאָט קײנמאָל קײנ קאָווּעד ניט געהאט. די רעליגיעזע מינהאָגימ, וואָס זײַנענ מיט אנ אָפיציעלער פײַערלעכקײַט געפּראוועט געוואָרנ אינ קלויסטער, צו וועלכע עס האָט זי צוגעווױנט די גימנאזיע אונ וועלכע האָבנ אויכ געהערשט אינ גימערס שטוב, האָט זי אופגענומענ ווי עפּעס אָבליגאטערישעס אונ לאנגווײַליקס, אָדער ווי יעדע אנדערע אָרדנטלעכע פײַערלעכקײַט, אפ וועלכער מע קאָנ באגע־

געגנ באקאנטע יונגע מענטשן און באוויזן א נײַ קלייד. די גרויזנקע אלטינקע לײַט מיט די נימבן, וואָס זײַנען געזעסן אפֿן הימל אין דער געשטאלט פֿון ווילטעטיקע קרעמערלעך, און די אָנגעמאָלטע אף די איקאָנעס מאנצבלען אין די מיטעלע יאָרן מיט די שפּיציקע בערד־לעך, וואָס זײַנען ענלעך געווען אף די מעשוגענעוואטע יוריסטלעך פֿון טאטאָטשקעס קרײַז, האָבן ניט זייער שטארק איבערצײַגט, אז זיי זײַנען טאקע אינדערעמעסן געטער. נאָר, עפּשער עקזיסטירט דאָך ערגעץ עפּעס אזוינס אויסערגעוויינלעכס?

און לענעס אופמערקזאמקײַט איז אלץ אָפטער און אָפטער צו־געשמידט געוואָרן צו טאָלסטאָיס גאָט — צום גאָט, וואָס זאָגט זיך אָפּ פֿון אלדאָס פֿערזענלעכס פֿון אייגננוציקס, צום גאָט פֿון פֿאָטער סערגי, צום גאָט פֿון אליאָשע גאָרשאָק, פֿון סטעפּאן פּעלאגייושקין, אינטערעסירט האָט זי, אייגנטלעך, ניט דער גאָט אליין, וואָס איז געווען פּונקט אזוי אומפֿארשטענדלעך און אומהאפּטיק ווי אלע איבעריקע גע־טער, אינטערעסירט האָבן זי די מענטשן, וועלכע, ווי עס האָט זיך אויס־געוויזן, טראָגן אין זיך עפּעס אן עמעס און קויעך אָפּצוזאָגן זיך פֿון אלע ווילטיקן פֿון דער ערד, אָפּצוזאָגן זיך פֿון דער אייגענער פֿערזאָן מיט אירע אינטערעסן און פֿרײַע פּיין אלץ און דעריבער מיט קיין זאך ניט באשווערטע, וועלן זיי צעגאנגענע אָן א רעשט אין דער וועלט און אין די לעבנס פֿון אנדערע מענטשן, זײַנען זיי איבער־פֿולט מיט אלצפֿארגעבנדיקער ליבע צו זיי.

„אָפּזאָגן זיך פֿון אלץ, — האָט לענע געטראכט, ליגנדיק אין גע־האפּטן וועש אף דער ווייכער בעט, צונויפגעוויקלט אין א בייגעלע, — צוגטאָן די סאמע אָרעמסטע קלייד, אַוועק פֿון שטוב מיט א טאָרבעלע וווהין די אויגן וועלן טראָגן... ווערן אן אָרעמע, בעטן נעדאָוועס, בעטן זיך צו אומבאקאנטע מענטשן אף נאכטלעגער, וועלן זיי ניט וועלן ארײַנלאָזן — אָנעמען עס פֿאר ליב, ארומגיין א באָרוועסע און אָפּגעריסענע, גאָרניט ניט וועלן און מיט קיין זאך ניט שטאָלצירן קעגן אנדערע מענטשן...

דער דאָזיקער געדאנק איז איר געפֿעלן געוואָרן. ווי אלע וועלן זיך עס איבערשרעקן אין שטוב, ווי מע וועט עס זי ארומזוכן, סאַ־רא פֿאָר אויגן עס וועט אויסשטעלן סאָפֿיא מיכײַלאָווּנא, ווען זי וועט זיך דערוויסן דערפֿון?... לענע האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי זי שפּאנט ארום מיט א טאָרבעלע איבער אומבאוווּסטע וועגן און שטעגן... דער

צעשטערנטער הימל ליגט אויסגעשפרייט איבער איר... זי האָט דערשפירט די קימאט פארגעסענע שוינ געדוכנ פונ די סאָסנע-נאָדלענ, גראָזנ אונ בלומענ...

„גאָט מײַנער! — האָט זי געטראכט, — פונ קיינעמ ניט זײַנ אָפּהענגיק, ניט האָבנ קיינע שומ ציל'נ, טרעפנ זיכ מיט פונקט אזעלכע אָרעמעלײַט, וואָס זײַנענ מיט קיינ זאכ ניט באשווערט אונ שטרעבנ צו גאָרנישט ניט, טיילנ זיכ מיט זיי מיטנ לעצטנ ביסנ...

קאָנ זײַנ, אז דערנאָכ, שפעטער, אינ א סאכ יאָרנ ארומ, וועט זי ארײַנ אויכ צו די גימערס, זי וועט ארײַנ אינ דער קיכ, א באָרוועסע, אונ וועט שטיל א בעט טאָנ א נעדאָווע. מע וועט זי, פארשטייט זיכ, ניט דערקענענ. עמעצער פונ דער דינערשאפט וועט איר עפּעס דערלאנגענ, נעמענ זיכ אויספרעגנ, אונ דאָ וועט קלאָר ווערנ, אז דאָס איז זי — לענע. דאָ וועלנ זיכ אלע קומענ צולויפנ — סאָפיא מיכײַלאָוונא, ליזע אונ אדאָטשקע, נאָר זי וועט זיי קאָנענ דערווײַזנ, אז זי איז איצט שוינ גאָר אנ אנדערע, זי האָט זיכ פונ אלצ אָפּגעזאָגט אונ וועט זיכ צו איר פריערדיקנ לעבנ ניט צוריקקערנ.

דאָ האָט זי זיכ אליינ געכאפּט, אז דעריב אליינ איז שוינ פּאראנ עפּעס אייגננוציקס אונ זעלבסטבארימערײַ. ניינ, אויב זיי וועלנ זי פארורטיילנ, — אָנעמענ עס פאר ליב, בעטנ פארצײַונג בא זיי... נאָר ווענ זי האָט זיכ גענומענ פאָרשטעלנ, ווי זי וועט בעטנ פארצײַונג, לעמאָשל, בא דיודיענ, — אונ דאָ קאָנענ נאָכ דערבײַ זײַנ באקאנטע, צו יענער צײַט, לעמאָשל קאָנ זיכ צוריקקערנ ווסעוואָלאָד לאנגאָוואָי! — האָט זי דערפילט, אז דאָס איז לאכלוטנ אומעגלעכ. ניינ, איכ בינ א שוואכע, אנ אײַנגעליבטע אינ זיכ, איכ וועל אזוינס ניט קאָנענ טאָנ, איכ וועל אינ ערגעצ ניט גיינ אונ גאָרנישט ניט קאָנענ, — האָט זי געטראכט, — ווי אָרעמ אונ אומגליקלעכ איכ בינ!..

יאָ, זי איז שוינ געווענ א דערוואָקסענע אונ איר איז שווער געוואָרנ צו לעבנ. אלצ אָפטער אונ אָפטער האָט זי ארומגעכאפט אנ אומעט; מוזיק האָט בא איר טרערנ ארויסגערופנ: עס זײַנענ דערעסנ געוואָרנ די אָוונטנ, די באגעגענישנ אונ די געשפרעכנ מיט מענטשנ. אונ ווענ מע האָט איר אלס מיטל קעגנ שלאָפלאָזיקײַט געגעבנ וועראָנאל-פראָשקעס, האָט זי, אליינ ניט ווילנדיק צו וואָס, אָפּגעלייגט זיי אינ א שאכטעלע, אז עס זאָל זיכ אָנקלײַבנ וואָס מער.

אַפ ערעוו פייסעכ פונ זעכצעטנ יאָר איז אינ דער פרויענ־גימנאזיע געווענ באשטימט א פײַערלעכע ליטורגיע. די שילערנס פונ די ייִנגערע קלאסנ האָבנ צו עטלעכע מאָל אינ טאָג ארײַנגעקוקט אינ רעקרעאציע־זאל, ווו די זעלבע סטאָליערס, טעסלערס אונ דעקאָראַטערס, וואָס פלעגנ אלעמאָל אײַנאָרדענענ די סצענע אונ באפוצנ דעמ זאל אפ ספעקטאקלענ אונ אָוונטנ, האָבנ איצט געבויט א בימע אונ צעהאנגענ די איקאָנעס צומ פאָרשטייענדיקנ גאָטעסדינסט.

ווענ בא די גימערס איז געגאנגענ די היציקע צוגרייטונג צומ אָנטיילנעמענ אינ דער פײַערלעכער ליטורגיע, עס זײַנענ אָנגעמאָסטנ געוואָרנ די נײַע קליידער, אונ אדאָטשקע, וואָס האָט שוינ אויסגעפרווט עטלעכע פאָר זאָקנ, האָט קאפריזעוועט, געשטויסנ דאָס שטובמיידל מיט דער נאקעטער פוס אינ ברוסט ארײַנ אונ געצוווּנגענ זי צו מעסטנ נאָכ אונ נאָכ זאָקנ,—איז אויכ בא דער דינערשאפט געגאנגענ די צוגרייטונג צו דער אינדערפרײַקער טפילע אונ צו הייליקנ די פאסכעס מיט די קוילעטשנ אינ בעטוילעמ־קלויסטער, וואָס איז געשטאנענ אינ קופעראָוו־טאָל. אינ דעמ דאָזיקנ קלויסטער איז שטענדיק געגאנגענ גימערס דינערשאפט, מאכמעס דאָס איז געווענ א קלויסטער פארנ פאָשעטנ פאָלק אונ דאָרט האָט דאשעס שוועסטער געזונגענ אינ כאָר.

לענע, וואָס האָט זיכ אינ יענעמ טאָג געפונענ אינ איינעמ פונ אירע געוויינלעכע שוינ אינ דער לעצטער צײַט צושטאנדנ פונ אומרו אונ צעדרייצטקײַט, האָט לעכאטכילע אויכ זיכ גענומענ אָנמעסטנ די נײַע קלייד, נאָר פלוצלינג האָט זי זיכ אופגערעגט, געזאָגט, אז זי איז קראנק, אונ געבליבנ ליגנ א פינצטערע אפנ בעט, ווענ אלע פרויענ פונ גימערס מישפאָכע זײַנענ שוינ אוועק אינ גימנאזיע.

ווענ אינ קאָרידאָר האָט זיכ שוינ מער ניט געהערט דער טומל פונ די שטימענ, האָט לענע מיט א פיבערהאפטער אופגעברויזטקײַט אָנגעטאָנ איינע פונ אירע סאמע פאָשעטסטע קליידלעכ, ארופגעוואָרפנ אפ זיכ דאָס פעלצל אונ אומדערוואַרט זיכ באוויזנ צווישנ דער דינערשאפט אינ סאמע יענעמ מאָמענט, ווענ די שטובמיידלעכ, די געפעסוואשערנס, דער הייצער, דער קעכער אונ זײַנ געהילפ מיט זייערע ווײַבער, אָנגעטאָנ אינ דאָס בעסטע, וואָס איז בא זיי געווענ, מיט

פארבונדענע אין טיכלעך פאסכעס און קוילעטשן אין די הענט, זייַנען גרייט געווען אוועק אין קלויסטערל צו דער אינדערפריִקער טפילע.

— איר זייַט דען ניט אוועק, פרייַלן? — האָט פארכידעשט דאשע א פרעג געטאָן.

— ניין, איך וועל מיט אייַך גיין, — האָט לענע געענטפערט און איז רויט געוואָרן.

— מיט אונדז? אָט דאָס איז דיר לענאָטשקע!.. — האָט א זאָג געטאָן די באיאָרנטע געפעסוואשערן.

— איך וועל זי נעמען מיט זיך אפ די כאָרן, — האָט צופרידן א זאָג געטאָן דער אלטער קעכער. — איך וועל זינגען מיט א באס, און זי מיטן דיסקאנט...

— און די מאדאם וועט זיך זידלען, — איז נאָך דאשע אלץ ניט אייַנגעגאנגען.

— זי וועט ניט וויסן דערפון. און אויב זי וועט זיך דערוויסן, וועל איך זאָגן, אז איר האָט ניט געוואָלט מיטנעמען, אז איך בין אליין געגאנגען, — איז לענע באשטאנען אפ אירס.

פון דער אויסערגעוויינלעכקייַט פון דער לאגע, ווען אויך די פריילן, וואָס זיי האָבן ליב געהאט און פאר וועלכער זיי האָבן זיך ניט געשעמט, וועט גיין מיט זיי, זייַנען אלע נאָך פריילעכער געוואָרן. לענע האָט דערפילט, ווי עס איז איר גרינגער געוואָרן אפן הארצן, און ווי עס האָט זי אָנגעכאפט א פריידיקע דערווארטונג פון עפעס.

אויב אין גימערס מישפּאָכע האָט מען געהאלטן פאר נייטיק צו זאָגן אנדערע און אייַנריידן זיך אליין, אז מע גייט בעטן גאָט, האָט אָבער גימערס דינערשאפט ניט געלייקנט, אז זיי גייען זיך א שטופ טאָן צווישן אוילעמ, א קוק טאָן, ווי ווער עס איז אָנגעטאָן, כאפן א בליק אפ באָכערים און מיידלעך און הערן גוטע שטימען.

עס איז געגאנגען דער סאמע לאנגווייַליקסטער טייל פון גאָטעס-דינסט — מע האָט געלייענט די מייַסים־טויווים פון די אפּאָסטאָלן.

מענגעס מענטשן האָבן זיך געשטופּט אין קלויסטער אריַין און צוריק ארויס; דאָס בריקל, דער קלויסטער־הויף און דאָס שטיקל בעסאלמען, וואָס איז לעבן קלויסטער געלעגן, זייַנען פול געווען מיט יאָנטעוודיק אָנגעטאָנענע מענטשן; פון די טויערן ביזן סאמע בריקל זייַנען געזעסן אין צוויי רייען בעטלער און קאליקעס, וואָס האָבן

אפּ פאַרשיידענע קוילעס געבעטן אַ נעדאָווע; הינטער זיי און צווישן זיי האָבן זיך געוויִסט ווייַבערשע טיכלעך, פּעקעלעך מיט פּאַסכעס און קוילעטשן. באָכערים און מיידלעך מיט ווערבעס אין די הענט האָבן זיך אין דער פינצטער געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע, שפּרינגענדיק איבער די קוואָרים, כאַפּנדיק זיך מיט די הענט פאַר די צלאָמים און מאַציייוועס; אינעם געטומל האָט זיך געהערט דער פריילעכער קוויטש פון די מיידלעך; עס האָבן געפינקלט העלע קליידלעך, פייַערלעך פון פּאַפּיראָסן.

פון ריזיקן און פינצטערן בעסוילעם האָט געווייט מיט מעכטיקע גערוכן פון דער אָפּגעוואַרעמטער ערד, ווערבעס און פרילינגדיקע קנאָספּן. און איבער אָט דער גאַנצער באַלעבאַטקייַט האָט זיך צעוואָרפן אַ טונקעלער און וואַרעמער הימל.

לענע האָט זיך געהאַלטן פאַרן קעכער און קוים זיך דורכגעשטופּט אינעם אַרייַנגאַנג אַרייַן, ווו עס האָבן זיך באַוועגט צוויי שטראָמען מענטשן — אַרייַנגייענדיקע און אַרויסגייענדיקע. דער שטראָם פון די אַרייַנגייענדיקע מענטשן האָט אָוועקגעשלעפּט מיט זיך אויך גימערס דינערשאַפט, און דער קעכער, דאַשע מיט לענען זייַנען מיט די טרעפּלעך אַרופגעפלויגן אַפּ די כאָרן.

דער גערוך פון אַ סאַך צונויפגעהויפטע און פאַרשוויצטע מענטשן, דער גערוך פון ווייַרעך, שמעלצנדיקן וואַקס און רויכערדיקע קנויטן, זייַנען דאָ אַפּ די כאָרן געווען באַזונדערס אומדערטרעגלעך.

עפּעס איינער אַ מענטש, אַ לאַנגער, ווי אַ פלאָקן, אין ברילן, גלאַנצנדיק מיט זייַן קאָנוסאַרטיקן פּליך, האָט גיך און מאָנאָטאָן געלייענט די מייַסים־טויווים פון די אַפּאָסטאָלן בא אַ טישל, וואָס איז אַרויסגערוקט געוואָרן אינמיטן קלויסטער; אין פייַכטן נעפּל האָבן געפינקלט די באַפּוצונגען פון די איקאָנעס. אינעם האַמוין, וואָס האָט אונטן אַרומגערודערט, האָבן טפילע געטאָן נאָר די זקיינים מיט די זקיינעס, די מערהייַט מענטשן אָבער איז אָדער זיי זייַנען געשטאַנען שטיל, הוידענדיק זיך פון איין פוס אַפּ דער צווייטער און ווישנדיק דעם שווייס פון די פאַרשוויצטע שטערנס, אָדער זיי האָבן זיך געשעפּטשעט. אונטער די כאָרן גופע, נעענטער צום אַרויסגאַנג, האָבן די מענטשן געהאַלטן אין איין באַוועגן זיך, געשטופּט זיך, בייז געווען איינע אַפּ די אַנדערע פאַר דער שטופּעניש און פאַרן אָנטרעטן אַפּ די פיס.

אפ די כאָרנ איז אויכ קיינ שום טפּילע־שטימונג ניט געווענ. די זינגער האָבנ זיכ דורכגעשמועסט צווישנ זיכ, אָדער אוועק אינ די טונקעלע געוועלבנ פונ די כאָרנ אונ געררויכערט. דאָ טאקע, אינ די טונקעלע ווינקלענ, האָבנ באָכערימ געטאפּט מיידלעכ, עס האָט זיכ געהערט א פארשטיקטער געלעכטער אינ די הויפנס, אונ אָפּט האָבנ זיכ צו לענעס אויער דערטראָגנ אויכ מיִעסע ווערטער. לענע, מוירע האָבנדיק, אז אינ דער פינצטער וועט נאָכ עמעצער פארעכענענ זי אלס אנ אייגענע אונ נעמענ זי דריקנ אונ טאפּנ, האָט א דערשראָקענע געטוליעט זיכ צומ קעכער, וואָס האָט זיכ שטארק געקרימט אפ אלעמענ פונ אונטער זײַנע ברילנ אפּער.

באמ טישל האָבנ זיכ קעסיידער געביטנ די מענטשנ, וואָס האָבנ געלייענט די מײַסימ־טויווימ פונ די אפּאָסטאָלנ. לענענ איז לאנגווײַליק געוואָרנ פונ זייערע פארשיידנארטיק־מאָנאָטאָנע שטימענ אונ עס האָט זי געיִבלט פונ דער היצ אונ פונ די שווערע גערוכנ; די שטימונג פונ פריידיקער אופגעלעבטקײַט אונ דערוואַרטונג האָט זי פארלאָזט; זי האָט שוינ אָנגעהויבנ כאראָטע האָבנ, וואָס זי איז געקומענ אהער, אָבער ניט געקאָנט אוועק—זי האָט מוירע געהאט איינע אליינ זיכ צוריקערנ אהיימ דורכ די פארוואָרפענע גאסנ.

סאָפּקאָלסאָפּ האָט זיכ דאָס לייענענ געענדיקט. דער כאָר האָט זיכ ארויסגערוקט צו דער באליוסטראדע. עס איז ארויס א גאלעכ, וואָס איז געווענ ענלעכ אפ א שווארצנ פאטלאטנ הונט, עפּעס א טפּילע א ברומ געטאָנ, אונ דער כאָר האָט גענומענ זינגענ. נאָר דאָס איז געווענ א ליבהאָבער־כאָר אונ דער געזאנג זייערער איז געווענ ניט זייער קיינ וואזשנער. דער רעגענט, א קליינ מענטשל מיט א שיקערער צורע אונ דערשראָקענע אייגלעכ האָט פאר קאס געריסנ זיכ פאר די הערלעכ אונ געקלאפּט מיטנ קאמערטאָנ.

— שטילער, כײַעס...— האָט ער, שיר ניט וויינענדיק, געשיפּעט אפ די באסנ.

דער אלטער קעכער, וואָס איז געקומענ אהער, אייגנטלעכ נאָר צו הערנ דאָס ביסל געזאנג, האָט געוואָרטשעט אונ געשפּיגנ.

— וואָס מע האָט עס פונ אזא טפּילע געמאכט!— האָט ער זיכ געווענדט נאָכ מיטגעפיל צו לענענ.

לענע, וואָס איז שיר פונ די פיס ניט געפאלנ פונ דער שטיקעניש, וועלכע האָט געהאלטנ אינ איינ גערדיכטער ווערנ, האָט א

שעפּטשע געטאָן דאשענ אפן אויער, אז זי זאָל זי זוכן לעבן דעם קלויסטער־טויער און איז אראָפּ מיט די טרעפּ, דורכגעשטופּט זיך אינ הויפ אריין. דאָ האָבן זיי ווידער ארומגעכאפּט די פרילינג-געּ רוכן און די גערייידעריייען פון די מענטשן. דערמאָנענדיק זיך, אז זי האָט מיטגענומען מיט זיך אין ביטעלע א ביסל קופּערגעלט, איז זי אוועק איבער די רייען טיילן נעדאָוועס.

מיט יענעם באזונדערן נייגיר, וואָס זי האָט שטענדיק פאַרמאָגט צו יעדער מין קרענקלעכקייט און פאַרקריפּלטקייט, האָט זי זיך איינ־ געקוקט אין די ארויסגעשטעלטע צום באווייזן אָפּגעדעקטע ווונדן, קלעצלעך, פאַרקריפּלטע גלידער, צוגעהערט זיך צו די פאָנפּענדיקע, הייזעריקע שטימען.

— אָט זיינען זיי, די אָרעמע און נעבעכדיקע, — האָט זי גע־ טראכט, — זיי דארפן שוין גאָרנישט, גאָרנישט, אויסער די דאָזיקע קופּער־שטיקלעך!..״

זי האָט די גאנצע צייט געוואָלט א שמועס טאָן מיט עמעצן פון זיי, נאָר זי האָט ניט געוווסט פון וואָס אָנצוהייבן און געשעמט זיך פאר די מענטשן, וואָס זיינען דערביי געשטאנען.

בא די סאמע טויערן, צוגעטוליעט צום שטיינערנעם פאַרקאַן, אָנ־ געשפּאַרט אפּ א שטעקן, מיט א גרויסן אראָפּגעלאָזטן גרויען קאָפּ און גרויער באָרד, איז געשטאנען א בעטלער אין פּאָסטעלעס, מיט א טאָרבע אפּ די פּלייצעס. ער איז געשטאנען שטיל, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ. קיין מענטשן זיינען לעבן אים ניט געווען.

לענע האָט אים געגעבן א זילבערנעם פערציקער.

— זאָל דיר גאָט געבן לאנגע יאָר, — האָט דער אלטער שטיל א זאָג געטאָן און, ניט איבערצייילעמענדיק זיך, באהאלטן די מאטבייע אין בוזעם.

— פונוואנען זייט איר, זיידע? — האָט לענע שרעקעוודיק א פרעג געטאָן.

ער האָט געענטפערט ניט גלייך, ווי ער וואָלט פריער א ביסל א טראכט געטאָן:

— פונוואנען מיר זיינען?.. מיר לעבן דאָך מיט גאָט... און גאָט, ער איז דאָך אומעטום, אומעטום איז ער... — און ער האָט א קוק געטאָן אפּ לענען מיט זיינע טיפּ פאַרשטעקטע, קליינינקע, פינקלדיקע אייגעלעך.

בא לענען האָט זיך דער אָטעם פאַרהאַקט.

— שוין לאַנג אַז איר... — לענע האָט ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן: „לעבט אַזוי? גייט אַזוי״? — גייט אַזוי?

דער בעטלער האָט ווידער אַ טראַכט געטאָן:

— אָט זינט איך געדענק זיך, אָט אַזױ־פיל גיי איך...

לענע האָט אַ ווײַלע געשוויגן, ניט געוווּסט וועגן וואָס נאָך צו פרעגן.

— ווו־זשע „רעכנט איר? מיינט איר?..״ — וועט איר נעכטיקן? דאָ?..

— ניין, דאָ וועלן מיר ניט נעכטיקן... — האָט מיט אַ זיפץ דער אַלטער אַ זאָג געטאָן. — דאָ דערלויבן ניט די וועכטער, און דאָ טרעפט אַמאָל, אַז מע נעמט אָפּ דאָס געלט... נעכטיקן וועלן מיר הינטערן סעמיאָנאָווער מאַרק, דאָרט וועלן מיר נעכטיקן...

לענע האָט שוין געהערט, אַז די בעטלער לעבן ערגעץ הינטערן סעמיאָנאָווער מאַרק.

— דאָרט טשעפּעט מען אײַך ניט?

— הינטערן סעמיאָנאָווער מאַרק?.. — דער בעטלער האָט אַ טראַכט געטאָן, אָנשפּאַרנדיק זיך אָפּ זײַן שטעקן. — ניי־יין, דאָרטן וועט מען ניט טשעפּען, ווער זאָל דאָרטן טשעפּען?.. כאָטש איך בין דאָרט ניט געווען, אָבער ווער זאָל עס טשעפּען... דאָרטן?

— נו יאָ, דאָרט זײַנען אַלע... — „אָרעמע בעטלער?״... — היימלאָזע... זיי וועלן ניט טשעפּען, — האָט איבערצײַגט לענע אַ זאָג געטאָן.

— זיי וועלן ניט? — האָט דער אַלטער איבערגעפרעגט. — אָט דאָס זאָג איך דאָך... און דאָ איז עפּעס אַנדערש, דאָ טרעפט, אַז מע נעמט אָפּ דאָס געלט. אָט פאַראַיאָרן... מע איז שוין אַוועק אַרום קלויסטער, — האָט ער זיך אַליין איבערגעשלאָגן די רייד.

פון קלויסטער האָט אַ וואָלגער געטאָן אַ האַמוין, עס האָבן זיך דערהערט די קלאַנגען פון שטײַגנדיקן געזאַנג, און אויף די טרעפּ האָט זיך באַוויזן אין גלאַנציקע מאַלבושים, וואָס האָבן געפינקלט אין דער שײַן פון די שטורקאַצן, אַ גאַנצע כאָפּטע דיקע און מאָגערע גאַלאָכים און דיאַקאָנס, וואָס האָבן געטראָגן אין די הענט עפּעס שווערע און שעמערירנדיקע זאַכן. דערנאָך האָבן זיך שוין די גאַלאָכים ניט געזען, מאַכמעס עס האָט אויף זיי אַ שווענק געטאָן אַ שוואַרצע מענטשן־כוואַליע, און די שווערע און פינקלדיקע זאַכן זײַנען אין

כוואַליעס געזאַנג אוועקגעשווומען ארום און ארום קלויסטער. אין א שטיקל צײַט ארום זײַנען זיי ארויסגעשווומען פון דער צווייטער זײַט, עס האָבן זיך ווידער באוויזן אף די טרעפ די דיקע און מאָגערע גאַלאָכים אין זייערע גלאנציקע מאלבושים, זיי האָבן נאָך א ווײַלע געזונגען און פארהאלטן זיך אף א רעגע אף די טרעפ, און ווידער האָט דער האמוין א וואלגער געטאָן אין קלויסטער ארײַן.

א שטיקל צײַט איז געשטאנען א ווונדערלעכע שטילקײַט, אָדער, מעגלעך, דאָס האָט זיך נאָר אויסגעדוכט אזוי. דער בעטלער, וואָס איז געשטאנען אָנגעשפארט אף זײַן שטעקן, האָט זײַן געשפרעך ניט באנײַט, און לענע האָט זיך שוין מער ניט אויסגעפרעגט בא אים. זי האָט זיך געפילט ווי אין כאָלעם און האָט ניט געקאָנט פעסט-שטעלן, ווי לאנג עס דויערט דער כאָלעם.

אופגעוואכט האָט זי דאן, ווען עס האָט זיך דערהערט א שווע-רער קופערנער קלונג. גלײַך האָט זיך אין א דיסאָנאנס א שאָט געטאָן א הויפן קלאַנגען פון דינע גלעקער, דערנאָך האָט זיך ווידער אָנגערוקט א נאָך געדיכטערער און נאָך שווערערער געברום, און עס האָבן זיך צעזונגען, צעקרעכצט, צעאָכקעט די קופערנע, גלעזערנע העלדזער, און א געקלאנג, א שמעקעדיקער, א ווארעמער און פײַער-לעכער האָט זיך צעכוואליעט איבערן בונטן רודערנדיקן האמוין, אי-בערן בעסאלמען, איבער דער פאָרשטאָט.

— קריסטוס איז טכיִעס-האמייסים אופגעשטאנען... — האָט רויק א זאָג געטאָן דער בעטלער, פינטלענדיק מיט זײַנע אויגן און ניט ציילעמענדיק זיך.

— בעעמעס אופגעשטאנען, — האָט לענע פלינק א שעפטשע געטאָן.

„ניט שוין־ושע איז עס טאקע אָט דאָס?.. — האָט זי א טראכט געטאָן מיט כידעש און שרעק, קוקנדיק אפן אלטן.

א פרייִלעכער לעבעדיקער האמוין האָט נאָך געדיכטער אָנגעפילט דעם הויף, נאָר די מערהײַט איז נאָך געבליבן אין קלויסטער: דער גאָטעסדינסט האָט זיך נאָך ניט געענדיקט.

— קריסטוס איז אופגעשטאנען, לענאָטשקע!..

דאשע האָט זיך ארויסגעריסן פון אוילעם און מיט א פארהאקטן אָטעם האָט זי א קוש געטאָן לענען אין די ליפן מיט אירע זאפ-טיקע ליפן, וואָס האָבן געשמעקט מיט מילך.

— ווו איז ער דאָרטן דער אלטער שעד?.. — האָט זי זיך ארום־

געקוקט אפּן אלטן. — גיי שוין גיכער א ביסל, אום גאָטס ווילן, מע ווערט אָן דיר אויך הייליקן עס!.. די שאָ זאָל נאָר ניט זייַן, די מאַדאַם קאָן זיך נאָך צוריקערן...

ווען לענע האָט זיך פון בארג אומגעקוקט אפּן קלויסטער, וואָס איז אויסגעגאַנגענע אין גלאָקן־געקלאַנג, האָט זי דערזען, ווי אין דער פ־נצטער האָבן זיך באַוועגט אין אַלע ריכטונגען, ווי גליווערעמ־לעך, געלע, רויטע, בלויע פייַערלעך. די מענטשן, וואָס האָבן די פייַערלעך געטראָגן, האָבן זיך ניט געזען, נאָר לענען האָט זיך גע־דוכט, אַז זי זעט זייערע געלע, רויטע, בלויע דלאָניעס.

זי איז געווען שטאַרק צעטראָגן, אָבער קיין פרייד האָט זי ניט געשפּירט; עפּעס א פאַרטונקלטער באַשלוס האָט געצייַטיקט אין איר.

21

— דאַשע, בא דיר ווערט זיך ניט געפינען עפּעס אַן אַלט, גאָר אַן אַלט שטיקל קלייד, אַזאַ, וואָס דו וועסט שוין קיינמאָל ניט טראָגן?

— צו וואָס באַדאַרפט איר עס, פרייַלן?

— בא באַקאַנטע שטעלט מען א ספּעקטאַקל און איך דאַרף שפּילן א בעטלערקע.

— עס ווערט זיך געפינען... קיין גוטע איז ניטאָ, אָבער אַן אַלטס ווערט זיך געפינען.

— נאָר דו פאַרשטייסט, אַזאַ, וואָס טויג שוין אינגאַנצן ניט, אַז עס זאָל זייַן פּונקט ווי בא א בעטלערקע. און א פּאָר שיך — צעריסענע, גאָר צעריסענע... נאָר דו זאָלסט קיינעם ניט דערציילן. ווייַל ליזען און אַדען נעמט מען ניט אין דער שפּיל — זיי וועלן זיך דערוויסן, וועלן זיי זיך באַליידיקן...

עס האָבן זיך געענדיקט די פרילינג־עקזאַמענס און גימערס מיש־פּאָכע האָט זיך נאָרוואָס אַריבערגעקליבן אַפּ דער דאַטשע. עס איז צונויפגעפאַלן גראָד אַזוי, אַז סעריאָזשע האָט פּונקט געדאַרפט פּאָרן אַהיים אַפּ קאַניקולן. אונטערן אויסרייד, אַז זי וויל באַגלייטן סע־ריאָזשען, איז לענע אַוועקגעפאָרן אין שטאָט, וואָרענענדיק דערבייַ, אַז זי וועט בלייַבן נעכטיקן אין דער שטאָטישער דירע; דער צוג אַפּ סוטשאַנ איז אָפּגעגאַנגענע אינאָוונט. דאַשעס אַלטינקע קליידל האָט לענע מיטגענומען מיט זיך אין איר סאַקוואָיאַזשל.

סעריאָזשע, א דרייַצניאָריקער ייִנגל מיט לאַנגע הענט און שוואַרצע

אין שטײַפֿע װײַסע אײַנגעפּאַטשטע אויגן, װאָס האָבן ליבלעך גע־שמייכלט צו לענען, האָט זיך זייער דערפֿרייט מיט דער שוועסטערס אויפֿמערקזאַמקייט צו אים.

— װאָס איז מיט דיר, װי מיר װאָלטן זיך אויף אייביק געשיידט? — האָט ער אַ פּאַרזאָרגטער אַ פֿרעג געטאָן בײַ איר אויפֿן װאָקזאַל.

לענען האָט זיך װירקלעך געדוכט, אַז אין איר לעבן קומט פֿאָר אַן אַנטשיידנדיקער איבערבראָך. עמעס, דערװײַל האָט זי געװאָלט בלויז צוגיין אַ קוק טאָן, נאָר עס האָט זי ניט פֿאַרלאָזט דער געדאַנק, אַז עס קאָן זיך אויך באַקומען אַזוי, אַז זי זאָל בלײַבן דאָרטן אויף שטענדיק.

און װען עס האָט זיך דערהערט דער דריטער קלונג און אין באַלויכטענעם פֿענצטער איז אַװעקגעשװוּמען סעריאָזשעס שמייכלדיק פּאָנעם, און לענע איז געבליבן איינע אַליין אויפֿן פֿינצטערן פּע־ראָן צװישן אומבאַקאַנטע מענטשן, װאָס האָבן געפֿאָכעט מיט די טיכעלעך און נאָכגעלאָפֿן נאָכן צוג, האָט זי דערפֿילט, אַז די אַנט־שיידנדיקע מינוט קומט אָן.

זי האָט באַטראַכט איר פּלאַן אויסערגעװײנלעך גענוי און פֿאָר־געזען אַלע קלייניקייטן. פֿון שטוב דאַרף מען אַרויסגיין אינדערפֿרי, װאָס פֿריִער, קעדיי ניט צו טרעפֿן קיין באַקאַנטע אויף דער גאַס. דורכן הויפֿטגאַנג טאָר מען ניט אַרויסגיין; דער שװייצאַר װעט זי דערקענען און אָפּשטעלן. אַרויסגיין קאָן מען דורך דער הינטערטיר און פֿלינק דורכלויפֿן מיטן הויף. זי האָט זיך דערװוּסט, אַז דאָס הויף־טירל עפֿנט זיך פֿינף אַזייגער אינדערפֿרי, װען עס קומען צו גיין די מילכיקערנס.

פֿון אומרו איז לענע אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפֿן — מוירע גע־האַט פֿאַרשלאָפֿן. צו באַגינען צו האָט זי אײַנגעדרעמלט, אָבער גלײַך זיך אויפֿגעכאַפּט, װי עמעצער װאָלט זי מיט אַ שטויס אויפֿגעװעקט... עס איז געװען שוין נאָך פֿיר אַזייגער. אין בעט איז געװען אַזוי װאַרעם און גוט, אַז זי האָט אַ טראַכט געטאָן, צי זאָל זי ניט אָפּלאָזן די דאָזיקע גאַנצע שרעקלעכע אונטערנעמונג אירע, אויסשלאָפֿן זיך און אַ פֿרישע אַװעקפֿאָרן אויף דער דאַטשע. נאָר עפּעס אַ אינערלעכע באַפֿוילנדיקע קראַפֿט האָט זי געצװוּנגען אויפֿצושטיין.

זי האָט אײַנגעשלאָסן די ליכט און איז לאַנג געשטאַנען אַנט־קעגן שפּיגל — געמאָסטן זיך דאַשעס קלייד. דאָס קליידל, די קאָפּטע

און דאָס וואַטאָווע לײַבל, וואָס איז געווען צו גרויס אַף איר און פון אַלע זײַטן האָבן אַרויסגעשטאַרטשעט שטיקער שמוציקע וואַטע, זײַנען געווען גענוג צעריסן און אויסגעשמירט אין קוילן, ווי בא אַן עמעסער בעטלערקע. די שיך מיט די אויסגעדרייטע אָפּצאַסן, מיט צעפּלאַצטן לעדער פון אויבן, מיט די אַראָפּהענגענדיקע קנעפּלעך האָבן זיך אויך גוט געפּאַסט; דאָס טיכל איז אויך געווען ניט ערגער. נאָר די זאָקן, כאָטש פּראָסטע, זײַנען אָבער געווען געוואַשענע און דורכויס גאַנצע, און די הויפּטזאַך — דער דאָזיקער גאַנצער קאָסטיום האָט ניט נאָר ניט אויסגעבאַהאַלטן, נאָר פאַרקערט, נאָכמער אונטערגעשטראָכן דעם לאַכלותן ניט בעטלערישן צאַרטן פּאָנעם אירן מיט די טונקעלע ברעמען און וויִעס, און זייער מאָדנע האָבן אויסגעזען פון אונטער די שמוציקע אַרבל פון לײַבל אירע קליינע, שמאָלינקע, שוואַכע הענט.

לענע האָט אָנגעצונדן די ספּירטאָווקע, אַף וועלכער מע פלעגט געוויינלעך וואַרעמען די פּריזור-צוועגנלעך, אויסגעזוכט אין בופעט אַ פּראָפּן — אַרויסגעשלעפּט אים פון אַ פלאַש מיט ווײַן — און מיטן אָנגעברענטן קאָרעק געקומען זיך שמירן דאָס פּאָנעם און די הענט. אין דער דאָזיקער אַרבעט איז געווען עפּעס אומישנעדיקס און טעאַטראַלעס. לענען האָט אַרומגעכאַפּט אַ בייזע פאַרצווייפלונג. אַ ווײַלע איז זי געזעסן אַנטקעגן שפּיגל מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אַ שרעקלעך פאַרשמירטע און נימעסע זיך אַליין. אָבער דער אינערלעכער באַפוילנדיקער קויעך האָט זי ווידער געצוווּנגען צו נעמען זיך פאַרן געברענטן קאָרעק.

ביסלעכווײַז האָט זי אַרומגעכאַפּט דער אַזאַרט פון אַ קינסטלער און זי האָט זיך אַזוי פאַרטאָן אין איר אַרבעט, אַז ווען זי האָט זיך געכאַפּט, איז שוין געווען קימאַט האַלב זעקס. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די טאָרבע האָט זי פאַרגעסן אַף דער דאַטשע. אַ ווײַלע איז לענע געשטאַנען אַ פאַרטראַכטע, — דאָס האַרץ האָט בא איר הילכיק געקלאַפּט. ענדלעך האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און אַנטשלאָסן.

זי האָט זיך פאַרבונדן דעם טיכל אַזוי, אַז עס זאָל זיך זען וואָס ווייניקער פּאָנעם; זי האָט אַ ווײַלע וועגן עפּעס אַ טראַכט געטאָן, דערנאָך אַ שטופּ געטאָן אין בוזעם דאָס געלט-בײַטעלע, אַף די שפּיץ טריט אַדורכגעגאַנגען דורך דער קיך, אַ דריי געטאָן דעם שליסל,

וואָס האָט אַ סקריפּע געטאָן, ווי איר האָט זיך געדוכט, איבער דער גאַנצער שטוב... מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז זי אַראָפּגעלאָפֿן פֿון די אײַזערנע טרעפּ, דער הויף האָט אַ שווינדל געטאָן אונטער אירע פֿיס, — און זי איז שוין געווען אויף דער הויפּט־גאַס, אויף יענער גאַס, וועלכע זי האָט אָפּטער פֿון אַלץ געזען פֿון פֿאַרטאָג אָדער פֿון באַלקאָן.

עס איז שוין געווען גוט ליכטיק, נאָר די זון האָט זיך נאָך ניט באַוויזן, פֿון הינטערן טשורקין-קאָפּ. די הויזוועכטער האָבן געראַמט די גאַסן, אײנצלנע מענטשן האָבן זיך געזען אויף דער גאַס, פֿון האַפֿן האָבן זיך דערטראָגן אַהער פֿאַרשיידענע הילכיקע קלעפּ, פּײַפֿערײַען און דער געבראַזג פֿון קייטן, ערגעץ ווײַט האָט געהודעט אַ דאַמפּערל.

לענע איז קימאַט ווי געלאָפֿן און פֿאַרקערעוועט אינעם נאָענטסטן ליקל אַרײַן.

לעכאַטכילע האָט זיך איר געדאַכט, אַז יעדער פֿאַרבײַגייער קוקט מיט פֿאַרדאַכט אויף איר, נאָר, ווען זי האָט זיך בעסער צוגעקוקט, האָט זי דערזען, אַז זי גייט קיינעם ניט אָן, און דאָס האָט איר צוגעגעבן מוט.

ווען זי האָט געמיטן די סוּיפֿונער גאַס, איז די זון אויפֿגעגאַנגען, עס איז געוואָרן וואַרעם, און לענע האָט דערפֿילט עפּעס אַ דערלײַכטערונג. אויף אַ שטיקל צײַט האָט זי אַפֿילע פֿאַרגעסן וועגן ענדציל פֿון איר רײַזע. זי איז געגאַנגען איבער די זעלבע גאַסן, איבער וועלכע איר פֿלעגט אויך פֿריִער אויסקומען צו פֿאָרן, און אַמאָל אַפֿילע גיין צופֿוס, אָבער איצט האָט זי זיך געפֿילט ווי זי וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון די אויבערשטע שטאָקן אויף די אונטערשטע.

אינטערעסאַנטע מענטשן, לעמאָשל, זײַנען די מאַסע-פֿורמאַנעס. ריזיקע און מיט ווײַסע ציין, האָבן זיי טאַראַראַכקעט אויף זייערע וועגענער, געגעסן ברויט מיט ציבעלע, געשמייכלט צו די דינסטמיידלעך, וואָס זײַנען געגאַנגען אויפֿן מאַרק, און צו די הויזוועכטערקעס, וואָס האָבן די טראָטואַרן געראַמט. און ווען עס האָט זיך זיי איינע געטראָפֿן אַ יאַפּאָנקע מיט אַ שווערן פּאַק וועש און מיט הילכיקן קלאַפּ פֿון אירע הילצערנע סאַנדאַלן אויפֿן ברוק, האָבן זיי איר אַזאַ מין ווערטל נאָכגעשיקט!.. די דאָזיקע מענטשן האָבן, ווײַזט אויס, מוירע געהאַט נאָר פֿאַר פּאָליציאַנטן, און דאָס האָט זיי דערנענטערט צו לענען, ווײַל זי האָט איצטער אויך מוירע געהאַט פֿאַר די פּאָלי-

ציִאנטנ. פאַרשטייט זיכ, אַז די דאָזיקע פּאָליציִאַנטנ קאָנענ מיט איר איצט טאָנ, וואָס זיי ווילנ נאָר...

הינטער די פענצטער פונ די קעלערשטובנ האָבנ אויכ געלעבט אונ געאַרבעט מענטשנ.

א שוסטער אינ בלויע ברילנ, וואָס זײַנענ בא אימ אַרופגערוקט געווענ אפנ שטערנ, האָט געפּאָכעט מיטנ העמערל, אָבער דעמ קלאַפּ האָט מענ ניט געהערט; א פרוי מיט זילבערנע האָר האָט געדרייט א ניי־מאַשינ; פונ א טרויב, וואָס איז אַרויסגעפּירט געווענ אפ דער גאַס דורכ א פענצטערל, האָט געשלאָגנ א דאַמפּ אונ עס האָט געשמעקט מיט א כינעזישער וועשערײַ: א בעקער אינ א שמוציק מיצל האָט מיט שמוציקע הענט געקנאָטנ א שמוציקנ טייג: א פאַרשמאָדערט קינד איז אַרומגעקראָכנ איבערנ טיש לעבנ אַנ אַרומגעריזעטנ לאַבנ שוואַרצנ ברויט; צוויי מיידעלעכ, וואָס זײַנענ ענלעכ געווענ אפ ווײַסע מײַזעלעכ, האָבנ געקלעפּט הילזעס; א באָרוועס יִינגל מיט צעשפּאָלטענע פּיסלעכ איז אַרויסגעשפּרונגענ פונ א טויער אונ אַוועקגעיאָגט איבערנ טראָטואַר אַנ אײַזערנעמ רייפ, פלינק ריכטנדיק אימ מיט א שטעקעלע.

א מילכיקערנ האָט געבראַזגעט מיט איר קאַנ, אָנגעגאָסנ מילכ אינ א ליכטיקער עמאַלעווער שיסל, וואָס א דינסטמיידל, שטייענדיק אינ אַנ אָפענער טיר, האָט געהאַלטנ אינ אירע הענט, וועלכע זײַנענ ענלעכ געווענ אפ אַנ פּאָר קאַמבאַלעס, — עטלעכע ראָזעווע טראָפּנס מילכ זײַנענ אַראָפּגעפאַלנ אפ די טרעפּ. א גרופּע קאָרייער פרויענ אינ געשטריקטע שפּאַגאַטענע טופל איז אַריבער דעמ וועג מיט זעק, וואָס זײַנענ פול געווענ מיט שײַנענדיקע שפּענער.

לענע איז אַריבער די פּעקינער גאַס, ווו עס איז געווענ ווײַנשטיינס אָפּיומרויכערײַ.

לענע איז שוינ געווענ אינ כינעזישנ קוואַרטל. דאָ זײַנענ די געסעלעכ געווענ ענגער. דער קוואַרטאַל האָט זיכ נאָרוואָס פונ שלאָפּ אויפגעהויבנ. עס האָט געשמעקט מיט קנאָבל, מיט גערויכערטע פיש, מיט האָלצקוילנ. די קרעמער האָבנ אַראָפּגענומענ די לאָדנס פונ די פענצטער. בא די טויערנ זײַנענ געהאַנגענ פּאַפּירענע לאַמטערנדלעכ, וואָס זײַנענ ענלעכ געווענ אפ פאַרשיידנקאָלירטע צילינדרישע האַרמאָניקעס. אינ די קוסטאַר־וואַרשטאַטנ האָבנ געהילכט די בלעכער, די קופּערשמידנ. די כינעזישע בעטלער זײַנענ געשלאָפנ צונויפגעדרייט אינ

בלייגל לעבנ די גאנעקלעכ: זיי האָט קיינער ניט געטשעפּעט און זיי האָבנ אויכ קיינעמ ניט געטשעפּעט.

אַפֿ דער געביידע פונ כינעזישנ טעאטער זיינענ פונ אונטערנ גע־שניצטנ באַלקאָנ אַראָפּגעהאַנגענ צוויי שמאָלע שטיקער לייוונט מיט פּעטע שווארצע אויפשריפטנ אַפֿ זיי: איבערנ אַריינגאַנג האָט געפלאַ־טערט א פּאַפּירענער אונטערגעצעטער דראַקאָנ מיט אויסגעגלאָצטע אויגנ.

לענענ האָבנ איבערגעיאָגט עטלעכע הילכנדיקע פורנ מיט כינע־זישע פורמאַנעס אַפֿ זיי; פונ הינטער די ראָגזשעס האָבנ ארויסגע־סטאָרטשעט די קיילעכדיקע רויטע און בלויע פריידיקעס פלייש.

יאָ, די וועלט, וואָס האָט לענענ ארומגערינגלט, איז געווענ גרויס און פארשיידנארטיק און ביז אריבער די ראַנדנ איז פול געווענ מיט מענטשלעכער טעטיקייט.

ערשט ווענ עס האָבנ זיכ באוויזנ די רייענ פונ סעמיאָנאָווער מארק, האָט זיכ לענע דערמאָנט, וווהינ זי גייט, און דערפילט, ווי עמעצער וואָלט זי אָנגעכאַפּט אונטנ באַמ בויכ און ציט זי, ציט.



דער מארק איז שוינ געווענ אָפּנ און גענומענ רוישנ. לענע איז אימ ארומגעגאַנגענ באַ דער זייט. א מינוט צענ האָט זי זיכ געדרייט איבער די קרומע און שמוציקע געסלעכ. די געמויערטע באָד האָט ווי א פינצטערער פּאַלאַצ זיכ געהויכט איבער דעמ ארו־מיקנ דאַלעס. לענע האָט פּארקערעוועט הינטער א שטיינערנעמ פּלויט און פלוצלינג זיכ א וואַרפּ געטאָנ און געבליבנ שטיינ א פארגלי־ווערטע.

אפּנ פלאַכנ שיפּוי, וואָס איז באַלויכטנ געווענ דורכ דער פרי־מאָרגנ־זונ, פאַזע דער וואַנט, ענג צוגעטוליעט איינער צומ אנדערנ, מיט פארפלאָנטערטע פיס און הענט, מיט נאָענט־צוגערוקטע צורעס איינע צו די אנדערע, מיט נאַקעטע עלנבויגנס, פּיאַטעס, קניענ באַ־דעקטע מיט שוידערלעכע שמאַטעס, זיינענ געלעגנ אינ איינ ריי ניט ווייניקער פונ א דרייסיק־פערציק נעפאַשעס — זקיינימ, זקיינעס, קינ־דער, פרויענ מיט זויגקינדער. זיי אלע זיינענ געשלאָפנ, נאָר לענע האָט מיט שוידער באַמערקט, אז א סאַכ פונ זיי שלאָפנ מיט אָפענע ווייסע אויגנ, ווי די באַרמינענס; באַ אייניקע זיינענ אָנשטאָט

אויגן געווען טרערנדיקע, איינטערנדיקע שפּעלטלעך. לענע האָט באַנומען, אַז זיי אַלע זײַנען בלינדע. אין וואַרעמע שטינקענדיקן געמיש זײַנען צווישן די מענטשן געשלאָפן מאָגערע הינט מיט צעפּרעסענע פאַרשיווע פעלן.

אונטן, אונטערן שיפּוע, איז געלעגן אַ קליינער פּלאַץ, וואָס האָט זיך געצויגן אַרויף, רעכטס, צום שטויביקן און אָפּגעריזעטן וועלדל, וואָס איז פול געווען מיט פּונקט אַזעלכע מענטשן, מיסט און אָפּפאַל, און געצויגן זיך אַראָפּ, אַף לינקס, אונטער אַ שאַרפן ווינקל, — דאָרט איז געשטאַנען אַ קרומע צוויישטאָקיקע הילצערנע שטוב מיט אויסגעהאַקטע שויבן, מיט אָנגעוואַלגערטע לעבן איר צעבראָכענע פעסלעך, קעסטלעך, מיט אַ געפּלאָנטער פון הילצערנעם און אײַזערנעם בראָכוואַרג: ווײַטער האָבן זיך געזען די דעכער און די קוימענס פון האַלב-רויִנירטע, פאַרלאַטעטע געבײַדעס. פון הינטן איז דער פּלאַץ געווען פאַרבויט מיט אַ ריי איינשטאָקיקע גרויע שטיבלעך, די פענצטער זייערע זײַנען געלעגן האַרט בײַ דער ערד, פון דער צווייטער זײַט האָט צום פּלאַץ זיך געצויגן אַ שמאָל, קרום געסל.

דער פּלאַץ גופא האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט עפּעס אַ רויִנירטן קעלער פון אַ מויער, וואָס איז דאָ אַמאָל געשטאַנען: בערג צעבראָכענע ציגל, רעשטלעך פון אַ שטיינערנעם פונדאַמענט, נאָרעס אין דער ערד, שטיבלעך פון ברעטער און פעסלעך. און אויסערגעוויינלעך געדיכט און שטינקענדיק האָט געווימלט אין די נאָרעס, און אַרום זיי דאָס מענטשוואַרג־אָפּפאַל,

מיט בריית-צעשווומענע אַפּלען, ווי אַ פאַרקישעפטע, האָט זיך לענע אַראָפּגעלאָזט צום פּלאַץ און אַרײַנגעפּלאָכטן זיך אין מענטשנגעמיש. זי האָט ניט געוווסט וווהין צו גיין, מיט וועמען ריידן, ווו זיך צוטוליען. געלאָסן, ווי אַ סאָמנאַמבולע, איז זי געגאַנגען אינעם דערשיטערנדיקן געשטאַנק, פאַרבײַ די האַלב-נאַקעטע קינדער, וואָס האָבן איבער דער ערד אַרומגעפּויזעט ווי די בלינדע הינטלעך, טעמענדיק מיט זייערע מאָגערע ריפּעלעך, פאַרבײַ די לויזנדיקע זיך זקיינעס מיט די אַראָפּגעהאַנגענע, באַדעקטע מיט קרעץ ברוסטן, פאַרבײַ די שלאָפנדיקע אָנפּיסיקע גיגאַנטן, וואָס האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע קלעצלעך און קוליעס אַף דער זון.

דאָס איז געווען אַ דורכויסיקע לעבעדיקע פוילעניש, אַ באַרג מענטשוואַרג־אָפּפאַל.

492—7

עס האָט זיכ געדוכט, אז אָט די אלע אייטערנדיקע אויגנ, די הילצערנע קלעצלעכ, די פיצלעכע הענט אונ פיס, וואָס זײַנענ נאָכ בא די דאָזיקע מענטשנ געבליבנ, וועלנ אלע מיטאמאָל זיכ א לאָז טאָנ אפ לענענ אונ צעברומענ זיכ: „אָט איז זי, קוקט זי אָנ!.. זי איז ניט קיינ בעטלערקע, זי איז אנ איבערגעטאָנענע, א פאר־שטעלטע!..“

דערבײַ האָט לענע, ניט געקוקט אפ קיינעמ אונ ניט באמערקט, אז די מענטשנ באקוקנ זי גאנצ גלײַכגילטיק.

לעבנ די רעשטלעכ פונעמ שטיינערנעמ פונדאמענט האָט זי זיכ אוועקגעזעצט גלײַכ אפ דער ערד, קעדיי זי זאָל ווערנ וואָס קלענער, אונ לאנג איז זי אזוי געזעסנ מיט אנ אָנגעשפארטער פלייצע אָנ די שטיינער, מיט צוגעדריקטע קניִענ צו דער ברוסט, ניט באשליסנדיק זיכ אופהייבנ די אויגנ. דער נאָגנדיקער ווייטעק איגעמ אונטערשטנ טייל בויכ האָט אלצ ניט אופגעהערט, אונ לענענ האָט זיכ די גאנצע צײַט געדוכט, אז עמעצער קוקט אפ איר. סאָפקאָל־סאָפ האָט זי באשלאָסנ אופהייבנ די וויִעס.

לעבנ א קאָנורקעלע פונ קעסטל־ברעטלעכ זײַנענ געזעסנ צוויי באיאָרנטע פרויענ — איינע פונ זיי איז געווענ באָרוועס, די אנדערע — אינ שקראבעס, ביידע אָנ טיכלעכ, מיט שמוציקע צעפלאָנטערטע האָר. די, וואָס איז געווענ אינ די שקראבעס, האָט עפעס ארויסגענומענ פונ איר טאָרבע אונ פאנאנדערגעלייגט עס אפ דער ערד אינ צוויי קופקעלעכ, די צווייטע האָט שטומ געקוקט אפ איר כאווערטעס הענט. ניט ווײַט פונ זיי איז געשלאָפנ א פײַערדיק־רויטער באָכער מיט צעוואָרפענע פיס, מיט אונטערגעלייגטע הענט אונטערנ קאָפ, — לענע האָט געזענ זײַנ געשוואָלנ, נאקעט פאָנעמ.

פונ הינטערנ פעסל האָבנ ארויסגעקוקט באָרוועסע אָדערדיקע פיס. לעבנ דעמ בארג ציגל איז עמעצער געזעסנ מיט א זײַט צו לענענ. אפנ שיפוי, פאזע דער שטיינערנער וואנט זײַנענ ווי פריִער געשלאָפנ די בלינדע, באגאָסנ מיט זונ.

ווענ לענע האָט צוריק אראָפגעלאָזט די וויִעס, האָט זי שוינ קלאָר געוווסט, אז עמעצער קוקט אפ איר; דאָס הארצ, וואָס איז שוינ איינגאנצנ שטיל געווענ, האָט ווידעראמאָל גענומענ קלאפנ מיט הילכיקע קלעפ, וואָס האָבנ זיכ אָפגערופנ ערגעצ אינ האלדז. לענע האָט פלינק אופגעהויבנ דעמ קאָפ אונ קימאט ווי געפאקט די דאָ־

זיקע קליינינקע, גרינינקע און נייַגעריקע אייגעלעך, וואָס האָבן זי געעקבערט, אָבער זי האָט ווידעראַמאָל ניט געקאָנט זיך דערקוו־דיקן וועמעס אייגלעך דאָס זייַנען. און פּלוצלינג האָט זי זיך באַגעגנט מיט זיי אָפּ איין אויגנבליק... די אויגן האָבן געהערט צום מענטשן, וואָס איז געזעסן אָפּ די ציגל, מיט אַ זייַט צו לענען. ניט אין די מאַלבושים, ניט אָפּן פּאָנעם פון דעם דאָזיקן מענטשן איז גאָרנישט ניט געווען אַזוינס, וואָס זאָל אים אונטערשיידן פון אַלע איבעריקע דאָ, נאָר לענע האָט פּלוצלינג מיט אַן אויסערגע־וויינלעכער שאַרפקייַט דערפילט אין די דאָזיקע אויגן פונקט דעם זעלבן צעשראָקענעם, גליטשנדיקן אויסדרוק פון ניט־עכטקייַט, פון פאַרשטעלטקייַט, וואָס איז געווען, זי האָט עס געוווּסט, אין אירע אייגענע אויגן, און די הויפּטזאַך — סיי זייַנע סיי אירע אויגן האָבן אין אָט דעם דאָזיקן אויגנבליק זיך אָנגעשטויסן דערויף.

ערשט איצט האָט לענע דערשפּירט אַן עכטן פּאַכער, וואָס האָט זי דורכגענומען אָפּ דורך און דורך. איר זייַנען דאָ האָט זיך אַ שטעל געטאָן פאַר אירע אויגן אין דער ליכט פון איר געוויינלעכן, אַזויגערופענעם נאָרמאַלן לעבן.

פון די מייַסעס, וואָס זי האָט געהערט פון דער דינערשאַפט, האָט לענע געוווּסט, אַז אין די דאָזיקע ערטער גייען אַרום איבער־געטאָנענע שפּיקעס. ווי איז, אויב דאָס איז אַ שפּיק?.. אויב זי וועט זיך מוידע זייַן, אַז זי איז גימערס אַ פּלימעניצע, וועט עס צעפּויקט ווערן איבער דער גאַנצער שטאָט... זי וועט קיינעם ניט אימשטאַנד זייַן צו דערקלערן, וואָס האָט זי געטריבן אַהער, זי וועט ווערן אָפּגעשטויסן פון אַלעמען, מע וועט זי אויסשליסן פון דער גימנאַזיע... און אויב זי וועט זיך ניט מוידע זייַן?.. אויב זי וועט זיך ניט מוידע זייַן, וועט מען איר שענקען אַ געלב בילעט און מע וועט זי אַוועקשיקן אין שאַנדהויז, — יאָ, ווי הונדערטער און טויזנטער אַנדערע פּרויען, וואָס האָבן ניט קיין נאָמען און קיין היים, וועט מען זי אַוועקשיקן אין באָרדעל, ווי אַ פּראָסטיטוטקע!..

זי האָט מוירע געהאַט אַ ריר טאָן זיך: ווי נאָר זי וועט זיך פּרווון אופהייבן פון איר אָרט — וועט דער מענטש גלייַך אופשטיין און כאַפּן זי. און דער דאָזיקער מענטש, אַן אויסערגעוויינלעכער ברייטער און ביינערדיקער, נאָר אַ פּלאַכער, ווי אַ ברעט, מיט ליכ־

טיקע ווענצעלעך און גרינינקע אייגעלעך, האָט אַלץ שאַרפער און שאַרפער און שוין גאָר אָן שרעק געקוקט אַפּ איר.

לענע האָט זיך געצווונגען, ניט אופשטייענדיק פון אָרט, איבער־רוקן זיך אַפּ דער צווייטער זייט פון די שטיינער. זי האָט באַשלאָסן אָפּוואַרטן ביז דער מענטש וועט אוועק. נאָר ער איז ניט אוועק. ניט אומקוקנדיק זיך אַפּ אים, האָט זי געפילט, ווי זיין בליק עק־בערט איר פּאַטיליצע.

איצט איז געשטאַנען גלייך פאַר אירע אויגן, עטוואָס העכער פון איר קאָפּ, דאָס וועלדל. פון די נאָרעס, פון די פעסלעך, פון די שפּאַלטן זיינען אַרויסגעקראָכן אַלץ נייע און נייע איינוווינער; איי־ניקע האָבן זיך דאָ צילאָז אַרומגעשלעפּט, די אַנדערע, מיט שטעקנס און מיט טאָרבעס, האָבן געשעפטלעך זיך ערגעץ אוועקגע־לאָזט, ווייזט אויס — בעטלען. עטלעכע נאָרעס זיינען געווען אין באַרג, אונטערן וועלדל, — איינע פון זיי איז געווען אַ ביסל אַ גרעסערע פון אַלע איבעריקע, מיט אַ הילצערן דעכל און מיט אַ טיר: די טיר איז אָפן, עס זעט זיך די פינצטערע לאָך. באַם אַרייַנגאַנג אין דער לאָך איז געזעסן אַ שרעקלעך אויסגעמאָגערטע זקיינע; דער גאַנצער פּאָנעם אירער איז באַשטאַנען פון איינע אויגן, וואָס זיינען אויך ענלעך געווען אַפּ שוואַרצע לעכער. לענע האָט באַמערקט, אַז צו דער זקיינע זיינען אָפּטמאָל צוגעגאַנגען פאַרשלאָ־פענע מאַנצבלען און ווייבער, זיך דורכגעשמועסט מיט איר און פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער לאָך. אין אַ שטיקל צייט אַרום זיינען זיי צוריק אַרויסגעקראָכן פון דאָרטן, אַנדערע זיינען געבליבן דאָרטן.

עס איז אופגעשטאַנען פון שלאָף דער פּייערדיק־רויטער באָכער מיט די געשוואָלענע וויִעס, ער האָט הויך אַ גענעץ געטאָן, אַ ציי געטאָן זיך, דערזען לענען; די אויגן האָבן זיך באַ אים צעטרערט. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, אַרומגעכאַפּט די קני מיט די הענט, אוועקגעלייגט אַפּ די קני די מאָרדע און גענומען זיך קוקן אַפּ לענען. עס האָט זיך באַוויזן נאָך איינער — אַ הויכער, מיט איין האַנט און מיט איין אויג, מיט אַ טשופּרינע האָר פון אַש־קאָליר. דער איינהאַנטיקער האָט עפּעס אַ פרעג געטאָן, און דער רויטער האָט מיט די אויגן אָנגעוויזן אַפּ לענען. דעמאָלט האָט דער איינהאַנטיקער זיך אַנידערגעוואָלגערט לעבן רויטן, און זיי האָבן זיך ביידע גענומען קוקן אַפּ לענען.

דאָס אַלץ האָט געדויערט אומגלייבלעך לאַנג, — לענע האָט זיך שוין ניט געקאָנט דערמאָנען, ווען דאָס האָט זיך אָנגעהויבן. זי האָט זיך אינגאַנצן צונויפגעקנאָדערט, די פיס זיינען איר פאַרכאַלעשט געוואָרן, — זי האָט זיי ניט געקאָנט אויסציִען; ווען זי ציט זיי אויס, וואָלטן זיי געלעגן העכער פאַרן קאָפּ.

זי איז דערשיטערט געוואָרן פון א הויכן קוויטש; פון אומדערוואַרטקייט האָט זי אַליין שיִר ניט א געשריי געטאָן. די ווייבער, וואָס האָבן געטיילט אף צוויי כאַלאָקים דאָס אָנגעבעטלטע פון דער טאָרבע ארויס, האָבן זיך צעשלאָגן, איינגעקלאַמערט זיך איינע דער אנדערער אין די האָר. זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט אן אויסערגעוויינלעכער היץ, באַגאָסן איינע די אַנדערע מיט גאַסנזידלערייען, געביסן זיך, געדראַפּעט זיך מיט די נעגל און פאַרהאַליעט זיך די קליידער. די באַכערים האָבן זיי אונטערגעגעבן היץ. איינער פון זיי, מיט א צעריסענעם הויז, האָט, ליגנדיק אף דער פּלייצע, געסטאַרעט זיך מיט א פוס א שטופּ טאָן די צעקאָכטע און פאַרנומענע אין זייער געשלעג ווייבער, — דער צעריסענער הויז איז געבליבן ליגן אף דער ערד, און די שמוציקע מוסקלדיקע פוס באַוואַקסן מיט האָר פון אש־קאָליר האָט זיך געבאָמבלט אינדערלופטן.

עס זיינען צוגעקומען עטלעכע מענטשן, זיי האָבן אופמערקזאַם און ערנסט גענומען זיך קוקן אף די ווייבער, וואָס האָבן זיך געשלאָגן; איינער האָט הינטערוויילעך געכאַפּט די שטיקלעך ברויט, וואָס זיינען געפלויגן פון דער טאָרבע אין אַלע זייטן, און געשטופּט עס אין די קעשענעס אריין. די זקיינע מיט די שוואַרצע לעכער אָנשטאָט די אויגן האָט זיך אויך אופגעהויבן פון איר אָרט און איז געלאָסן אוועק קוקן אפן געשלעג. פאַרבייגייענדיק האָט זי דערוויילגוט באַטראַכט לענען.

בייס לענע האָט געקוקט אפן געשלעג, האָט זי באַוויזן צו באַמערקן, אז דער פלאַכער מענטש מיט די גרינלעכע אויגן זיצט נאָך אף זיין אָרט.

די ווייבער האָבן זיך צעשלאָגן ביז אין בלוט אריין; די, וואָס האָט געהאַט ארויסגענומען די שטיקלעך ברויט פון דער טאָרבע, איז ביי־געקומען דער צווייטער. די באַזיגטע האָט באַוויזן אָנכאַפּן א פּאָר שטיקלעך און, אוועקגייענדיק, האָט זי דער זיגערן אויסגעשטעלט א נאַקעטן הינטן. די זיגערן האָט זיך געזידלט, געכליפּעט,

ארומגעקראָכנ אפ די קני אונ צונויפגעקליבנ די צעוואָרפענע שטיק־לעכ אינ דער טאָרבע ארײַנ.

די זקיינע מיט די שווארצע אויגנלעכער האָט זיכ אראָפּגע־לאָזט אפ די שפּיצ פינגער אַנטקעגנ די באָכערימ. די באָכערימ האָבנ אָנגעבויגנ צו איר זייערע קעפּ. עפּעס אײַנגערעדט זי, ווארפנדיק פונ צײַט צו צײַט א בליק אפ לענענ. די אלטע האָט זיכ אויכ איינמאָל אומגעקוקט אפ איר.

דערנאָכ האָבנ זיי זיכ צעאמפּערט:

— א פּאָר! — האָט געשריִענ דער רויטער.

— דרײַ! — האָט הייזעריק געענטפערט די אלטע, אויסשטעלנ־דיק דרײַ אויסגעטריקנטע פינגער.

— א פּאָר! — איז באשטאנענ אפ זײַנס דער רויטער.

אונ ווי איבערקרימענדיק זיי, האָבנ זיכ הינטער לענעס פּלייצע דורכגעוואָרפנ מיט זינלאָזע ווערטער צוויי שטימענ: איינע — א פּאָנפנדיקע, א פרעגנדיקע, די צווייטע — א טויבע, ווי פונ א גרוב ארויס, אנ ענטפערנדיקע:

— קיינ לעק ניט?

— קיינ האָר ניט...

— קיינ טראָפּנ ניט?

— קיינ טראָפּנ ניט...

א שטיקל צײַט זײַנענ די באָכערימ מיט דער זקיינע געזעסנ שטיל. דערנאָכ איז די אלטע צוגעגאנגענ צו לענענ אונ אנידערגע־זעצט זיכ אנטקעגנ איר אפ די שפּיצ פינגער. א ווײַלע האָט זי געקוקט אפ לענענ מיט אירע גרויסע שווארצע אויגנ.

— פארמאטערט זיכ? ניט געשלאָפנ? — האָט הייזעריק די אלטע א פרעג געטאָנ.

לענע האָט געשוויגנ.

— קומ צו מיר... בא מיר איז פאראנ ווו צו שלאָפנ...

לענע האָט געשוויגנ.

— פאראנ וואָס א שמעק צו טאָנ... בראנפנ פאראנ, — האָט א שעפּטשע געטאָנ צו איר די אלטע.

פּלוצלינג האָט לענע א טראכט געטאָנ, אז אויב זי וועט זיכ איצט אופהייבנ אונ אוועק מיט דער אלטער, וועט דער פלאכער מענטש מיט די גרינגלעכע אויגנ ניט קאָנענ כאפּנ זי; זי וועט קאָנענ

דערגייִנ מיט דער אַלטער ביזנ וועלדל אונ דאָרט וועט זי אנטלויפנ.

זי האָט זיכ אָנ א וואָרט אופגעהויבנ אונ איז אוועק מיט דער אלטער. אנ אינערלעכער שטויס האָט זי געצווונגענ זיכ אומקוקנ. דער רויטער באָכער אונ דער אייִנהאנטיקער מיט דעמ צעריסענעמ הויז זייַנענ הוידענדיק זיכ אונ ווי באַלעקנדיק זיכ געגאנגענ נאָכ זיי, אונ דער פלאכער מענטש מיט די גרינלעכע אויגנ האָט זיכ פונ זייַנ אָרט אופגעהויבנ אונ קוקט זיי נאָכ.

לעבנ דער שווארצער לאָכ מיטנ דעכל האָט זיכ לענע אָפּגעשטעלט.

— קומ, קעצעלע, — האָט די אלטע א זאָג געטאָנ אונ פלוצלינג א כאפּ געטאָנ לענענ פאר א האנט מיט אירע קאלטע הינערשע פינגער.

— איכ וועל ניט גייִנ, — האָט לענע קוימ־קוימ ארויסגערעדט אונ געפּרוווט זיכ די האנט באפרייַענ.

— קומ, קומ, — האָט מיט א פייַפנדיקער שעפּטשערייַ ווידעראמאָל א זאָג געטאָנ די אלטע אונ געשלעפּט זי נאָכ זיכ.

לענע האָט ארויסגעריסנ איר האנט, נאָר צו דער מינוט זייַנענ שוינ די באָכערימ געווענ לעבנ איר. דער רויטער, מיט פארלייגטע הענט אינ די קעשענעס, איז געבליבנ שטיינ מיט א זייַט צו לענענ, געקוקט אפנ פלאצ, אונטערגעפייַפט, אונ דער אייִנהאנטיקער מיט דער צעריסענער קאָלאָשווע האָט זיכ אָנגערוקט אפ לענענ אונ מיט דער ברוסט געשטויסנ זי אינ דער נאָרע ארייַנ.

אויסער זיכ פונ שרעק האָט לענע מיט אלע אירע קויכעס א שוידערלעכנ קוויטש געטאָנ אפנ גאנצנ פלאצ. דער באָכער האָט זיכ א רוק געטאָנ, אומגעקוקט, — אלע מענטשנ אפנ פלאצ האָבנ זיכ אומגעדרייט מיט די קעפּ צו זייער זייַט. לענע האָט באוויזנ צו באמערקנ, אז דער פלאכער מענטש האָט א רוק געטאָנ די האנט אינ דער קעשענע אונ גייט אהער; נאָר לענע האָט שוינ ניט געפילט ניט זיכ, ניט דאָס ארומיקע, — מיט אלע קויכעס איז זי געלאָפנ איבערנ שיפּוי צו דער וואנט. אינסטינקטיוו איז זי אוועקגעלאָפנ ניט אינ דער אלטער ריכטונג, פונוואנענ זי איז געקומענ, נאָר פארקערעוועט פאזע דער וואנט אינ דער קעגנאיבערדיקער זייַט. די וואנט האָט זיכ געענדיקט, עס האָט זיכ אנ עפּנ געטאָנ עפּעס א געסעלע פונ דער צווייטער זייַט באָד; לענע האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ אָט דעמ געסעלע, דערנאָכ אינ א צווייט, דערנאָכ האָט זי ווידער ערגעצ פארקערע-

וועט און פלוצלינג געבליבן שטיין לעבן די מארק־רייען, וואָס האָבן געהודעט און זיינען פול געווען מיט מענטשן.

זי האָט זיך געצווונגען גיין מיט א געלאסענעם טראָט, אומגעקוקט זיך, — קיינער יאָגט זיך ניט נאָך איר. זי איז אריין צווישן מארק־אוילעם, א ווײַלע געדרייט זיך איבער די רייען און איז ארויס אפ דער צווייטער זייט מארק.

אפן ראָג האָט א פורמאן געקאָרמעט זיין פערד פון אן עמערל.

— אפ סוועטלאנער גאס, צו גימערס שטוב... — האָט מיט א פארהאקטן אָטעם לענע א זאָג געטאָן.

— ווער פאָרט ?..

דער פורמאן האָט מיט אומצוטרוי א קוק געטאָן אפ איר.

— איך אליין פאָר... גיכער, איך בעט אייך...

און זי האָט ארויסגענומען דאָס געלט־בײַטעלע.

23

די ראָלעטן אין צימער זיינען אראָפגעלאָזט. ווי שפעט ס'איז איצט, איז ניט באוווסט. לענע איז געלעגן אונטער דער קאָלדרע א צונויפגעדרייטע, מיט צוגעדריקטע הויפנס צו דער ברוסט און פארגליווערט געקוקט אין איין פינטל אנטקעגן זיך. די בעטלערישע קליידער האָבן זיך געוואלגערט אפן טעפיכל, — לענע האָט זיי אפילע ניט באהאלטן.

די טיר האָט איר געעפנט די קעכן, וואָס איז געבליבן אין שטאָט קאָכן עסן דעם אלטן גימערן. לענע געדענקט ניט, וואָס זי האָט איר געענטפערט אפ אירע אויספרעגענישן. דערנאָך איז די קעכן געקומען רופן זי עסן מיטיק, נאָר לענע האָט זיך דערפון אָפגעזאָגט. די קעכן איז א ווײַלע געשטאנען און איז אוועקגעגאנגען. דערנאָך איז מער קיינער ניט געקומען.

בא לענען האָט געהאקט אין די שלייפן. זי האָט נאָך געפילט אפ איר האנט די הינערשע פינגער פון דער אלטער; דער שווייסיקער גערוך פונעם איינהאנטיקן איז געשטאנען אין צימער. דאָס פּאָנעם פון דעם מענטשן מיט די גרינלעכע אייגלעך, די פויזענדיקע קינדער, די בלינדע, די בײַדלעך און דער טומל פון מארק, די אראָפגעלאָזענע ראָלעטן פאר די אויגן, דער האלב־טונקעלער שפיגל, סעריאָזשעס פּאָנעם, וואָס שווימט אוועק אין באלויכטענעם פענצטער פון וואגאָן,

צעריסענע בילדער פון דער קינדהייט — דאָס אַלץ איז פאַרבייגעלאָפן פאַר אירע אויגן. עס איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַז מע דאַרף נעמען אַ וואַנע, נאָר עס איז קיין קויעך ניט געווען אויפצוהייבן זיך.

עפּעס אַ נאָגנדיק געפיל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און געזוכט אַן אויסגאַנג, האָט זי פיזיש געפּייניקט. עס וואָלט גוט געווען זיך אויסוויינען, זיינען קיין טרערן ניטאָ, — עס פיבערט... לענען האָט געטרייסלט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און פּלוצלינג האָט אַ שוידערלעכע קראַמפּ גענומען ברעכן און דרייען לענען. ביסנדיק ביז בלוט די הענט און וויינענדיק מיט קלאַנגלאָזע טרערן, האָט זי זיך געוואָרפן אין געלעגער, אַראָפּגעשליידערט די דעקע. אין שטוב איז געשטאַנען אַן אַבסאָלוטע שטילקייט, און לענע האָט מיט אַן אַלץ שטייגנדיקער קראַפט פון פיין און פאַרצווייפלונג שטום געדרייט זיך און געוואָרפן זיך אויף איר געלעגער מיט צעביסענע ביז בלוט הענט.

פּלוצלינג האָט זי זיך אַ זעץ געטאָן, אָנגעשפּאַרט זיך אויף אַ האַנט און לאַנג געקוקט מיט אַ פאַרגליווערטן בליק אין האַלבטונקעלן שפּיגל... זי איז אַראָפּגעשפּרונגען אויפן דיל און פלינק־פלינק אַ זוך געטאָן אין שופלאָדל פון נאַכט־טישל צוקאָפּנס איר בעט. דאָס שאַכטעלע איז דאָ...

לענע האָט אָנגעגאָסן וואַסער פון גראַפין און אויסגעשאָטן אַלע פּראָשקעס, איינעם נאָכן אַנדערן אין דער גלאָז אַריין. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען, געטראַכט און געציטערט, — די פּראָשקעס זיינען צעגאַנגען אין וואַסער. דערנאָך האָט זי עס אויסגעטרונקען און צוריק זיך אַנידערגעלייגט אונטער דער קאָלדרע. דאָס איינציקע, וואָס האָט זי באַאומרויִקט, איז געווען דאָס, וואָס זי האָט ניט געוווסט, צי קומט אָן יעדער מין טויט מיט ווייטעק: מער פון אַלץ אויף דער וועלט האָט לענע מוירע געהאַט פאַר פיזישן ווייטעק. נאָר קיין שום ווייטעק האָט זיך ניט געפילט, עס האָט זיך בלויז שטאַרק געוואָלט שלאָפן.

„איז דאָס איז שוין דער טויט?“ — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

איר האָט זיך פאַרוואָלט איבערלאָזן נאָך זיך אַ לעצטן אָנדענק. קוים בייקומענדיק דעם שלאָף, האָט זי דערלאַנגט פון טישל אַ בלייער מיט אַ העפטל און באַוויזן דאָרט עפּעס אָנשרייבן...

ווען כאַפּיא מיכײַלאָוונא מיט ליזען, באַאומרויִקטע פון לענעס ניט צוריקקערן זיך אויף דער דאַטשע, זיינען געקומען אין שטאָט אַריין, האָבן זיי געטראָפן לענען ליגנדיק אַן אויסגעצויגענע אויף איר געלע-

גער; דערבײַ האָבן זיך געוואַלגערט די בעטלערשע קליידער, די פּאַפּירלעך פֿון די פּראָשקעס און דאָס העפטל, וווּ מיט אַ ניט זיכע־רער האַנטשריפט איז געווען אָנגעשריבן:

„מאַמע, ניט וויין, דאָס איז אַלציינס ווי אײַנשלאָפן...״

געקומען צו זיך איז לענע ערשט אויפן צווייטן טאָג. ווען זי האָט געעפנט די אויגן, האָט זי דערזען פאַר זיך סאָפיאַ מיכײַלאָוונאַס פאַרוויינט פּנים. דער באַקאַנטער דאָקטער מיט די בולדאָגישע בלויע באַקן האָט געהאַלטן לענעס פאַר דער האַנט, בײַ לענען איז געווען אַזאַ מין עמפּינדונג, ווי זי וואָלט געקומען פֿון ערגעץ ניט, פֿון דער פּוסטקייט; אין די אויערן האָט גערוישט.

אויף סאָפיאַ מיכײַלאָוונאַס פּנים האָבן אַ שטראָם געטאָן טרערן. דער דאָקטער האָט אַ שמייכל געטאָן און עפּעס אַ שעפּטשע געטאָן מיט די ליפּן.

„ער וועט באַקומען געלט דערפאַר...״ — האָט לענע אַ טראַכט געטאָן און אַראָפּגעלאָזט די וויִעס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זי אַוועקגעפירט אין יאַפּאָניע זיך היילן.

24

דער אַלגעמיינער דראָענדיקער אומרו, וואָס איז איבעראַל געלעגן צעגאָסן און וואָס האָט זיך אומבאַוווּסטזיניק אָפּגעשפּיגלט אויך אין לענעס אינערלעכע צאַפּלעניש, האָט געפּלאַצט אין די פעוראַל־טעג פֿון זיבעצטן יאָר.

אינאָוונט דעם צווייטן מאַרט איז סעריאָזשע אַ צעהיצטער געקו־מען צו לויפן און געפאָכעט מיט אַ צײַטונג:

— דעם קייסער האָט מען געגעבן דעם וועג! — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — זייער אינטערעסאַנט...

די פינגער און אײן באַק זײַנען בײַ אים געווען אײַנגעשמירט אין דרוק־פאַרב: די צײַטונג האָט ער באַקומען שיר ניט דער ערשטער אין שטאָט, גלײַך פֿון אונטער דער מאַשין אַרויס — פֿון זײַנעם אַ באַוער, אַ לערניינגל אין אַ דרוקערײַ.

די גימערס האָבן די דאָזיקע ידיעה אויפגענומען אײַנגעהאַלטן. אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג האָבן אַלע מיטגלידער פֿון דער פאַמי־ליע זיך אויסגעפּוצט אין רויטע שלייפן און לענטעס, און לויט זייערע

איצטערדיקע רייד האָט זיך באקומען אזוי, אז זיי האָבן א גאנצע לעבן געהאלטן אין איין טרוימען וועגן דעם און האָבן אפילע ערגעץ־ווו עפּעס וואָס געזעדט און געטאָן דערצו.

ריזיקע מאכנעס מענטשן מיט פאָנען און געזאנג האָבן זיך ארויסגעוואלגערט אפּ דער גאס ארויס. לענע האָט קיינמאָל אין איר לעבן ניט געזען אזעלכע ריזיקע מאכנעס און קיינמאָל ניט פאָרגעש־טעלט זיך, אז אזויפיל מענטשן לעבן אין דער שטאָט.

יעדן טאָג זיינען געבוירן געוואָרן נייע אנשטאלטן, געזעלשאפטן, קאָמיטעטן. אלע גימערס, איינגעשלאָסן אויך אדאָטשקען, זיינען געווען מיטגלידער פון פארשיידענערליי קאָמיטעטן. דעם אלטן גימערן האָט מען אויסגעקליבן אלס וויצע־פּאָרזיצער פון דער שטאָט־דומע, און איצט האָט מען אים אין דער היים קימאט ווי איינגאנצן ניט געזען. טאטאָטשקע, וואָס האָט ווי פריער לאכלוטן גאָרניט ניט געטאָן, האָט פארנומען אן אָנגעזעענעם פּאָסטן אין קאָמיטעט פאר געזעלשאפטלע־כער שוץ און איז ארומגעגאנגען מיט א רויטער בינדע אפן ארבל.

סעריאָזשע האָט קימאט אופגעהערט צו קומען צו לענען. א פאר־בידעשטע האָט זי זיך דערוווסט פון אנדערע, אז אויך ער נעמט אָנטייל אין פארשיידענערליי קאָמיטעטן, טרעט ערגעץ ארויס און פירט אָן שיר ניט מיט א האלבער גימנאזיע.

נייס האָט זיך געלאָזט מערקן אויך צווישן דער דינערשאפט. זי האָט ווי פריער געפּאָלגט און מוירע געהאט פאר די הערשאפטן, אָבער אין קיך האָט מען איצטער געהאלטן אין איין ריידן וועגן קייסער, וועגן דער מילכאָמע, וועגן ערד. אויסער דעם אלטן לאקיי, וואָס איז ענלעך געווען אפּ דאָסטאָיעווסקין, זיינען זיי אלע בישטיקע געלאָפן איצט אפּ די מיטינגען, מאניפעסטאציעס. אלס די סאמע פלייסיקסטע אין דער דאָזיקער ארבעט האָט זיך אומדערווארט ארויס־געוויזן דאשע. אין געשפרעכן האָט זי באנוצט אומבאקאנטע, אויס־לענדישע ווערטער, און אין די מאנירן און אין דער שטים האָט זיך סאָלידקייט באוויזן. געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס זי האָט געוואָרפן דעם מאן אירן און איז אוועק צו אן ארבעטער פון קריגס־האפן, — דער דאָזיקער ארבעטער פלעגט אין דער לעצטער צייט זיין אן אָפטער ארייַנגייער אין קיך. די גימערס האָבן דאשען אָפּגעזאָגט פון דער ארבעט.

לענע האָט ניט אָנטייל גענומען ניט אין די קאָמיטעטן, ניט אין

קײנע שום געזעלֿשאפטן. אפ די פארזאמלֿונגען און מאניפעסטאציעס האָט זי געקוקט פון דער זײַט, און אין אירע אויגן האָט זיך די גאנצע צײַט געהאלֿטן אזא מין אויסדרוק, ווי זי וואָלֿט ערגעץ אפ א פארוואָרפענער סטאנציע באגלײט א צוג מיט אומבאקאנטע מענטשן.

פון יאפּאָניע האָט לֿענע געבראכט צו פירן מיט זיך א שטארקע פארלֿיבטקײַט אין דער יאפּאָנישער מאָלֿערײַ.

עס האָבן זי געפאנגען די אלטע קינסטלֿער, וואָס אײנע פון זײ האָבן ווי אומישנע עקזיסטירט בלויז דערופ, אז זײ זאָלֿן אָפּרײַסן די מענטשן פון לֿעבעדיקן לֿעבן, די צווײטע ווידער — אפ אונטערשטרײַכן און ארויסשטעלֿן די גאנצע לֿעבן־פארקריפּלֿטקײַט.

לֿענע האָט געקאָנט שאָענלֿאנג קוקן אפ יאמאגיסאווא ריקיאָס מײַסעדיקע פּאוועס מיט די פּוכקע עקן צווישן די בלֿיענדיקע פּעאָנען די גרויס פון די פּאוועס. אפ זײַנע פּיצינקע אָפּגעשלֿאָסענע פון דער וועלֿט הײלֿיקע מענטשעלֿעך, וואָס זײַנען געהאנגען אינעם ריזיקן און שטאָפּלֿאָזן, ווי דער הימלֿ, בארג־פּײזאזש, אפ די האָלֿצגעשניצטע קרום־מײַלֿיקע פּראָסטיטוטקעס פון אוקיאָ־יעס שולֿ, אפ די פארדאָרבענע דעמאָנס פון כאָקוסאי און גאסן־קריפּלס פון וואטאנעבע קוואדזאנא. אָדער זי האָט זיך א קער געטאָן צום טיפן אוראלֿט און אײַנגעשמועסט זיך, אז איר געפעלֿט די „לֿעוואָנע־נאכט אין פּאלאץ פון טאקאיאָסי, ווו אין בלאסער לֿעוואָנע־שײַן, צווישן קרומע לֿיניעס זײַנען שטיל געזעסן מיט אײַנגעבויגענע קעפּ און פארמאכטע אויגן אָנגעדראָלֿענע מענטשן מיט אופגעבלֿאָזענע, ווי מיט ווינט אָנגעפּילֿטע קלֿײדער און צוגעהערט זיך צו די קלֿאנגען פון דער פֿלײט, אפ וועלֿכער עס האָט געשפּילֿט פּונקט אזא אָנגעדראָלֿענער מענטש מיט פּונקט אזעלֿכע אופגעבלֿאָזענע קלֿײדער.

ווען לֿענע האָט זיך צוריקגעקערט פון יאָקאָהאמע אפן גוט־אײַנגעאָרדנטן, פול־געפּאקטן מיט מענטשן אָקעאן־דאמפּער, וואָס האָט געשײַנט מיט אלֿע זײַנע מעשענע און שטאָלֿענע טײלֿן, ווען זי האָט געזען, ווי ארום דער שיפ שפּרײט זיך דער שטילער אָדער גרויסער אָקעאן א פול באגאָסענער מיט זון, ווען זי האָט געקוקט פון אויבן אראָפּ, ווי עס ארבעטן די האלב־נאקעטע פארברוינטע מאטראָסן, האָט זי געטראכט, אז זי וואָלֿט געקאָנט לֿיב באקומען אזא מוסקולֿדיקן, פארברוינטן מאטראָס, נאָר וואָס וועט קײנמאָלֿ ניט דערוועגן זיך צו אָנשטויסן זיך דערופ, און אָט דערפאר בלֿײַבט איר אין לעבן בלויז די מאָלֿערײַ.

און כאָטש זי האָט אליין געזען, אז בא איר באקומען זיך בלויז נעבעכדיקע און בלייכע קאָפּיעס פון די מעכטיקע און פײַנע מוסטערן, האָט זי דאָך דעם גאנצן יאָר פאראקשנט פאָרגעזעצט איר ארבעט בא דער מאָלערײַ, — מיט גוואלד האָט זי זיך געזעצט צום מאָלבערט, ווי זי וואָלט אפ זיך עפעס אין א קלויסטער א טשוווע גענומען, — גלײַכגילטיק לאָזנדיק זיך קושן אין די פינצטערע ווינקלען פון עפעס א דערוואקסענעם גימנאזיסט מיט אזא מין שווערער פאמיליע, אז לענע האָט זי אפילע בעשומויפן ניט געקאָנט פארגעדענקען.

איצט, ווען ארום און האָבן זיך צעקאָכט די מענטשלעכע מאכנעס און ליידנשאפטן, האָט לענע קלאָר דערזען, אז איר פארנעמען זיך מיט דער מאָלערײַ איז א קאפריזנע נארישקײַט. די ניט פארענדיקטע עסקיזן צוזאמען מיטן מאָלבערט און פאָליטרע זײַנען פארוואָרפן געוואָרן הינטער דער שאפע און זײַנען געלעגן דאָרטן אזוי לאנג, ביז וואנען די דינערשאפט האָט עס ניט ארויסגעטראָגן אין שפײַכלער.

אָן קיין שום איבערקלײַב האָט זיך לענע א וואָרפ געטאָן אפ די נײַע ביכער, אָבער אופגענומען האָט זי אין זיי נאָר די דעטאלן, וואָס האָבן זי לאכלוטן ניט באפרידיקט. אן אנדערשמאָל פלעגן איר ארײַנפאלן אין די הענט די פארשטויבטע בלעטלעך פון טאָלסטאָיס ווערק, וועלכע זי האָט אמאָל אזוי ליב געהאט, און א ביטערער, בייזער געפיל פלעגט זיך א באוועג טאָן בא איר אין הארץ.

דעם הײַנטיקן פרילינג האָט זי געענדיקט די גימנאזיע. זי האָט גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן, און אין ערגעץ איז ניט געווען געשריבן, אז זי דארף עפעס טאָן. לערנער זיך ווײַטער? צו וואָס?.. און סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט אפילע הערן ניט געוואָלט וועגן אָפלאָזן דאָס קינד אין אן אנדער שטאָט אין אזא אומרויִקער צײַט.

אומקוקנדיק זיך אפ דער פארגאנגענהײַט, האָט זיך לענע געפרווט געפינען א לעבנס־מוסטער און א מוסטער פון אופירונג אינעם לעבן פון איר פארשטאָרבענער מוטער. נאָר באקומען האָט זיך אזוי, אז דער מוטערס לעבן און אופירונג זײַנען געווענדט געווען אפ ארײַנצולייגן אלע אירע גײַסטיקע און פיזישע קויכעס אין לענען און סעריאָזשען, אומבאוווסט צוליב וואָס פאר א לעבן זייערן און צוליב וואָס פאר אן אופירונג זייערער. ביז איצט איז די מוטער אירע

געוועג פאר לענעג עפעס א מינ פולקומער פארבילד פונ אלע מיילעס. לענע האט זי געדענקט אונ ליב געהאט אויכ איצט, ווענ זי האט שוינ ניט עקזיסטירט, מיט א ליידנשאפטלעכער, ניט לעשנדיקער זיכ ליבע, אבער זי האט שוינ איצט אנגעהויבנ שפירנ, אז מיט עפעס איז איר מוטער געווענ ניט פולווערטיק. לענע איז געווענ מוטיק אינ געדאנק אונ עמעסדיק מיט זיכ ביזנ גרונט אונ זי האט ניט געקאנט דעמ געפונענעמ אינ זיכ עמעס, ווי בימער ער זאל פאר איר ניט זיינ, צודעקנ מיט וועלכע דאס זאל ניט זיינ, אפילע מיט די טייערסטע פאר איר פעטישנ.

לענעס צוקונפט איז געווענ אפ אזויפיל אומבאשטימט, אפ וויפל עס קאנ זיינ אומבאשטימט די אפוועזנהייט פונ יעדנ מינ צוקונפט.



לויט דעמ, ווי עס האבנ זיכ אפגעשפיגלט די אויסערלעכע געשעענישנ אינ די געשפרעכנ בא די גימערס אינ שטוב אונ אינ אנדערע ענלעכע הייזער, האט זיכ באקומענ, אז דער אלטער גימער צוזאמענ מיט נאכ אזעלכע קלוגע אונ איינפלוסרייכע מענטשנ ווי ער, ווילנ איצט, ווענ מע האט אראפגעראמט פונ וועג דעמ קייסער, דעמ שולדיקנ אינ אלע צארעס, איינארדענענ א זייער גוט אונ ריכטיק לעבנ, נאר אנדערע מענטשנ, ניט קיינ קלוגע אונ בייז געשטימטע, — מעגלעכ אפילע, אז דאס זיינענ דייטשישע שפיאנענ, — האלטנ די גאנצע צייט אינ איינ שטערנ דערינ. לענע האט צו גוט געוווסט דעמ ווערט פונ די געשפרעכנ אינ גימערס סוויווע אפ צו גלייבנ אינ זיי, נאר זי האט ניט געהאט קיינ צוטריט צו די מענטשנ, וואס זיינענ געשטאנענ קעגנ גימערנ אפ אליינ צו דערקונדיקנ זיכ דעמ עמעס. איבערכאזערנ נאכאמאל אזא מינ פרווו, ווי איר פרווו צו גיינ צו די בעטלער, האט זי זיכ ניט אנטשלאסנ.

אינ הארבסט איז צו לענענ ארייַנגעקומענ סעריאזשע, וועלכער האט זיכ געהאט ניט לאנג צוריק אומגעקערט פונ דארפ. ער איז שטארק אונטערגעוואקסנ אונ שענער געווארנ, די הענט זיינענ בא אימ געווארנ גרויסע, ווי בא א מאטראס. סעריאזשע איז געווענ צערודערט, געקנאטנ אונ געפליקט אלצ, וואס איז אימ אינ די הענט אריינ געקומענ.

— איכ בינ נארוואס געווענ אפ א מיטינג בא די באלשעווי-

קעס, — האָט ער דערציילט. — דאָס, וואָס מע דערציילט וועגן זיי, — אז זיי זײַנען קלוימערשט דײַטשישע שפּיאָנען און אנדערע נאריש־קײַטן — דאָס אלץ איז ניט עמעס...

לענע האָט געשוויגן.

— און דו ווייסט, דער פּאפּא האָט אפן פּויערים־צוזאמענפאָר אין ניקאָלסק געשטיצט די באָלשעוויקעס... ער האָט געשטימט, אז זייער צענטל זאָל ארויסגעשטעלט ווערן אין דער גרינדונג־פארזאמלונג...

לענע האָט שוין עפּעס איינמאָל באַם טיש געהערט וועגן דער ניט טאקטישער אופירונג פון איר פאָטער אפן צוזאמענפאָר לע־גאבע זײַנע קאָלעגן־דאָקטוירים.

— מיר האָבן מיט אים א סאך געשמועסט, און איך, דעם עמעס ריידנדיק, קאָן ניט זאָגן, אז איך האָב זיך פאנאנדערגעקליבן, גי־כער פון אלץ האָב איך זיך אפילע נאָכמער פארפּלאָנטערט, — סעריאָזשע האָט פריילעך א שמייכל געטאָן, — אָבער איך מיין, אז אונדזער פּאַ־פּא האָט ווירקלעך א סאך געקעמפט און געליטן און אים קאָן מען גלייבן.., לייענען איבער, וואָס ער האָט מיר אָנגעשריבן גלײַך נאָך מײַן אָפּפאָרן...

סעריאָזשע האָט א שטעק געטאָן לענען אין די הענט ארײַן א פארסמאָלצעוועטן בריוו מיט דער דריבנער האנטשריפט פון פאָטער.

לענע האָט זיך א גליטש געטאָן מיט די אויגן איבער די לאַ־טײַנישע שפּריכווערטער און פראנצויזישע אויסרופווערטער, וואָס מיט זייער הילף האָט דער פאָטער זיך געוואָלט ארויסווײַזן אלס קלוי־מערשט פריילעכער און זאָרגלאָזער פילאָסאָף, — און צוריקגעקערט דעם בריוו.

— דו ביסט מאסקים? מאסקים?.. — האָט סעריאָזשע נײַגעריק געפרעגט.

— יאָ... איך מיין אזוי.., — האָט אומפאראנטוואָרטלעך־גלאָטלאסן לע־נע א זאָג געטאָן.

— און אפן מיטינג האָט מיר פארשלעפט גרישע, — דו געדענקסט, איך האָב דיר דערציילט וועגן אים? ער ארבעט אין א דרוקערײַ. — האָט פריילעך ווערנדיק געזאָגט סעריעזשע, — דער פאָטער זײַנער איז אויך א זעצער, אין טפיסע געזעסן...

— אינטערעסאנט געווען אפן מיטינג? — האָט גלײַכגילטיק לענע א פרעג געטאָן: איר האָט זיך ניט געוואָלט, אז סעריאָזשע זאָל אוועק.

— זייער... איינער דאָרטן, קרײַזמאַן, איז ארויסגעטראָטן. זע־עלטן!.. און נאָך איינער, סורקאָוו, — ער האָט זיך גאָרוואָס פון פראָנט צוריקגעקערט...

— סורקאָוו?...

לענע האָט זיך אומקלאָר דערמאָנט אָן דעם קורצפּיסיקן יונגלינג מיטן באַרגיקן שטערן אין כינעזישן שנײַדער־ווארשטאט און א צוק געטאָן מיט די אַקסלען, ווי אין א פיבער, דערמאָנענדיק זיך, אז דער פאָטער פון דעם דאָזיקן יונגלינג איז פארברענט געוואָרן אין עפּעס אן אָנגעגלימטער בראָטפּאַן.

— דערצייל מיר אוועלכער איז ער...

— וואָס הייסט — אוועלכער?

— ווי זעט ער אויס, וואָס האָט ער גערעדט...

סעריאָזשע האָט מיט באַגײַסטערונג גענומען דערציילן. פון זײַן דערציילונג איז קלאָר געוואָרן, אז סורקאָוו גייט אָנגעטאָן אין א סאָלדאטסקן שינעל, און אפֿן מיטינג האָט ער גערעדט דאָס זעלבע, וואָס אלע באָלשעוויקעס ריידן און וואָס איז, מעגלעך, ניט עמעס.

לענעס אינטערעס צו סורקאָוון איז אָפּגעקילט געוואָרן.

אין דעם זעלבן הארבסט האָט זיך אויך באַקומען א בריוו פון וועניאַמינען, גימערס מיטלן זון, און סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט אָט דעם בריוו איבערגעלייענט אין דער הייך.

וועניאַמין האָט געשריבן, אז דער פראָנט ווערט צעוואלגערט, די סאָלדאטן פאָלגן ניט די אָפיצערן, רײַסן אראָפּ די עפּאָלעטן, די דײַטשן פארכאַפּן אלץ, וואָס זיי ווילן נאָר. דיוודיע האָט אויך גע־כאַפּט פון די סאָלדאטן א כיילעק. נאָר וועניאַמינען איז געלונגען אײַנצוּאָרדענען אים אין שטאַב פון יענעם קאָרפּוס, ווו ער אליין דינט. זיי זעען זיך אָפט מיט לאַנגאָוואָי, וועלכער געדענקט און ליבט אלעמען ווי פריִער און שיקט אלעמען גערוסן. דאָס וואָרט „ליבט" איז געווען אונטערגעשטראָכן, און סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט א קוק געטאָן אף לענען.

„ארום און ארום איז פאראט, פאכדאָנעס און שאנד, — האָט וועניאַמין ווײַטער געשריבן. — עס איז אומדערטרעגלעך שווער דאָס אלץ איבערצולעבן. נאָר מיר פילן אויס אונדזער כויוו און מיר וועלן אים אויספילן ביזן סאָף..."

דער בריוו איז געווען לויטן טאָן א זייער ערנסטער און מור־

טיקער. לענע האָט פריִער אויך געהאלטן מער פון וועניאמינען, — ער איז געווען אזא קליינינקער, א גוט אויסגעטאָקטער, אן ערנסטער און שווייַגנדיקער. אין זייַן בריוו האָט זיך געפילט דער קויעך פון איבערצייַגטקייַט.

„יעדער איינער איז גערעכט אף זייַן אויפן, און קיינער ווייס גאָרנישט ניט, — האָט לענע געטראכט. — אינטערעסאנט, פארוואָס האָט ער אונטערגעשטראָכן, אז לאנגאָוואָי ליבט ווי פריִער אלעמען?..“

26

אין שטאָט האָט א לאנגע צייַט עקזיסטירט א צווייענדיקע מאכט — די שטאָט־דומע און דער סאָוועט פון די ארבעטער־דעפוטאטן. אין דעקאבער האָט זיך אף דער זיצונג פון דער שטאָט-דומע באוויזן א זייער יונגינקער שווארצינקער קאָמיסאר אין פענסנע און מיט אים א באוואקסענער שיף־אויסלאָדער אין א שינעל מיט א פאנאנדערגעשפּליעטן דייסטל פון הינטן און מיט א פארזשאווערטער בערדאנקע אָן א שלאָס אין די הענט, און די שטאָט־דומע איז פאנאנדערגעלאָזט געוואָרן.

אפן צווייטן טאָג זייַנען אלע צייַטונגען אין דער שטאָט, אויסער די באָלשעוויסטישע „קראסנאָיע זנאמיא“ און „איזוועסטיִא“ ארויס מיט פעטע קעפלעך און אויסרופצייכנס. די דומע האָט מיטגעטיילט, אז זי איז געצוווּנגען אונטערצוווארפן זיך דער גראָבער באוואָפנטער קראפט און אז זי פּראָטעסטירט זייער שטארק. די צייַטונג „דאלני וואָסטאָק“ האָט געגעבן אָנצוהערעניש, אז דער שווארצינקער קאָמיסאר, וואָס האָט צעטריבן די דומע, איז — א ייִד.

איצט האָט מען שוין בא גימערן אין שטוב אָפן געזידלט לענעס פאָטער און אָנגערופן אים מעשוגענער דערפאר, וואָס ער איז געגאנגען ארבעטן אין סוטשאנער סאָוועט.

— פון אים האָט מען אלץ געקאָנט דערווארטן, — האָט טרויערִיק סאָפיא מיכייַלאָוונא א זאָג געטאָן. — וואָס וואָלט געטאָן די אָרעמע אניע, ווען זי וואָלט דערלעבט צו אזעלכע צייַטן!..

סורקאָוון פלעגט מען דערמאָנען אף טריט און שריט. סורקאָוו איז געווען דער מיליטערישער קאָמיסאר פון דער פעסטונג, איינער פון די פילצאָליקע אין דער איצטיקער צייַט קאָמיסארן, נאָר דאפקע אים האָט מען בעשומויפן ניט געקאָנט מויכל זייַן דאָס, וואָס אָט

דער זעלבער סורקאָוו, וואָס האָט זיכ באַנוצט מיט דער ווילטעטיקײט פונ דער געזעלשאַפט, אָט דער סורקאָוו, וואָס האָט געשלאָגנ דיודיענ אונ דאָס איז אימ געשענקט געוואָרנ, אָט דער סורקאָוו צאָלט איצט פאַר אַלצ מיט אַזאַ מינ פינצטערער אומדאַנקבאַרקײט.

עס האָבנ גענומענ פּאַסירנ פּאָשעטע שווידערלעכע זאַכנ. אינ אײנער אַ נאַכט האָט זיכ צו די גימערס אינ שטוב אַרײַנגעריסנ אַ גרופּע מענטשנ אינ שינעלנ אונ לעדערנע קורטקעס. מע האָט אופגעהויבנ אַלעמענ פונ די בעטנ. די האַלב־נאַקעטע מײדלעכ זײַנענ ציטערנדיקע פונ שרעק געזעסנ אינ גאַסט־צימער; זײערע טישלעכ אונ בעטנ זײַנענ איבערגעטרײסלט געוואָרנ. עס איז געווענ עפּעס דערנידעריקנדיקס אינ אָט דער איבערטרײסלונג.

דעמ אַלטנ גימער האָט מענ אַרעסטירט, נאָר אײנקורצנ אַרויסגעלאָזנ אַפ דער פרײַ. צוריקגעקערט פונ אַרעסט האָט ער זיכ אַ באַוואָקסענער, אונ לאַנג זיכ געוואַשנ אינ דער וואַנע, בורטשענדיק אונ פּעכקענדיק אַפ דער גאַנצער שטוב.

צו מיטיק צו האָבנ זיכ צונויפגעזאַמלט בײַ זײַנ טיש די סאַמע אָנגעזעענסטע מענטשנ פונ דער שטאָט. עס זײַנענ אופגעגעסנ געוואָרנ אַ סאַכ גוטע שפּײַז אונ נאָכ מער איז אויסגעטרונקענ געוואָרנ גוטנ ווײַנ. גימער האָט גערופנ די אָנגעזעענע מענטשנ פונ דער שטאָט ניט צו געבנ דער נײַער מאַכט „קײנ אײנ גראָשנ אונ קײנ אײנ קערנדל ברויט”, אונ דער אַלטער סקוטאַריאָוו, אַ גאָלד־געווערבניק, וואָס איז געווענ בײַ גימערנ אינ שטוב צומ ערשטנ מאָל אונ געשעמט אַפ דער גאַנצער שטאָט מיט זײַנ ייִדנ־פרעסערײַ, האָט אונטערנ געדונער פונ אַלעמענס אַנציקונג אונ האַנט־פּאַטשערײַ זיכ צעקושט מיטנ אַלטנ גימערנ.

אינ דעמ זעלבנ אָוונט האָט גימער אַרויסגערופנ צו זיכ דעמ הויפּט־פּאַרוואַלטער פונ די מיל־אונטערנעמונגענ אונ איז אָפּגעזעסנ מיט אימ בײַ זיכ אינ קאַבינעט ביז אינ דער שפּעטער נאַכט אַרײַנ. דער אַלטער גימער איז געווענ אַזוי שטאַרק בײַז אַפ דער נײַער מאַכט, אַז ער האָט אַזש פאַרגעסנ מיטצוטײלנ די אָנגעזעענע מענטשנ פונ דער שטאָט, אַז ווענ ער איז געווענ אַרעסטירט, האָט ער זיכ צונויפגערעדט מיט אָט דער נײַער מאַכט וועגנ ברויט־אָפּליפערונגענ. סאָפּקאָלסאָפּ איז דער געשעפט געווע העכער פונ אַלצ.

צו פרילינג אַכצעטנ יאָר האָבנ אינ שטאָט אָנגעהויבנ קומענ די

טשעכישע עשעלאָנען: מע האָט געשמועסט, אז זיי ווערן דאָ געזאמלט אף אָפּגעשיקט ווערן פונדאנען צו זיך אהיים. איבער די גאסן, וואָס זיינען איצט קעסיידער פול געווען מיט פּראָסטן אוילעם, האָבן מארשירט דיסציפּלינירטע, גוט אויסגעמושטרירטע און אָפּגעקליבענע טשעכישע סאָלדאטן, וואָס זיינען ענלעך געווען אף די אלטע רוסישע סאָלדאטן.

אפן רייד האָט זיך צעקלונגען מיט די אנקער־קייטן א יאפּאָנישער קרייסער. פון גימערס באלקאָן איז ער געווען ענלעך אף א שפּילצייג: א ריינינקער, א פייניקער., האָט ער פריילעך געלאָזן א רויך פון אלע זיינע דריי טרויבן מיטאמאָל. קליינינקע יאפּאָנישע סאָלדאטן אין גרינע וויקלבענדער אף די פיס, מענטשלעך, וואָס זיינען לאכלוטן ניט ענלעך געווען אף יענע לופטיקע און וועלט־באטראכטערישע צאַדיקימלעך, וואָס זיינען געמאָלט און געשניצט געווען אף די בילדער און גראוויורן, האָבן מארשירט איבער די גאסן.

דער אלטער גימער, וואָס האָט שוין געהאט אינגאנצן פארלאָרן די פייקייטן צו שטיקן זיך מיטן פישביינדל, האָט אָנגעהויבן געבן בעלער פאר דער גאנצער שטאָט. מיט אן אויסערגעווייגלעכער פּאָמפּע האָט מען אָפּגעפּראוועט די כאסענע פון שורא סאָלאָדאָווניקאָוו מיט ליזע גימער. אין דער נאכט, ווען בא די סאָלאָדאָווניקאָווס איז געפּראוועט געוואָרן די כאסענע, זיינען געקומען אהיים ווענויאמין, דיודיע און וועסעוואָלאָד לאנגאָוואָי. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער און זיינען אריין אין שטוב דורך דער הינטערטיר.

לענע האָט זיך באגעגנט מיט זיי באם פרישטיק. די יונגע מענטשן האָבן געגעסן לויזע אייער, לעבהאפט געשמועסט און געלאכט. אדאָטשקע האָט זיך א וואָרף געטאָן קושן זיך מיט די ברידער.

לאנגאָוואָי איז מאָגערער, אָבער נאָך שטייפער און מענערישער געוואָרן. ווען לענע איז אריינגעקומען אין צימער, האָט ער א הייב געטאָן זיינע לאנגע גרויע וויעס, און די אויגן זיינע האָבן אף א ווייַלע אנציקט א גלאנץ געטאָן. ער האָט זיך אופגעהויבן פון זיין אָרט און איידל א קוש געטאָן לענען אין האנט. לענע האָט דערזען זיין גלייכן שרונט אפן מיטן קאָפּ און זיינע גרויע, ווי בא א וואָלף, האָר.

די גאנצע צייט פון פרישטיק האָט לענע קיין איין מאָל ניט א קוק געטאָן אף לאנגאָוואָי, כאָטש זי האָט געפילט, אז ער קוקט אף איר.

— כאַפּט עס דער טײַוול, איך האָב שוין לאַנג אַזוי ניט געפרעסן! — האָט דיודיע געשריִען.

דיודיע איז שטאַרק שווערלײַביק געוואָרן, די באַקן זײַנען בײַ אים ווי אָנגעדראָלן געוואָרן. ער האָט זיך די גאַנצע צײַט צוגעגאָסן פון גראַפין אין גלעזל אַרײַן כאָטש, וועניאַמין האָט אים געזאָגט, אַז „אינדערפרי טויג ניט טרינקען בראַנפן, און אײער זײַנען ניט קיין גוטער צובײַסן דערצו".

— טויג ניט!.. — האָט דיודיע געשריִען אונטערווינקנדיק און הירזשענדיק מיט זײַן באַס, וואָס האָט זיך אָפּ אַ קוויטשל פּאַריסן, און טרייסלענדיק דערבײַ מיט זײַנע שיטערע קאָטערשע וואָנצעלעך.

וועניאַמין, אַ קלײנינקער און אַקוראַטער, מיט טונקעלע האָר, מיט קלוגע פאַראַכטנדיקע אויגן, האָט זיך נאָכגעפרעגט בײַ טאַטאָטשקען וועגן דער לאַגע אין שטאָט. טאַטאָטשקע האָט זיך געקרימט, געמאַכט אַ זויערע צורע, געוויזן, אַז אָט די אַלע אינטערעסן פון די געוויינלעכע מענטשן זײַנען זײער ווײַט פון אים. וועניאַמין איז אינקורצן אַנשוויגן געוואָרן, און אין זײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ נאָך מער פאַראַכטנדיקער אויסדרוק.

אין גימערס דירע איז פאָרגעקומען די סאַמע גרעסטע פאַרזאַמלונג פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס עס עקזיסטירט די נײַע מאַכט. אָפּ דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג זײַנען געווען ניט נאָר די אָנגעזעענע מענטשן פון דער שטאָט, נאָר אויך אַ סאַך אומבאַקאַנטע יונגע מענטשן. מיט דער פאַרזאַמלונג האָט אָנגעפירט וועניאַמין און צו זײַן שטים האָט מען זיך אַמשטאַרקסטן צוגעהערט.

אין צווייי טעג אַרום איז וועניאַמין מיט דיודיען, וואָס זײַנען די גאַנצע צײַט פון שטוב ניט אַרויס, אוועקגעפאָרן אין אַן אומבאַוווסטער ריכטונג, און לאַנגאָוואָי איז געבליבן בײַ די גימערס. לעבן מיט אַדען האָט מען אָנגעזאָגט, אַז זיי דאַרפן אַלעמען זאָגן, אַז לאַנגאָוואָי איז גימערס אַ פּלימעניק, אַ טאָמסקער סטודענט, וואָס איז געקומען אָפּ די קאַניקולן.

27

לאַנגאָוואָי פלעגט אָפּט פאַרשווינדן פון שטוב און אומקערן זיך צוריק שפּעט באַנאַכט. יעדן טאָג פלעגן צו אים אַרײַנקומען אַלץ נײַע און נײַע יונגע מענטשן, אָפּט זײַנען דאָס געווען לענעס באַ-

קאַנטע גימנאַזיסטן, נאָר זי האָט קיין איינמאָל ניט באמערקט, אַז עמעצער פון די, וואָס זײַנען שוין איינמאָל געווען, זאָלן קומען נאָכאַמאָל.

ווי לענע זאָל זיך ניט געפינען, האָט זי שטענדיק געפילט און געדענקט, אַז לאַנגאָוואָי לעבט בא זיי אין שטוב: ווײַזט אויס, אַז זי האָט אים געפילט אין זיך. נאָר דאַפקע דערפאַר האָט זי אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט אים אויג אַף אויג, כאָטש זי האָט געזען, אַז ער זוכט די דאָזיקע באַגעגעניש און אַז אַלע אַרומיקע וואַרטן אויך דערויף.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי זיך דאָך געטראָפן. דאָס איז געווען אין גאַסט-צימער. זיי זײַנען געבליבן שטיין איינער קעגן אַנדערן. לאַנגאָוואָי אין די לאַקירטע שטיוול מיטן זײַדענעם העמדל מיטן קיטאַס, וואָס האָט זייער געפאַסט צו זײַן שטאַלטנער פיגור, איז געווען ערנסט און פאַרומערט. לענע האָט געזען פאַר זיך זײַנע לאַנגע וויִעס.

זיי האָבן געהאַט צווישן זיך דעם פאָלגנדיקן געשפרעך:

— לענע, פאַרוואָס מײַדט איר מיך אויס?

— איר נעמט צופיל אַף זיך, אויב איר מיינט, אַז איך מײַד אײַך אויס...

— איר זאָגט ניט עמעס. צו וואָס?... איר האָט פאַרגעסן אָן מיר?.. יאָ, איר האָט אופגעהערט שרײַבן, איר האָט ניט אויסגעפילט אײַער צוזאָג.

— ניט שוין-זשע קאָנט אירריידן ערנסט וועגן אַזעלכע זאַכן?

— וועגן אַזעלכע זאַכן קאָן איך ריידן נאָר ערנסט. איך האָב ניט פאַרגעסן דאָס, וואָס איך האָב אײַך צוגעזאָגט, און געוואַרט אַף אײַך, ניט געקוקט אַף גאָרנישט... לענע, איר זײַט אַזוי שיין געוואָרן!..

א שווײַגעניש.

— עפשער דערפאַר, וואָס איר האָט מיך געטראָפן אַ שענער געוואָרענע, דוכט זיך אײַך, אַז איר האָט די גאַנצע צײַט געדענקט אָן מיר?

— איך גלייב ניט... איך קאָן ניט לײַגן און אַזעלכע זאַכן.

— און אין וועלכע זאַכן קאָנט איר יאָ לײַגן?

— לענע, איך דערקען אײַך — אַלץ די זעלבע פראַגעס. ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן, אַז זיך אַליין קאָן איך ניט לײַגן, נאָר,

פֿאַרשטייט זיך, איך א סאך פֿאַלן פֿון א ניט פּערזענלעכן כאַראַקטער פֿאָדערט זיך א ליגן.

— אין וועלכע, לעמאָשל?

— וועגן דעם האָב איך קיין רעכט ניט אײַך צו זאָגן, נאָר אין־קורצן וועט איר עס אליין זען.

— איר ווילט ארויסטרײַבן די באָלשעוויקעס, יאָ?

— לענע, איר קענט זיך זייער גוט אָנשטויסן...

— און איר גלייבט שטאַרק דערין, אז דאָס, וואָס איר טוט, איז ריכטיק?

א שווײַגעניש.

— איך טו קיינמאָל ניט אזוינס, אין וואָס איך בין ניט איבער־צײַיזט, אז דאָס איז ריכטיק.

— קיינמאָל ניט? דאָס קאָן ניט זײַן, אזעלכע מענטשן זײַנען ניטאָ. מענטשן טוען זייער גאנץ לעבן א סאך אזוינס, וועגן וועלכן זיי קאָנען ניט וויסן, צי דאָס איז ריכטיק אָדער ניין... פֿונוואַנען קאָנט איר וויסן, אז מע דאַרף זיי ווירקלעך ארויסטרײַבן?

— איר פֿאַרשטייט, לענע, ווען איך וועל אײַך ריידן וועגן די פּליכטן פֿאַרן פֿאָטערלאַנד און קולטור, וועט איר זאָגן, אז דאָס זײַנען אלגעמיינע ווערטער, ווי איר האָט עס שוין איינמאָל געזאָגט. אָבער איך האָב דאָך אף די גאליציאַנער פֿעלדער געלאָזן מײַן בלוט דערפֿאַר!.. און בלויז דערפֿאַר איז מיר ניט קיין שאָד, וואָס איך בין דאָרט אינגאנצן ניט אָפּגעגאנגען מיט בלוט, ווײַל איך ווייס — מײַן לעבן איז איצטער נייטיקער, ווי ווען־עס־איז ביז איצט און נאָך דערפֿאַר, וואָס איך קאָן אײַך ווידער זען און ווידער ריידן מיט אײַך... איר וועט זאָגן — אָבער פֿונוואַנען קאָנט איר וויסן, אז איר האָט ניט אומזיסט פֿאַרגאָסן אײַער בלוט? מיט וואָס קאָנט איר עס קאָנטראָלירן? איך קאָן עס טאקע ניט קאָנטראָלירן מיט קיין שום זאך, אויסער דער דערפֿאַרנקײַט און די טראַדיציעס פֿון מײַנע אורעלטערן און עלטערן, אויסער מײַנע אייגענע פֿאַרלאַנגען און שטרעבונגען; און אויב די אורעלטערן מיט די עלטערן האָבן א טאָעס געהאַט און אויב מײַנע שטרעבונגען זײַנען פֿאַרגרײַזטע — איז מילע... אין דעם באַשטייט דאָס לעבן, ווען ניט דאָס, וואָלט קיין לעבן ניט געווען...

א שווײַגעניש...

— יאָ, איר זײַט איבערצײַגט... איר... זײַט אזא, איך ווייס עס...

— אָבער איר פֿילט מיך מיט?

— איך האָב אײַך ערגעץ ניט און פֿאַר קיין זאַך ניט פֿאַרגאָסן קיין בלוט... נאָר איך מיין, אַז איך פֿיל מיט יעדן איינעם, וואָס איז אויפֿריכטיק איבערצייַגט דערין, וואָס ער טוט... אויב די ציל זײַנען ניט קיין געמיינע... נאָר איך האָב ווייניק געזען אַזעל-כע מענטשן...

— הייסט עס, אַז איך האָב נאָך אַ שאַנס?..

— און וואָס ווילט איר, אײַגנטלעך? אײַך ווילט זיך מיר קושן? אָדער וואָס?

— לענע, איר זײַט זייער אַ קאָמישע...

— איר קאָנט מיר אַ קוש טאָן אַמאָל. דאָס וועט אײַך באַ-פֿרידיקן?

— צו וואָס רעדט איר אַזוי? און אײַך וועט עס באַפֿרידיקן?

— מיר איז אַלצייגס...

— עס קאָן אײַך ניט זײַן אַלציינס — אַזעלכע מענטשן זײַנען ניטאָ...

— נו איז וואָס־זשע ווילט איר?

— איך וויל, אַז איר זאָלט מיך ליב האָבן. דערפֿאַר קאָן איך אײַך אָפּגעבן זיך אינגאַנצן — דאָס איז ניט אַזוי קנאַפּ, איך פֿאַרזיכער אײַך...

— אָבער איר האָט דאָך פֿאַרגאָסן אײַער בלוט אויף די פֿעלדער פֿון גאַליציע, און איר האָט אַ פֿליכט!

— די ליבע צו אײַך ווידערשפּרעכט ניט מײַן פֿליכט, מאַכמעס דאָס איז אויך אײַער פֿליכט.

— אָבער פֿונוואַנען ווייסט איר, אַז איר זײַט פֿייִק אויף אַזאַ מין ליבע? און אין וואָס באַשטייט עס, וואָס פֿילט איר?

— גאָט מײַנער, עס איז שווער מיט אײַך צו ריידן... אָבער איך האָב אײַך נאָך שטאַרקער ליב דערפֿאַר... מע קאָן דען אַלץ געבן צו דערקלערן מיט ווערטער? אויב איר פֿילט עס ניט, הייסט עס, אַז אין אײַך איז עס ניטאָ, און דאָס איז זייער טרויעריק פֿאַר מיר...

— ניין, איר געפֿעלט מיר זייער, איבערהויפּט, ווען איך זע אײַך ניט.

— ווען איר זעט מיך ניט?!

— יאָ... ווײַזט אויס, אַז דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל איך זע דעמלט אין אײַך נאָר דאָס, וואָס מיר געפֿעלט, און איך שפּיר דאַן אַ גרויסן

צוטרוי צו אײַך און מיר ווילט זיך טאָן פאר אײַך עפּעס זייער א גוטע זאך... יאָ, דאָס איז אזוי...

— לענע, מיר דוכט זיך, אז איר האמעוועט שטענדיק אײַערע געפילן. איך מיין, אז עס איז אײַך דערפון שווער צו לעבן.

— דאָס איז זעלבשוץ. מענטשן זײַנען זעלבסטגײַציק און בייז, און איך בין — שוואך...

— איך ווייס אליין ניט, וואָס איך וואָלט געגעבן דערפאר, אז איר זאָלט מיר געטרויען! אײַך וואָלט געווען גרינגער מיט מיר צווישן מענטשן...

— אָבער אײַך וואָלט דאָך דערפון געוואָרן ניט גרינגער, נאָר שווערער? וואָס-זשע באוועגט אײַך דאן?

— ניין, מיר וואָלט אויך געוואָרן גרינגער, ווײַל איך בין זייער איינזאם, איבערהויפט איצט... ווי דער גרויער וואָלף! איר ווילט, איך וועל זיך באַרד צעוויינען?...

און לאנגאָוואָי האָט פּלוצלינג א הייב געטאָן דעם קאָפּ און צע־וויעט זיך מיט א לאנגן וועלפישן געוויי, פאנאנדערבלאָזנדיק די דינע נאָזלעכער און פינקלענדיק מיט די גרויע ווײַעס. לענע האָט דער־פילט, אז איר ווילט זיך צוטוליען צו זײַן וועלפיש־אויסגעצויגענעם שטאלטנעם, שטארקן קערפּער.

— יאָ, איר זײַט אמאָל ענלעך אפ א וואָלף... איר געדענקט בא טאָלסטאָיען, ווען דער הונט פונעם פעטערל „א פײַנע זאך מארש!“, ווען דער הונט זײַנער האָט פאריאָגט דעם וואָלף און מע האָט דעם וואָלף געכאפּט און געבונדן און ארײַנגעשטופּט א שטעקן אין די ציין און צוגעבונדן צום זאָטל, די מענטשן האָבן זיך זייער שטארק גע־היצט, און דער וואָלף האָט „ווילד און אין דער זעלבער צײַט פראָסט געקוקט אף די מענטשן“... מיר געפעלט זייער שטארק אָט דאָס אָרט...

— לאָמיר האָפן, אז מיך וועט מען צום זאָטל ניט צובינדן!..

— יאָ, איך וואָלט געוואָלט, אז איר זאָלט זײַן אן אינגאנצן־אינגאנצן פרײַער וואָלף... אָבער, איך ווייס, צום באדויערן, אז דאָס איז אוממעגלעך.

— לענע, איך וועל אײַך א קוש טאָן!...

— איך וועל אײַך אליין א קוש טאָן...

זי האָט ארומגעכאפּט זײַן האלדז מיט אירע דינע הענט און שטארק, שטארק א קוש געטאָן אים אין די ליפּן.

28

דעמ 22־טנ מײַ איז סעריאָזשע אויסגעשלאָסנ געוואָרנ פונ דער גימנאזיע.

פאסירט האָט עס אָט וויאזוי.

אוועקשלעפנדיק זיכ מיט זײַנ כאווער, דעמ לערנײנגל פונ דער דרוקערײַ, איז סעריאָזשענ אויסגעקומענ צו בלײַבנ אפ א גאנצער נאכט דעזשורירנ באמ אויספירקאָמ פונ די סאָוועטנ. א גאנצע נאכט האָט ער זיכ צוגעהערט צומ געבראזג פונ דער טשעכישער ארטילעריע, וואָס האָט זיכ געהאט אויסגעלאָדנ פונ די וואגאָנעס אפנ וואָקזאל. אינדערפרי, א פארמאטערטער אונ שווארצ-געוואָרענער פונ דער שלאָפלאָזער נאכט, האָט ער, אײַלנדיק זיכ אינ גימנאזיע, אָנגעיאָגט די קאָלירטע אינטערווענטישע קאָלאָנעס מילִיטער, וואָס האָבנ געשפאנט אינ א וואָלקנ געלנ שטויב; דער שווערער געהילכ פונ זייערע טריט, די געשרייענ פונ די אײַזקרעמ-הענדלער, די וויעגישנ פונ די סירענעס, וואָס האָבנ זיכ דערטראָגנ פונ דער בוכטע, האָבנ געקלונגענ אינ זײַנע אויערנ ווי א פאנטאסטישע פאָרזעצונג פונ דער נאכט, וואָס וועט זיכ קיינמאָל ניט ענדיקנ. אָבער ווענ ער האָט אנ עפנ געטאָנ די קלאס-טיר, וואָס האָט געשטונקענ מיט קאזיאָנער פארב, האָט ער זיכ איבערצײַגט, אז דאָ איז אלצ ווי געווענ. עס האָט געדארפט באלד פאָרקומענ דער לימעד פונ דעסקריפטיווער געאָמעטריע.

מיט כידעש האָט זיכ סעריאָזשע צוגעקוקט צו זײַנ העלהאָריקנ אונ אקוראטנ שאָכנ בא דער פארטע, ווי יענער האָט ארויסגעשטעלט די פולע ליפנ זײַנע אונ געשפיליעט צומ טאָוול א בויגנ ווײַסנ בריסטאָל-פאפיר. „ניט שוינ־זשע דארפ איכ עס אויכ טאָנ!” — האָט סעריאָזשע אנ אָפגעשוואכטער א טראכט געטאָנ. ער האָט שוינ געהאט גענומענ א קנאָפקע, נאָר ער האָט פלוצלינג דערזענ אינ פענצטער די גרינע מארשירנדיקע פיס, — סעריאָזשע האָט זיכ דערמאָנט אָנ דעמ געבראזג פונ דער טשעכישער ארטילעריע, וואָס האָט זיכ באנאכט אויסגעלאָדנ פונ די וואגאָנעס אפנ וואָקזאל, אָנ די פרײַסנ אינ קיכ פונ אויספירקאָמ, וווהינ ער איז צוזאמענ מיט זײַנ כאווער באנאכט געגאנגענ וואסער טרינקענ.

אָבער מער פונ אלצ האָט געדריקט זײַנ געמיט די געלאסענע, סקריפנדיקע שטימ פונעמ לערער רעדליכ. סעריאָזשע האָט אָפט, קריי־

מענדיק זיכ, געקוקט אפנ לערערס אויבערשטע בלויע ליפּ (רעדליכ האָט מיט א וואָכ צוריק כאַסענע געהאט אונ, ווי מע האָט דערציילט, האָט זײַנ ווײַב דאַפקע פארלאנגט, אז ער זאָל זיכ לאָזנ וואקסנ וואָנצעס). רעדליכ איז געשטאנענ אנטקעגנ גימנאזיסט יערעמייעוו אונ מיט עפּעס אנ עקל האָט ער מיט צוויי פינגער אומגעדרייט יערעמייעווס הענט מיט די דלאָניעס ארופּ אונ געלאסנ געסקריפּעט:

— כע־ע... וואָס איז בא אײַכ אינ דער היימ קיינ זײ־ייפ ניטאָ־אָ?..

יערעמייעוו, א גרויסער אָפּגעלאָזענער באָכער מיט א פולער צורע אונ צעשויבערטע האָר — פונ אימ האָט שטענדיק געשמעקט מיט אנ אויוונ-טאָפּ, — האָט פארשעמט אונ נעבעכדיק געשמייכלט: ער איז געווענ דער סאמע שטילסטער שילער אינ קלאס.

סעריאָזשע האָט זיכ פּלוצלינג דערמאָנט, אז יערעמייעוו איז א זונ פונ א מאַסע־וועגער אונ אינטערעסירט זיכ מיט ניצשעס פילאָסאָפיע, אונ עס קאָנ טאקע זייער זײַנ, אז זיי האָבנ ניט קיינ פיצל זייפּ אינ דער היימ. אינ דער זעלבער רעגע האָט זיכ סעריאָזשע אופגעהויבנ אונ א זאָג געטאָנ הויכ אפנ גאנצנ קלאס:

— הערט נאָר, הער רעדליכ, דאָס הייסט דאָכ איזדיעקעווענ זיכ!..

אלע קעפּ האָבנ זיכ אומגעדרייט צו סעריאָזשענ.

— וואָס הייסט? — האָט זיכ רעדליכ איבערגעשראָקנ.

— הייסט עס, נאָכאמאָל איבערכאזערנ? — האָט נאריש סעריאָזשע א פרעג געטאָנ,

רעדליכ איז פּלוצלינג אָנגעצונדנ געוואָרנ אונ צעשריִענ זיכ:

— ווי דערוועגט איר עס זיכ אזוינס... צעלאָזנ געוואָרנ, אויס־וו-ו־ורפנ!..

— וואָס?!

די צעקאָכטע בלוט האָט א זעצ געטאָנ סעריאָזשענ אינ קאָפּ ארײַנ, ער איז אופגעשפּרונגענ פונ אָרט אונ אוועקגעלאָפנ צו רעדליכנ. סעריאָזשע האָט געוווסט, אז ער וועט באלד א פּאטש טאָנ רעדליכנ. נאָר רעדליכ איז ארויסגעלאָפנ פונ קלאס, א זעצ טוענדיק מיט דער טיר אזוי, אז דער טינק האָט זיכ פונ די ווענט א שאָט געטאָנ.

אלע זײַנענ אופגעשפּרונגענ פונ זייערע ערטער, עס האָט זיכ אופגעהויבנ א גוואלדיקער טומל. עס איז גלײַכ געעפנט געוואָרנ א פלוג-מיטינג, אפ וועלכנ עס איז באשלאָסנ געוואָרנ פאָדערנ פונ רעדליכנ, ער זאָל זיכ אנטשולדיקנ, אונ אויב ער וועט זיכ אָפּזאָגנ —

דערקלערן א שטרייק. בייס ס'איז געגאנגען די פארזאמלונג האָט ראָמקע קים, א זון פון א קאָריישן סויכער, דער בעסטער קאריקאַ־טוריסט אין קלאס, מיט קרייד אָנגעמאָלט אפן טאָוול א מאניפעס־טאציע פון די שילער מיט א פלאקאט: „נידער מיט דער טיראניע פון די פעדאגאָגן און בארבארן-עלטערן!".

אין א האלבע שאָ ארום איז סעריאָזשע אין דער שפיץ פון א דעלעגאציע געשטאנען אין דירעקטערס קאבינעט. דער געבראזג פון דער טשעכישער ארטילעריע, וואָס מע האָט באנאכט פון די וואגאָנעס אויסגעלאָדן, האָט אים אויך דאָ צו רו ניט געלאָזט. סעריאָזשע האָט געזען אנטקעגן זיך דעם דירעקטערס צעדריפעטע נאָז, וואָס איז ענ־לעך געווען אפ א גרויסער טרעסקאווקע, ארויסגעלייגט פארן דירעק־טער די פאָדערונגען פון די שילער, אויסגעהערט זיין אָפזאָג און אין דער זעלבער צייט קימאט פיזיש געשפירט די גוטע ווארעמקייט פון זיין געלעגער און אויך דאָס, וואָס ער וועט סאָפקאָלסאָף קאָנען ארי־בערדעקן זיך אריבערן קאָפּ מיט דער קאָלדרע און גוט זיך אויס־שלאָפן. אפ איין רעגע האָט ער א טראכט געטאָן: „און דער פאפא וועט קיין פאריבל ניט האָבן דערפאר?" נאָר דערמאָנענדיק זיך אָן די אויסגעשטעלטע פולע ליפן פון זיין פארטע־כאווער און רעדליכס סקריפנדיקע שטים, האָט ער באשלאָסן, אז „דער פאפא וועט דערפאר קיין פאריבל ניט האָבן".

אפן 22-טן מיי איז באשטימט געוואָרן א פארזאמלונג פון די שילער פון די עלטערע קלאסן פון אלע לערן־אנשטאלטן. סעריאָזשע האָט דורכן סאָוועט פון די ארבעטער־דעפוטאטן באקומען דעם זאל פון דער געזעלשאפט „ספאָרט", מעלדנדיק אין שטרייק־קאָמיטעט, אז ער האָט זיך וועגן דעם דערעדט מיט דער פארוואלטונג פון דער גע־זעלשאפט.

אויסער די שילער האָבן אין דער פארזאמלונג אָנטיילגענומען קימאט אלע לערער און אויך דער עלטערן-קאָמיטעט. אומגעריכט איז געקומען דער קאָמיסאר פאר בילדונג-איניאָנים און גענומען אונטער־שטיצן די שילער קעגן די לערער. דאָס האָט קאליע געמאכט די גאנצע זאך.

דער קאָמיסאר איז געווען לאנג ניט געגאָלט, אין א רעקל, אָן א שניפס און אין שטיוול, געזאָגט אָנשטאָט „פרעדמעט"—„פרעדמעט", די בוכשטאב „ג" ארויסגערעדט אפ אוקראיניש, ווי א „ה", און די

שילער האָט ער גערופן „כאוויירים גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס“.

דערווײַל איז קלאָר געוואָרן, אַז סעריאָזשעס פאָטער אַרבעט אין סוטשאַנער סאָוועט. עפּעס איינער אַ גימנאַזיסט האָט צופעליק געזען, ווי סעריאָזשע איז מיט רויטגוואַרדייער געגאַנגען אין סאָוועט אָפּ אַ דעזשורסטווע, און דער פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט „ספּאָרט“ האָט געמאָלדן, אַז דעם לאָקאַל אָפּ צו אָפּהאַלטן דאָ די פאַרזאַמלונג האָט אים געצוווּנגען צו געבן דער סאָוועט.

אין רעזולטאַט האָט זיך די גאַנצע פאַרזאַמלונג צוזאַמען מיט די לערער און עלטערן אַ קער געטאָן קעגן דעם קאָמיסאַר און סעריאָזשען, — מיט זיי איז געבליבן אַ קליינע גרופּקעלע פון אַ מאַן זעקס-זיבן. די פאַרזאַמלונג האָט קימאַט איינשטימיק אָפּגעשטימט פאַר ענדיקן דעם שטרײַק און פאַר אויסשליסן סעריאָזשען פון דער גימנאַזיע. סעריאָזשע האָט געזען, אַז פאַר אויסשליסן אים פון דער גימנאַזיע האָט געשטימט אויך יערעמייעוו.

— ווי די טאַטעס — אַזוי די זינדלעך!.. — האָט פאַנאַנדערבלאָזנדיק זײַנע נאָזלעכער געזאָגט דער קאָמיסאַר צו סעריאָזשען, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער פאַרזאַמלונג. — און — דאָס איז צום גוטן: לעכאָלאָפּאָכעס וועט קלאָר זײַן! — האָט ער גערעדט קימאַט ווי מיט עפּעס אַן אַנציקונג.

מיט פאַרשטעקטע הענט אין די קעשענעס האָט סעריאָזשע געשפּאַנט, פול מיט קאַס אָפּ זײַנע כאוויירים, מיט וועלכע ער האָט אָפּגעלעבט און צוזאַמען זיך אָפּגעלערנט אַרום זיבן יאָר.

לעבן סאָוועט האָבן זיי זיך צעזעגנט.

— דו פאַרף באַ זיך ניט אַראָפּ, יונגער כאַווער, — האָט דער קאָמיסאַר אַ זאָג געטאָן, דריקנדיק סעריאָזשעס האַנט, — דו וועסט זיך געפינען כאוויירימלעך אַ ביסל בעסערע נאָך, און דאָס וועט דיר זײַן אַ מין פאַרהאַרטונג.

— שיסן דאַרף מען זיי, — האָט סעריאָזשע טויב אַ ברום געטאָן.

— אייניקע פון זיי וואָלט מען טאַקע געדאַרפט שיסן אויך, — איז געראָטן דער קאָמיסאַר מאַסקים געווען, — אָבער אַלעמען וועסטו ניט צעשיסן... דו קום אַרײַן צו אונדז אָפּטער. און יענע יאַטלעך, די זעקס בעוורעזײַט, זוך זיי אויס און זאָג זיי, אַז זיי זאָלן אויך אַרײַנקומען. די יאַטלעך, עמעס, זײַנען ניט זייער קיין גרויסע העלדן, אָבער מאַכן מיט זיי עפּעס קאָן מען דאָך.

— איך האָב זיי ניט פאַרגעדענקט, — האָט פאַרלאָרן סעריאָזשע א זאָג געטאָן.

דער קאָמיסאַר האָט א ווײַלע מיט כידעש געקוקט אף אים:

— עך, ביסטו נאָך א גרינער!.. — האָט ער מיט א פריילעכן פאָרוווּרף א זאָג געטאָן צו אים.

און צו סעריאָזשעס גרעסטער פאַרווּנדערונג האָט דער קאָמיסאַר ארויסגענומען פון טאַש א בלאָקנאָט און געהייסן סעריאָזשען איבערשרײַבן צו זיך אין בלאָקנאָט ארײַן דאָס, וואָס ער האָט דאָרט געהאַט פאַרשריבן: ניט נאָר די נעמען מיט די פאַמיליעס פון די זעקס כאַוויירים, נאָר אויך ווער פון זיי ווו עס לערנט זיך. סעריאָזשע האָט זיך בעשומויפן ניט געקאָנט דערמאָנען, ווען האָט דאָס דער קאָמיסאַר באַוויזן אָפּצוטאָן.

סעריאָזשע האָט אָנגעשריבן דעם פאָטער א בריוו, געוואַרט אף אן ענטפער און דערווײַל געסטאַרעט זיך, וואָס פּינקטלעכער אויספילן די אופגאַבע, וואָס דער קאָמיסאַר האָט אף אים ארופגעלייגט. צוויי פון די זעקס האָבן זיך אונטער פאַרשיידענע טערוצים אויסגעדרייט, און די פיר איבעריקע איז סעריאָזשען געלונגען צו ברענגען אין סאָוועט, און זיי האָבן באַקומען א גאַנצן באַרג נײַע אופגאַבן.

ענדלעך איז אָנגעקומען א בריוו פון פאָטער:

„מײַן יונגער פרײַנט! דײַן נײַס איז פאַר מיר געווען ניט אומדערוואַרט. פאַרשטייט זיך, די זאַך איז דאָ לאַכלוטן ניט אין יערעמייעון. די צײַטיקע פרוכט פאַלט פון בוים ניט דערפאַר, ווײַל עס האָט א בלאָז געטאָן דער ווינט, נאָר א שטאַרקער ווינט רײַסט אראָפּ פון בוים אויך ניט צײַטיקע פרוכטן. דו ווייסט, אז איך האָב קיינמאָל ניט פעטישיזירט די אזויגערופענע בילדונג. די הויפּטזאַך איז בא מיר, אז דער מענטש זאָל זײַן ערלעך. נאָר אויב שוין ריידן פולשטענדיק אופריכטיק, דאַרף איך דיר זאָגן, אז איך האָב פונדעסטוועגן ניט געטראַכט, אז דאָס וועט פּאַסירן אזוי שנעל, און איך בין אף א ווײַלע פאַרומערט געוואָרן: אָט ביסטו שוין א גרויסער, און איך בין שוין אַלט"...

ווײַטער האָט דער פאָטער געשריבן צו סעריאָזשען ווי צו א גלײַכן וועגן זײַן ארבעט אין סוטשאַנער סאָוועט, וואָס דאָס האָט סעריאָזשען אָנגעפילט מיט שטאָלץ. דער בריוו האָט זיך געענדיקט מיט דער ביטע, אז סעריאָזשע זאָל קומען זיך זען, ווײַל „די צײַט איז איצט

אנ אומרויקע, אונ עס איז גיט באוווסט, וווהינ דער גוירל וועט יעד'נ איינעמ פונ אונדז פארווארפנ", אונ אינ פאָסט סקריפּטום, אפּנ סאמע עק פונעמ בייגעלע פּאָסטפּאפּיר — א באקאָשע, אז סעריאָזשע זאָל קויפנ א האלבנ פונט „פריצישנ" טאבעק, וועלכנ מע קאָנ דאָ, אינ סוטשאנ, „פאר קיינ שומ געלט ניט קריגנ".

אפּ מאָרגנ אינדערפרי האָט סעריאָזשע צונויפגעפאקעוועט די זאכנ אונ איז אוועק צו די גימערס זיכ געזעגענענ מיט דער שוועסטער.

לענע האָט זיכ געקליבנ צו גיינ מיט לאנגאָוואָיענ אפּנ פרימאָרגנ־קאָנצערט פונעמ בארימטנ וויאָלאָנטשעליסט, וואָס האָט פּאָרנדיק קיינ יאפּאָניע אָפּגעשטעלט זיכ אינ שטאָט.

— איכ פאָר אוועק אינ דאָרפ, — האָט סעריאָזשע א זאָג געטאָנ, — אָט איז א בריוו פונעמ פאפּא...

לענע האָט דערפילט, ווי דאָס הארצ פאלט איר ארויס.

— אזוי גאָר... הייסט עס, דו פאָרסט אוועק ?..

זי האָט אימ געדארפט זאָגנ עפּעס זייער וויכטיקס, נאָר לאנגאָוואָי אינ ווייסנ קאָסטיומ איז געשטאנענ דאָ דערביי, איידל געקוקט אפּ די שפּילצייג אפּ דער עטאזשערקע, אונ לענע האָט זיכ געשעמט פאר אימ.

— זאָל איכ עפּעס איבערגעבנ דעמ פאפּא פונ דיר ?

סעריאָזשע איז געווענ אינ פארלאטעטע ציווילע הויזנ אונ אינ א פּרענטשל; אינ די גרויסע הענט זיינע האָט ער געקניידטשט דעמ גימנאזיסטישנ קאשקעט אָנ א הערב שוינ. אונ דעריינ, וויאזוי ער איז געשטאנענ, א פארשעמטער אונ פארשוויצטער, צווישנ די באגילדעטע שטולנ אונ סאמעט, איז געווענ עפּעס אומדערטרעגלעכ־נעבעכדיקס.

— יאָ, ווי־זשע דענ... גיב איבער א גרוס... קוש דעמ פאפּא...

א קנויל האָט זיכ א קוילער געטאָנ בא לענענ אינ האלדז.

ווענ זי איז געגאנגענ מיט לאנגאָוואָיענ אפּנ קאָנצערט, האָט זי זיכ געפילט, ווי זי וואָלט פארלאָרנ דאָס סאמע טייערסטע פאר איר אפּ דער וועלט, אונ צו לאנגאָוואָיענ האָט זי געפילט עפּעס א ניט קלאָרע סינע.

אנ אומרו האָט זיכ געטראָגנ אינדערלופטנ, אינ די גאסנ. עס איז דורכגעגאנגענ א ראָטע טשעכישע סאָלדאטנ, דערנאָכ — א ווזוואָד רויטגוואַרדייער. די רויטגווארדייער זיינענ געווענ פארשיידנארטיק אָנגעטאָנ, — זיי זיינענ געגאנגענ ניט מושטרירט אונ געטראָגנ די ביקסנ, ווי איינעמ האָט זיכ געוואָלט.

— אויכ אינ אַרמיי... — האָט פונ צווישנ די ציינ אַ זאָג געטאָנ לאַנגאָוואַי. — איר ווייסט, נעכטנ איז אָנגעקומענ אַנ אַמעריקאַנער קרייסער, אָנ שטייט ער...

ער האָט אָנגעוויזנ אינ דער זייט פונעמ רוסישנ אינדזל. אַפנ רייד זיינענ פאַרגליווערטע געשטאַנענ עטלעכע יאַפּאָנישע קריג-שיפנ, אונ עטוואָס ווייטער, אַפנ פּאַנ פונעמ בלויענ אינדזל, האָט געפינקלט אונטער דער זונ אונ געהויכט זיכ ווי אַ טעמפּל דער אַמעריקאַנער קרייסער.

דער קאָנצערט איז געווענ זייער אַ גוטער; דעמ וויאָלאָנטשעליסט האָט מענ אַ סאַכ אַפּלאָדירט. די מוזיק האָט ווייכ געמאַכט לענעס הארצ, אונ דער פיינטלעכער געפיל אירער צו לאַנגאָוואָיענ איז פאַרשווונדנ געוואָרנ.

זיי האָבנ לאַנג ארומגעבלאָנקעט איבערנ סאָד. לאַנגאָוואָי האָט זי געהאַלטנ אונטער דער האַנט, אונ לענע האָט זיכ געטוליעט צו אימ מיט אַ געפיל פונ צוטרוי אונ פאַרלוסט.

ווענ זיי האָבנ זיכ צוריקגעקערט אהיימ איז שוינ טונקל געווענ. אינ דעכ היימ איז קיינער ניט געווענ. לענע איז אוועק צו לאַנגאָוואָיענ אינ צימער אונ איז געבליבנ דאָרט מיט אימ. לאַנגאָוואָי האָט פאַרשלאָסנ די טיר, אונ לענע האָט אימ דערלויבט אַלצ.

זי האָט ניט באַקומענ דאָס, וואָס זי האָט דערוואַרט, אָבער זי האָט אויכ ניט געשפּירט קיינ כארפּע, אונ איר געפיל פונ צוגעבונדנקייט צו לאַגגאָוואָיענ איז געוואַקסנ.

פונ לאַנגאָוואָיענ האָט זיכ לענע דערוווסט, אַז דער גאַנצער גראָדעקאָווער ראַיאָנ, לעבנ דער מאַנדזשורער גרענעצ, איז פאַרנומענ דורכנ מיליטער פונ יעסאַול קאַלמיקאָוו, אַז וועניאַמינ אונ דיודיע געפונענ זיכ דאָרט, אונ ער, לאַנגאָוואָי, האַלט די פאַרבינדונג צווישנ דעמ יעסאַול מיט דער שטאָט, שיקט אריבער אהינ פרישע קויכעס אונ פאָרמירט נייע טיילנ. צו דעמ אַלעמענ האָט זיכ לענע באַצויגנ, ווי צו עפּעס אַ צווייטראַנגיקער געשעעניש.

## 29

— לענאָטשקאַ, מיר דאַרפנ זיכ שיידנ אַפ עטלעכע טעג...

לאַנגאָוואָי איז אַ שטייפער, אַנ ערנסטער געשטאַנענ אַנטקעגנ לענענ, שטאַרק געדריקט אונ געטרייסלט אירע הענט.

— וועניאמינ מיט יעווגעניִנ זײַנענ שוינ אינ שטאָט, — האָט ער זיך אָנבייגנדיק צו לענען א שעפּטשע געטאָנ צו איר, — אינקורצנ וועט זיך עס אָנהייבנ.. מײַנ מיסיע איז פּארענדיקט, און איך דארפ אויספילנ מײַנע פליכטנ אינ די רייענ... זאָגט מיר עפּעס...

לענע האָט עטלעכע ווײַלע געקוקט אפ אים מיט א פּארטונקלטנ בליק.

— איר וועט בלײַבנ לעבנ, עמעס?

ניט געקוקט דערופ, וואָס איז פּאָרגעקומענ צווישנ זיי, זײַנענ זיי ווי פריִער געווענ צווישנ זיך אפ „איר".

— אָט וואָס נאָכ... איר האָט גוט דורכגעטראכט?..

לענע האָט זיך פארהאקט, נאָר לאנגאָוואָי האָט זי פארשטאנענ.

— איך האָב עס דורכגעטראכט נאָכ פריִער, — האָט ער מיט א שמייכל א זאָג געטאָנ, — איצט איז שוינ שפּעט צו טראכטנ, איצט דארפ מענ טאָנ.

— זײַט געזונט, לאנגאָוואָי, איך ווינטש אײַכ...

לאנגאָוואָי האָט ארומגענומענ לענענ, בא איר האָט זיך דער אָטעמ פארהאקט.

זי איז ניט אוועק באגלייטנ אים און א לאנגע צײַט דערנאָכ, ווי ער איז אוועק, האָט זי געהערט זײַנע טריט, וואָס האָבנ זיך דער־ווײַטערט אינ די צימערנ.

אינ דער נאכט אפנ 29 יונ האָט זיך לענע אופגעכאפּט פונ שלאָפ פונ עפּעס מאָדנע פלאצנדיקע קלאנגענ. אינ א פאס לעוואָנע־ליכט, וואָס האָט זיך דורכגעריסנ אינ א שפּאלט פונ דעמ ראָלעט, האָט זיך געזענ, ווי אדע זיצט א דערשראָקענע אפנ בעט, אָנגעשפּארט אפ א האנט.

— דו הערסט?.. וואָס איז עס?.. — האָט זי געפרעגט.

די אָפּטע פלאצנדיקע קלאנגענ, ווי אויכ אזוינע, וואָס זײַנענ ענ־לעכ געווענ אפ די קלאנגענ, וועלכע באקומענ זיך, ווענ מענ רײַסט קאָלענקאָר, האָבנ זיך דערטראָגנ פונ האפנ הינטערנ סאָד. פונקט אזעלכע קלאנגענ, נאָר מער דערווײַטערטע, האָבנ זיך געהערט אויכ ערגעץ לעבנ קריג־האפנ און ווײַטער — אינ פוילנ ווינקל, און אינ דער קעגני־בערדיקער זײַט — מעגלעכ, לעבנ וואָקזאל.

„לאנגאָוואָי"... — האָט לענע א טראכט געטאָנ.

פלוצלינג האָט עפּעס הילכיק א זעצ געטאָנ אינ די שויבנ, עס

האָבן זיך א וויג געטאָן די ראָלעטן, די שויבן האָבן זיך צעקלונגען, און פון באַקן האָט זיך א שאָט געטאָן דער טינק.

אדע האָט א קוויטש געטאָן און איז אין איין העמד, מיט צעפלאָסענע האָר ארויסגעלאָפן פון צימער.

לענע האָט בא יעדן זעץ אופגעציטערט, נאָר זי האָט אײַנגעשלאָסן די ליכט, ארופגעוואָרפן אף זיך א נאכט-כאלאטל און א פּאָר טופל אף די באָרוועסע פיס, פארריכט זיך די האָר באם שפיגל און איז אויך ארויס פון צימער.

אין איינעם פון די צימערן, וואָס זײַנען ארויס ניט צו דער גאס, איז געזעסן טאטאָטשקע אין א ווארעמען כאלאט, וואָס איז געווען קרום פארשפּיליעט, און אין איין טופל. ער איז מיט זײַן פולן קערפּער אינגאנצן אײַנגעזונקען געוואָרן אין פאָטעל. נאָך יעדן זעץ, וואָס האָט אופגעטרייסלט די שטוב, האָבן זיך טאטאָטשקעס אויגן געדרייט, ווי בלײַענע. לענע האָט ערשט איצט באמערקט, אז טאטאָטשקע האָט שוין ניט קיין איין האָר אפן קאָפּ.

אדע האָט זיך א באָרוועסע, אין איין נאכט-העמד, געוואָרפן אפן דיוואנדל.

די דינערשאפט איז מיט שיסעלעך און פלעשעלעך ארומגעלאָפן צו סאָפּיא מיכײַלאָוונא אין שלאָפצימער און צוריק: אין די צימערן האָט געשמעקט מיט וואלעריאנקע. דאָס שטובמיידל האָט געבראכט פאר אדען סאָפּיא מיכײַלאָווגאס קאפּאָט און טופל.

פון צײַט צו צײַט פלעגט אהער ארײַנקומען דער אלטער גימער, מיט א ניט געגאָלטן, אָנגעדראָלענעם פּאָנעם, אָנגעטאָן אין א רעקל אף דער נאכט-העמד, מיט אן אופגעהויבענעם קאָלנער. ער איז געגאנגען אין שלאָפצימער צום ווײַב, פון דאָרט האָט זיך דערטראָגן אהער זײַן בורטשענדיקע שטים, דערנאָך איז ער צוריק געגאנגען צו זיך אין קאבינעט: אין קאבינעט האָבן געהאלטן אין איין קלינגען די טעלעפאָן-גלעקלעך.

לענע איז א שווײַגנדיקע, מיט ברייט אופגעריסענע אויגן, געזעסן אין האלב-טונקעלן ווינקל אין א פאָטעל אָדער זי האָט ארומגעבלאָנקעט איבער די צימערן.

הינטערן סאָד, אין האפן, האָבן זיך געהערט איצט נאָר איינצלנע שאָסן, אָבער אין פוילן ווינקל און לעבן וואָקזאל האָט זיך די שיסערײַ אלץ מער און מער צעפלאקערט.

נעענטער צו באגינענ־צו האָבנ אופגעהערט די שווערע זעצנ, וואָס האָבנ די שטוב געטרייסלט; אויכ אינ פוילנ ווינקל האָט זיכ ניט געהערט מער קיינ שיסערײַ, אָבער לעבנ וואָקזאל האָט זיכ די שיסערײַ נאָכמער פארשטארקט, ווי דאָרט וואָלטנ זיכ צונויפגעקליבנ אַלע מענטשנ פונ דער גאנצער שטאָט רײַסנ קאָלענקאָר.

טאטאָטשקע האָט געכראָפּעט אינ פּאָטעל; אַדע איז א צונויפגעדרייטע געשלאָפנ אפנ דיוואנדל, — עמעצער האָט איר אונטערגעלייגט אונטערנ קאָפּ א קישנ אונ צוגעדעקט מיט א קאָלדרע.

לענע האָט זיכ צוריקגעקערט אינ שלאָפצימער; זי האָט אינ כאַלאט זיכ אַנידערגעלייגט אונטער דער קאָלדרע אונ איז לאנג געלעגנ אפ דער פּלייצע, געקוקט אפנ באלקנ, צוגעהערט זיכ צו דער שיסערײַ אפנ וואָקזאל, וואָס האָט זיכ פונ מינוט צו מינוט אַלצ מער אונ מער געשטארקט. לענע האָט געהערט לאנגאָוואָיס דערווײַטערנדיקע זיכ טריט איבער די צימערנ, — עס האָט בא איר גענאָגט אונטער דער לעפעלע. אומבאמערקט פאר זיכ אַליינ איז זי אײַנגעשלאָפנ.

ווענ זי האָט זיכ אופגעכאפּט, האָט זיכ פונ הינטער די ראָלעטנ דורכגעשלאָגנ די טאָג-ליכט; באמ וואָקזאל האָט מענ נאָכ אלצ אכ־זאָריעסריק געריסנ קאָלענקאָר. די געלע אַדע איז געשלאָפנ אפ איר בעט מיט אנ ארויסגעשטעקטער הויקערדיקער נאָז פונ אונטער דער קאָלדרע אפער. די טיר פונ שלאָפצימער איז געווענ אָפנ, אונ פונ די ווײַטע צימערנ האָט זיכ דערטראָגנ אהער וועניאמינס אופגעלעבטע שטימ; דער אַלטער גימער האָט זיכ געשטיקט מיט א פישביינדל.

לענע האָט זיכ גענומענ אָנטאָנ, נאָר די שטימענ האָבנ זיכ דערטראָגנ אהער, אונ לענע האָט זיכ ווידער א רוק געטאָנ אונטער דער קאָלדרע. אינ שלאָפצימער זײַנענ ארײַנ סאָפיא מיכײַלאָוונא, וועניאמינ אונ דער אַלטער גימער.

— אָנגעשראָקנ זיכ, אָרעמינקע מיידעלעכ?

וועניאמינ האָט פריילעכ געקוקט אפ לענענ, אפ אדענ, וואָס האָט זיכ נאָרוואָס פונ שלאָפ אופגעכאפּט, אונ האָט נאָכ גאָרניט באַנומענ.

— מערער ליכט, מערער ליכט!..

וועניאמינ האָט פלינק ארופגעצויגנ די ראָלעטנ. לענע האָט דערזענ, אז ער איז אינ אנ אָפיצערישער אוניפאָרמ מיט עפּאָלעטנ אונ אַקסלבאנטנ, פונקט אזא רייניקער אונ אקוראטער, ווי שטענדיק, נאָר

אַרום די אויגן האָבן זיך אַרומגעלייגט טונקעלע רינגען און דאָס פּאָ־נעם איז אָנטצונדן.

— אַהאָ, סאַראַ העלדיש פֿאָלק! — האָט ער אַ זאָג געטאָן קוקנדיק אין פֿענצטער. — גיט אַ קוק וויפֿל באַפֿרײַטע בירגער עס האָבן אַרויס־געשאָטן אויף דער גאַס!.. זיי ברידערן זיך מיט די טשעכישע פּאַטרולן...

— ווו איז לאַנגאָוואָי? — האָט לענע אַ פֿרעג געטאָן.

— אַהאַ, געפּאַקט!..

סאָפֿיאַ מיכײַלאָוונאַ, וואָס האָט זיך צוגעזעצט אויף אַדעס בעט און געקעמט אירע געלע האָר מיט איר קליין הענטל, האָט זיך פֿאַרזשמו־רעט און אַ קוק געטאָן אויף לענען.

דער אַלטער גימער האָט אויך אַ קוק געטאָן אויף לענען און גע־נומען זיך שטיקן מיט זײַן פּישביינדל.

— ער לעבט, דײַן מוטיקער לאַנגאָוואָי! — האָט וועניאַמין פּאַ־טעטיש אויסגעשריגן. — ער באַלאַגערט דעם שטאַב פֿון דער פֿעסטונג... דאָרט האָט זיך פֿאַרשלאָסן דער כאַוועער סורקאָוו מיט זײַן כאַיל, נאָר באַ זיי, דאַרף מען גלייבן, וועלן זיך אײַנגיכן אויסלאָזן די פּאַטראָ־נעס, און דײַן מוטיקער לאַנגאָוואָי וועט באַפֿרײַען וועלן מיט לאָרבערן און מירטן!.. אַזוי איז עס, שיינקײַט מײַנע!..

וועניאַמין האָט זיך אַ דריי געטאָן אין אַ פּירועט איבערן צי־מער, — ווו איז גאָר אַהינגעקומען זײַן געוויינלעכע צוריקגעהאַלטנקײַט!..

— עס איז, צום טײַוול, זייער אָנגענעם צו פֿילן, אַז עס האָט זיך געענדיקט די דאָזיקע גאַנצע בעליבערדאַ און מע קאָן זיך פֿאַר־נעמען מיט אַן עכטן אײַניען. — האָט אַ זאָג געטאָן דער אַלטער גימער.

— אָבער דו זאָגסט אַן עמעס, וועניע, אַז דיודיען דראָעט קיין שום געפֿאַר ניט? — האָט סאָפֿיאַ מיכײַלאָוונאַ אַ פֿרעג געטאָן, מאַכנ־דיק דערבײַ מיט די אויגן און ליפּן אַזוי, אַז עס זאָל זיך באַקומען דער אויסדרוק, אַז זי ווייס, אַז עס איז אַ שוואַכקײַט פֿון איר זײַט אַזוי צו פֿרעגן, אָבער אין איר לאַגע איז אַזאַ מין שוואַכקײַט פֿאַרצײַלעך.

— איך זאָג דאָך דיר, אַז ער איז אין אַ פֿאַרמאַכטן לאָקאַל, קאָמאַנדעוועט מיט שייניקע טעלעפֿאָניסטקעס און איז שוין שיקער...

— פֿונדעסטוועגן לאָמיר אוועק פֿונדאַנען, עס איז שרעקלעך ניט אָנגענעם, ווען מע שיסט, — האָט קרימענדיק זיך סאָפֿיאַ מיכײַ־לאָוונאַ אַ זאָג געטאָן, — גייט־זשע אוועק פֿונדאַנען, מאַנצבלען! לאָזט די מיידעלעך זיך אָנטאָן...

די גאַנצע מישפּאָכע איז געזעסן באַם פרישטיק, ווען אין פּאָדערצימער האָבן זיך דערהערט די באָסאָווע רולאַדעס פון דיודעס שטים, וואָס פאַרגייט אין אַ קוויטשעלע.

— דער שטאַב פון דער פעסטונג איז געפאַלן!.. — האָט ער זיך צעשריִען מיטן גאַנצן גאָרגל זײַנעם, אַרײַנלויפנדיק אין עסצימער מיט אַ פּאַרוקטער אויף דער פּאָטיליצע אָפּיצערישער היטל מיט אַ קאָקאַרדע. — סורקאָוו איז געפּאַקט געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, מיט אים נאָך צוויי הונדערט רויטהיטנדיקע... פאַרדאַן, לענאָטשקע און אַדאָטשקע!.. באַלד וועט מען זיי פאַרבײַפירן, — אַלע אויפן באַלקאָן, אויב איר ווילט ניט פאַרבײַלאָזן!..

אַלע האָבן געוואָרפן דאָס עסן און מיט געלאַף — אַפילע דער אַלטער גימער איז געלאָפן — זיך אַרויסגעקוילערט אין נאַכט־צימער. דיודיע האָט אַן עפן געטאָן די טיר, אָפּגעריסן דעם קיט, — די באַלקאָן־טיר האָט מען נאָך אין דעם סעזאָן ניט געעפנט.

לענע איז אַרויס אויפן באַלקאָן צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע.

## 30

אויף דער גאַנצער לענג פון דער הויפּט־גאַס, וואָס האָט זיך געצויגן פון באַלקאָן, האָבן זיך געצויגן פאַזע די טראָטואַרן צוויי שלענגלדיקע זיך שורעס טשעכישע סאָלדאַטן מיט אַראָפּגעלאָזטע צון די פּיס ביקסן. די הויפּט־גאַס און דאָס געסעלע, וואָס האָט געפירט צום האַפן און אַרײַנגעגאָסן זיך אין דער הויפּט־גאַס אַנטקעגן גימערס שטוב, זײַנען פול געווען באַשײַנט מיט זון און אײַנגאַנצן פּוסט, בלויז אויף די טראָטואַרן און הינטער די אײַזערנע באַליוסטראַדעס פון נעוועלסקיס סאָד האָט זיך געזען אַן אויסגעפּוצטער עולם.

נאָך דער היציקער שיסערײַ אינדערפרי באַם וואָקזאַל האָט שטאַרק געכידעשט די טויטע שטילקײַט, וואָס איז געלעגן אין האַפן, און די פולשטענדיקע אָפּוועזנהײַט פון יעטווידער מין באַוועגונג אין דער בוכטע. פון נאָענטסטן יאַפּאַנישן קרייסער, וואָס האָט שוואַך געדרויכערט מיט איין טרויב, האָט זיך אָפּגעטיילט אַ דאַמפּערל, וואָס איז פול באַזעצט געווען מיט העלגרינע סאָלדאַטן: די שפּיזן פון זייערע ביקסן האָבן געגלאַנצט אויף דער זון.

אַלע באַלקאָנעס פון די הײַזער, וואָס זײַנען געשטאַנען אין איין צייל מיט גימערס שטוב, וווהין מע זאָל דעם בליק ניט וואַרפן, זײַ־

נענ פול געווענ מיט דיקע אונ מאָגערע מאנצבלענ אינ רעקלעכ אונ שניפסנ, אינ פאנאמעס, אינ הארטע היט אונ אָנ היט, מיט מיליטער־לייַט אינ עפּאָלעטנ, מיט דאמענ אונ מיידלעכ אינ היטעלעכ אונ אָנ היטעלעכ — מיט שאלנ אפ די פלייצעס. אונ אלצ נייַע אונ נייַע מענטשנ זייַנענ ארויס אפ די באלקאָנעס; פול אָנגעפראָפט זיי, די מענטשנ האָבנ דאָרט ניט געקאָנט זיכ א קער טאָנ, אריבערגעפלאָסנ אריבער די ראנדנ. די באלקאָנענ האָבנ איצט אויסגעזענ, ווי שווערע בונטע בוקעטנ לעבעדיקע בלומענ, אָנגעהאנגענע אָנ די ווענט פונ די הייַזער.

א מאָדנע רעוועניש, אינ דער ערשטער רעגע אינגאנצנ אנ אומפארשטענדלעכע, האָט זיכ דערטראָגנ פונ דער זייַט, ווו עס איז געווענ דער קריגס-האפנ. אלע קעפ האָבנ זיכ אומגעדרייט אהינ: לענע האָט געזענ, ווי פריִער האָט זיכ א ריס געטאָנ אינ דער הייכ א ווייַסער איבערגעקערטער קאָנוס דאמפ, דערנאָכ האָט זיכ דערהערט די דאָזיקע רעוועניש. עס האָט זיכ א ריס געטאָנ אינ דער הייכ א צווייטער איבערגעקערטער גלאנציקער קאָנוס דאמפ, אונ דער צווייטער לאנגזאמער פייַפ האָט זיכ צונויפגעגאָסנ מיטנ ערשטנ. די ווייַסע האסטיקע קאָנוסנ האָבנ זיכ געהויבנ איינער נאָכ איינעמ אפ דער גאנצער לענג פונ האפנ ביזנ סאמע פוילנ ווינקל. פונדערווייַטנס, — ווייַסט אויס, פונ די אייַזנבאנ-ווארשטאטנ אפנ צווייטנ טייַכל, — האָבנ געענטפערט נידעריקע, באסאָווע פייַפנ. דינע, הייזעריקנ, פייַפנדיקע שארפע הודאָקעס האָבנ זיכ אויכ געהערט אפ די בערג. הינטער גימערס שטוב — דאָס האָבנ געפייַפט די דיקט־פאבריקנ, שטריק-פאבריקנ, קאָנפעט־פאבריקנ, די מילנ, — אפ זייער פייַפ האָבנ זיכ אָפגערופנ אנדערע פאבריקנ אינ פארשיידענע עקנ שטאָט. אונ אָט האָבנ זיכ אלע הודאָקעס צונויפגעגאָסנ אינ איינס, מעכטיק אונ אָנ אופהער געהאלטנ אינ איינ הודזשענ איבער דער גאנצער שטאָט, אונ אלצ העכער אונ העכער האָבנ זיכ געהויבנ צומ הימל די גלאנצנדיקע אפ דער זונ, האסטיקע איבערגעקערטע קאָנוסנ דאמפ.

אינ האפנ האָבנ זיכ באוויזנ מענטשנ. זיי זייַנענ ערגעצ געלאָפנ. די ערשטע הייַפעלעכ מענטשנ האָבנ זיכ באוויזנ אינעמ געסל, וואָס האָט זיכ געצויגנ אינ דער הויפט־גאס אריַינ, די הייַפעלעכ זייַנענ געוואָקסנ, ווי זיכ קוילערנדיקע שנייקוילנ; אינקורצנ איז דאָס גאנצע געסעלע פול געוואָרנ מיט לויפנדיקע מענטשנ. גרויע מאכנעס האָבנ

זיך געקוילערט איבער די אלייען פון נעוועלסקיס סאַד, געטראָטן אַפ די קלומבעס און גאזאָנעס און צעשווומען געוואָרן איבער די טראָ־טוארן פון דער הויפט־גאַס. ווייזט אויס, אז אויך פון די בערג, פון די פאָרשטעט זיינען מענטשן געלאָפן: דער טראָטואר אונטערן באַלקאָן איז גיך פול געוואָרן מיט בלויע, שווארצע, גרויע, ווייסע העמדלעך, קעפּיס, ציצענע טיכלעך; דער דאָזיקער אוילעם האָט קימאַט איינ־גאנצן ארויסגעשטויסן פון די טראָטוארן די רייַן אָנגעטאָנענע.

די שפּאלערן טשעכישע סאָלדאטן האָבן זיך א וויג געטאָן, עס האָט זיך דערהערט א קאָמאנדע. די שפּאַלערן האָבן זיך אומגעדרייט מיטן פּאָנעם צו די טראָטוארן, די סאָלדאטן האָבן גענומען זיך אָנ־שליסן אַפ לינקס. איצט זיינען זיי שוין געשטאנען אקסל צו אקסל.

נאָר די מענטשן, וואָס האָבן אלץ מער און מער אָנגעפילט די טראָטוארן, האָבן קיין שום פּיינטלעכקייט ניט ארויסגעוויזן. זיי זיינען געווען ניט באוואָפנט, עס האָט זיך געזען א סאך יונגווארג, מייד־לעך, פרויען מיט קינדער אַפ די הענט, עס האָבן זיך ניט געהערט ניט קיין געשרייען, ניט קיין אויסרופן, און כאָטש עס האָבן גע־שטראָמט אלץ נייע און נייע האמוינים, האָבן אָבער די מענטשן ניט ארופגעוואלגערט זיך אַפ די סאָלדאטן: די, וואָס האָבן קיין פּלאַץ ניט געהאט אַפ די טראָטוארן, האָבן פארנומען נעוועלסקיס סאָד, זיי־נען געקראָכן אַפ די באַליוסטראדעס אוןביימער פון סאָד. א סאך זיינען געקומען צו לויפן גלייך פון דער ארבעט, — לענע האָט געזען פרויען און מענער מיט פארקאַשערטע ארבל, מיט הענט, וואָס זיינען אויסגעשמירט געווען אין קוילן, מאזוט, אייניקע האָבן אין געלאַפ זיך געווישט די הענט מיט שמוציקע שמאטעס.

די הודאָקעס זיינען איינער נאָכן אנדערן אנשוויגן געוואָרן. די מענטשן זיינען שווייגנדיקע און מיט ערנסטע פּענעמער געשטאנען אַפ די טראָטוארן, געהויבן זיך אַפ די שפּיץ־פינגער, געקוקט אין דער זייט פון וואָקזאל. דער ווינט, וואָס איז אָנגעפלויגן פון דער בוכטע, האָט געריסן די קעפּיס און טיכלעך.

לענע האָט באמערקט, אז קיינער פון די גימערס האָט מיט קיין איין קלאנג זיך ניט אָפּגערופן אַפן דערשיינען פון אָט די האמוינים, נאָר אַפ אלע פּענעמער האָט זיך געלאָזט מערקן א געוויסער אומרו.

דער דאָזיקער אומרו האָט זיך פארשטארקט, ווען פון דער זייט פון וואָקזאל האָבן זיך דערהערט איינצלנע, אלץ מער צונויפגיסנדיקע

זיך געשרײַען. די געשרײַען זײַנען געוואָקסן, געקוילערט זיך אַהער, און פלוצלינג האָבן פון הינטערן ראָג זיך באַוויזן עטלעכע טשעכישע און רוסישע אָפיצערן און נאָך זיי האָט זיך געצויגן אַ גרוי־שוואַרצע קאָלאָנע, אַרומגערינגלט מיט טשעכישע סאָלדאַטן.

— אַ, מע פירט זיי, די טאַבשיטים!.. — האָט ניט זיכער אַ זאָג געטאָן דער אַלטער גימער.

צענדליקער בינאָקלען האָבן פון די באַלקאָנען אַראָפ זיך אָנגעשטעלט אַף דער שוואַרץ-גרויער קאָלאָנע.

ווען די גאַנצע קאָלאָנע האָט זיך באַוויזן פון הינטערן ראָג, האָט מען דערזען, אַז הינטער איר קריכט פאַמעלעך אַן אויטאָ, — עמעצער איז דאָרט געזעסן, — און הינטערן אויטאָ איז געגאַנגען אַ ווזוואָד טשעכישע סאָלדאַטן.

די קאָלאָנע איז געגאַנגען פאַמעלעך, ווי אַף אַ לעווײַע; די באַוועגונג איז באַגלייט געוואָרן פון אַ שטײַגנדיקן געשריי פון האַמוין, אָבער דאָ, נעענטער צום באַלקאָן, האָט מען נאָך ניט געשריִען, — דער האַמוין האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן אַף דער קייט טשעכישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אים אײַנגעהאַלטן, געצויגן זיך, געקוקט איבער זייערע קעפ אַף דער קאָלאָנע.

די קאָלאָנע האָט נאָך ניט באַוויזן צוצוקומען צום באַלקאָן, ווי די קוילעס האָבן זיך שוין אַהער דערקוילערט; איצט האָט דער האַמוין ווי אַ שקוואַל געבושעוועט אונטער גימערס באַלקאָן. לענע האָט מיט אַ פאַרשטיינערט פּאָנעם זיך אומגעקוקט אַף די מענטשן, וואָס זײַנען מיט איר אַפן באַלקאָן געשטאַנען, און דערזען אַף אַלע פּענעמער — פון אַדאָטשקעס ביז גימערס — איין אויסדרוק — נײַגיר און שרעק.

לענע האָט ניט געוווּסט און ניט געקאָנט וויסן דערפון, אַז אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט, ניט האָבנדיק געניג געווער, האָבן נאָר איינציקע הײַפעלעך אַרבעטער פאַרטיידיקט זייער מאַכט, אַז די גרונט־מאַסן אַרבעטער זײַנען נאָך ניט געווען צעקלאַפט און דאָס געפיל פון האָבן די מאַכט אין זייערע אייגענע הענט האָט נאָך געלעבט בא זיי אין די הערצער און מוֹיכעס, אַז אונטער דער סאַמע שטאָט איז שוין געשטאַנען דער פראָנט פון די סוטשאַנער באַרג־אַרבעטער, סיכאָטע־אַלינער יעגער און אוסוריִער פּאַסטעכער, און אַז ניט געקוקט אַף וועניאַמינס זעלבסטזיכערקײַט, האָט נאָך די רעאַקציע דערווײַל איר קויעך ניט געשפּירט.

ווען דער שפּיץ פֿון דער קאָלאָנע איז צוגעקומען צום באַלקאָן, האָט שוין דער געברום פֿון האַמוין פֿאַרטויבט מיט זיך אַלץ. אין דער לופֿט זײַנען געפֿלויגן הונדערטער היטלען — איינע זײַנען געפֿאַלן, די אַנדערע זײַנען אויפֿגעפֿלויגן, — די פֿרויען האָבן אַראָפּגעריסן די טיכלעך פֿון זייערע קעפּ און געפֿאָכעט מיט זיי.

די פֿענעמער באַ די מענטשן אַף די טראָטואַרן האָבן זיך געענדערט. לענע האָט געזען אויגן, וואָס האָבן געגלאַנצט מיט קאַס, ראַכמאָנעס, האַס, זי האָט געזען צעשויבערטע האָר, פֿאַרוויינטע, כמורנע קנייטשן אַף בערדיקע פּענעמער, בלייכע קינדער־פּענעמער, וואָס זײַנען באַשטאַנען פֿון איינע גלאַנצנדיקע אויגן און אָפֿענע מײַלער.

דער ווינט פֿון דער בוכטע האָט צעטראָגן דעם געברום פֿון האַמוין, האָט געריסן די פּאָלעס פֿון די רעקלעך און די קליידער באַ די פֿרויען אַף די באַלקאָנען. די דיקע און די מאָגערע מאַנצבלען אין די האַרטע היט און אָן די האַרטע היט, די מיליטער־לײַט אין די עפּאָלעטן, די דאַמען מיט די פֿלאַטערנדיקע, געהאַפּטע אונטערהויזן אַף די פֿעטע ליטקעס, פֿאַרגעסנדיק אָן אַלץ און אַלעמען, האָבן געהאַלטן אין איין קוקן אין די בינאָקלען און אָן בינאָקלען אַף דער שוואַרץ-גרויער קאָלאָנע, וואָס איז געקראָכן פֿאַרבײַ גימערס שטוב.

די מענטשן אין דער קאָלאָנע האָבן קוים די פֿיס געשלעפּט, אייניקע האָבן געהונקען, אַנדערע האָבן געטראָגן זייערע הענט אַף שמוציקע, פֿאַרבלוטיקטע איבערבונדן. די פּענעמער באַ די מענטשן זײַנען שוואַרץ געווען פֿון פּולווער־רויך. איינע זײַנען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, די אַנדערע האָבן געענטפֿערט אַף די באַגריסונגען פֿון האַמוין מיט אַ הייב פֿון די הענט אָדער היטלען, די דריטע זײַנען געגאַנגען שטום, קוקנדיק גלײַך פֿאָרויס.

און ערשט איצט האָט לענע באַמערקט, ווען מע פֿירט אין אווטאָ, הינטער דער שוואַרץ-גרויער קאָלאָנע.

דער אווטאָ האָט זיך באַוועגט פּאַמעלעך, אויך ווי אַף אַ לעווײַע. געטריבן דעם אווטאָ האָט אַ רוסישער אָפֿיצער. אַפֿן הינטערשטן געזעס איז אין אַ סאָלדאַטישן שינעל, אָן אַ היטל, מיט געבונדענע אַף הינטן הענט געזעסן פּיאָטער סורקאָוו. פֿון ביידע זײַטן האָבן אים געהיט — אַ טשעכישער אָפֿיצער מיט העלע פֿאַרדרייטע וואָנצעס און וסעוואָלאָד לאַנגאָוואָי, ביידע אָפֿיצערן האָבן געהאַלטן אין די הענט אָנגעצילעוועטע אַף סורקאָוון רעוואָלווערן.

א סאך יאָרן זײַנען אַוועק פֿון יענעם מאָמענט, ווען לענע האָט געזען סורקאָוון באַם כינעזער אין שנײַדער־וואַרשטאַט, ווי ער האָט זיך געמאָסטן דעם קאָסטיום, — דעמלט איז ער געווען אַן אונטער־וואַקסנדיק באָכערל, איצט איז ער קריגס־קאָמיסאַר, אָבער לענע האָט אים גלײַך דערקענט.

סורקאָוו איז פֿאַר דער צײַט שווערער געוואָרן, ברייטער זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעוואַקסן זײַנע קוואַדראַטישע פּלייצעס, אָבער דער זעל־בער יינגלשער שטײַפֿער און בייזער אויסדרוק האָט זיך געלאָזט מערקן אַף זײַן פֿאַרמאַטערטן, שוואַרץ־געוואָרענעם פּנים רויך פּאָנעם, און פּונקט ווי דעמלט, אַזוי אויך איצט, האָבן זײַנע אויגן פֿון הינטער די באַר־גיקע ברעמען אַפֿער געקוקט גלײַך פֿאַר זיך, קיינעם ניט זעענדיק, און פּונקט ווי דעמלט, אַזוי אויך איצט איז ער געזעסן מיט שטײַף פֿאַרשלאָסענע פֿולע ליפּן.

איצט, ווען לענע האָט אים דערזען, האָט זי אין דורכויסיקן מענטש־לעכן געברום פֿון שטימען געכאַפּט די ווערטער:

— סורקאָוו!.. סורקאָוו!.. סורקאָוו!.. סורקאָוו!..

דער קריגס־קאָמיסאַר פֿון די אַרבעטער איז געווען געפּאַנגען און געבונדן, און צוויי הונדערט מענטשן אין דער שוואַרץ־גרויער קאָ־לאָנע זײַנען געגאַנגען אַרומגערינגלט מיט שפּיזן, פֿאַרטשאַדעטע פֿון פּולווער־רויך, קוים שלעפּנדיק די פֿיס. יוגטלעכע, מיטליאָריקע, אַלטע לײַט — זײַנען זיי געגאַנגען, געפּאַנגענע שיפֿ־אויסלאָדער, מעטאַליסטן, מויערער, האָלצשניצער. זייערע הענט האָבן געמאַכט דעם ברוק, אַף וועלכן זיי האָבן איצט געשפּאַנט, די הײַזער מיט די באַלקאָנען, פֿאַרבײַ וועלכע זיי זײַנען איצט געגאַנגען, די ביקסן, וואָס זײַנען געווען אָנ־געצילעוועט אַף זיי, די קרייסער־שיפֿן און האַרמאַטן, וואָס זײַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן קעגן זיי, די קליידער, די עפּאָלעטן און די אוירינגלעך, וואָס זײַנען געווען אַף די מענטשן, וועלכע האָבן אַף זיי געקוקט פֿון די באַלקאָנען אין די בינאָקלען. זיי זײַנען געגאַנגען פֿאַרבײַ די באַלקאָנען, וואָס זײַנען פֿול אָנגעשטאָפּט געווען מיט פֿעטן אָנגעפּודערטן און געפּאַרבטן פֿלייש, וואָס איז פֿול געווען מיט סינע צו זיי און מיט פּאַכעד פֿאַר זיי. דער מעכטיקער ליבע־אָטעם פֿון צענדליקער טויזנטער פּונקט אַזעלכע שיפֿ־אויסלאָדער, מויערער, מע־טאַליסטן, וועמעס פּלייצעס עס זײַנען געהויקערט געוואָרן אין שווע־רער מי, וועמעס קינדער עס האָבן געדאַרט פֿון ניט דערעסן, וועמעס

ווײַבער עס זײַנען פאַר דער צײַט געעלטערט געוואָרן איבערן וואַשברעטל, — זייער מעכטיקער ווארעמער אָטעם האָט געהילט און אָנגעווארעמט די געפאַנגענע און ווייך געמאַכט דעם וועג אונטער זייערע טריט.

לאַנגאָוואָי!..

ווען אַף זײַן פּאָנעם וואָלט כאָטש געווען דער אויסדרוק פון שרעק אָדער אכזאָריעס, וואָלט זיך לענע געקאָנט דאָס געבן צו דערקלערן, אויב ניט פאַרצײַען. אָבער אַף לאַנגאָוואָיס פּאָנעם האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אײן אײן און דער זעלבער צײַט אי דער אינערלעכער בראָך אַנטקעגן דעם מעכטיקן געבראַוז פון האַמוין אי דער פאַרלאַנג צו מאַכן אַ גינסטיקע פּאַר זיך פּאָזע אַנטקעגן די מענטשן, וואָס האָבן געקוקט אַף אים פון די באַלקאָנען. אַ געמאַכטער שמייכל איז פאַרגליווערט געוואָרן אַף זײַן אויסגעכאָליעטן פּאָנעם. דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון ניד ער טר עכ טי קײַ ט.

די קאָלאָנע האָט נאָך ניט געמיטן דעם באַלקאָן, ווען צווישן די שפּאַלערן טשעכישע סאָלדאַטן האָט זיך דורכגעשלײַכט אַ קליינינקע, אויסגעדאַרטע אַלטינקע, אין אַ שוואַרצן טיכל מיט רויטע בלימעלעך, מיט אַ פּעקעלע אין די הענט, און אַרײַנגעפּלאָכטן זיך אין דער קאָלאָנע אַרײַן. די קאָלאָנע האָט זיך אַ פּלאָנטער געטאָן, נאָר די אַלטע איז שוין אַרײַן אין אַ ריי און נאָכגעלאָפן נאָך אַ רויטגווארדייער מיט אַ קײַלעכיקער פּלייצע און מיט גרויסע גרויע וואָנצעס. די אַלטע איז אונטערגעשפּרונגען מיט איין זײַט, מיט איין קליינעם הענטל אירער האָט זי פלינק־פלינק געגלעט דעם רויטגווארדייער איבער דער האַנט, און מיט דער צווייטער האָט זי אים געשטופּט אין די הענט אַרײַן דאָס פּעקעלע, וואָס ער האָט סאָפּקאָלסאָפּ גענומען. אַ טשעכישער סאָלדאַט פון קאָנוווי איז אַרײַן אין די רייען און געוואָלט כאַפּן די אַלטע, נאָר די אַלטע האָט מיט אַן אויסערגעווייינלעכער ענערגיע גענומען זיך שלאָגן דעם סאָלדאַט מיט אירע טרוקענע פויסטלעך, די גרויע האָר זײַנען איר אַרויסגעפאַלן פון אונטערן טיכל. אַ וווקסיקער יונג מיט אַ פאַרבלוטיקטער בינדע אַפן קאָפּ, וואָס איז געגאַנגען לעבן דעם רויטגווארדייער מיט די גרויע וואָנצעס, האָט צאַרט אַ כאַפּ געטאָן די אַלטיטשקע אונטער די אָרעמס, אופגעהויבן זי און אַרויסגעטראָגן זי אַפן ברוק, און אַליין גלײַך זיך צוריקגעקערט אין די רייען.

די קאָלאָנע און דער אװטאָמאָביל מיט סורקאָװן זײַנען שױן פאַרבײַ, און די קלײנע אלטיטשקע מיטן אראָפּגעפּאָרענעם טיכל פון קאָפּ איז נאָך אלץ געשטאנען אײנע אלײן אפן ברוק און נאָכגעקוקט, ביזװאנען א טשעכישער סאָלדאט האָט זי מיטן שטיל פון דער ביקס ניט פאַרטריבן פון דאָרטן.

לענע איז געשטאנען מיט אײַנגעקלאמערטע הענט אין דער באַלקאָן־פּאָרענטשע און אלײן ניט באמערקט, װי דאָס גאנצע פּאָנעם אירס איז געװען באגאָסן מיט טרערן.

## 31

יאָ, עס האָט פּאסירט אזױנס, װאָס עס איז אומעגלעך צו פאַריכטן... לענע האָט דערפילט ספּאזמען אין האלדז.

א װײַלע איז זי אזױ געזעסן אין שלאָפצימער. דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן דעם זשאקעט, דאָס היטעלע, די הענטשקעס און איז ארױס פון שטוב.

עס איז שױן געװען ארום פיר נאָכמיטיק. אפ די גאסן איז קײן שפור ניט געבליבן דערפון, װאָס עס איז געװען אינדערפרי. עס זײַנען געגאנגען די טראמװײַען, עס האָבן זיך געטראָגן די אװטאָמאָבילן און מאָטאָציקלען מיט מיליטער-לײַט און אױסגעפּוצטע דאמען. א לעבהאפטער אױסגעפּוצטער עולם, מיט אױסגעמישטע צװישן אים מונדירן פון רוסישע, יאפּאָנישע, טשעכישע, אמעריקאנישע אָפיצערן האָבן שפּאצירט איבער די טראָטוארן. די טשעכישע סאָלדאטן — מעגלעך, טאקע די זעלבע, װאָס זײַנען אינדערפרי אין שפּאלערן געשטאנען און געפירט די ארעסטירטע, — האָבן אױך פאַרדינט דאָס רעכט צו שפּאצירן מיטן רײנעם עולם.

לענע איז אװעק אין נעװעלסקיס סאָד. די גערטנער האָבן פאַריכט די קלומבעס און גאזאָנעס, װאָס זײַנען צעטראָטן און רויִנירט געװאָרן דורכן המון; די אלײען זײַנען פול געװען מיט שפּאצירנדיקן עולם, עס האָט געשפּילט א בלאָז-אָרקעסטער. צום ערשטן מאָל פאַר דעם איצטיקן סעזאָן האָט זיך געעפנט דער קאפע „א גלעזל טײ”: די באגאָסענע מיט זונ מירמלנע טישלעך זײַנען פאַרנומען מיט פרײלעכע דאמען און אָפיצערן, אין דער לופט איז געשטאנען א פאַרשײדנשפּראכיקער געטומל און געלעכטער.

לענע האָט זיך צוגעזעצט אפ א באנק, װאָס איז געשטאנען אפן

בערגל איבערן טעניס־פּלאַץ. צוויי פּאָר צו מאנצבלען און פרויען פון יעדער זײַט (לויט דער אויסשפּראַך זײַנען די מאנצבלען געווען אויסלענדער און די פרויען — רוסישע) — האָבן געשפּילט אין טעניס, געלאַכט און ארומגעלאָפן איבערן טרעק אין ווײַסע טופל. אף די אונטערשטע בענק זײַנען געזעסן אמעריקאנער יאַם־אָפּיצערן.

„ווי דאַרף זיך איצט פילן זײַן מוטער?" — האָט לענע געטראַכט, דערמאָנענדיק זיך, ווי דאָס ייִנגל סורקאָוו, מיט די גרויסע מערקוריעס אפן קאָלנער, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט זײַן האַלדז, איז געזעסן מיט זײַן מוטער אין דער בלימלדיקער קלייד און באַוולנע זאָקן אין גימערס קאָרידאָר, פאַרשטעקנדיק זײַן פּאָנעם אין די דלאָניעס.

דער ברומענדיקער האַמוין, וואָס וואַרפט אין דער הייך זײַנע היטלען, די בלייכע פּענעמער פון די קינדער מיט די פינקלדיקע אויגן און אָפענע מײַלער, די שוואַרץ־גרויע קאָלאָנע, וואָס באַוועגט זיך פּאַמעלעך, דער אַוטאָמאָביל, וואָס קריכט נאָך איר, ווי אף א לעווײַע, דער געבונדענער סורקאָוו און דער צווייפּענעמדיק שמייכלענדיקער לאַנגאָוואָי, די אַלטיטשקע אפן ברוק מיטן אראָפּגעפאָרענעם טיכל פון קאָפּ, — דאָס אַלץ האָט זיך ווידעראַמאָל און ווידעראַמאָל באַוויזן פאַר לענעס אויגן, און ווידעראַמאָל האָבן ספּאַזמעס געשטיקט איר האַלדז.

מעגלעך, אַז הײַנט, אין דעם זעלבן טאָג, האָט מען דאָרט, אפן סוטשאַן, פונקט אַזוי געפירט איר, לענעס, פאָטער. לענע האָט אים געזען אַזאַ, ווי ער איז געווען דאָס לעצטע מאָל אין גאַסט־צימער בא די גימערס, — א צעשרויפּטער, אַן אומרויִקער, אין אַן אויסערגעוויינלעך בונטן שניפּס. ער האָט זי א קוש געטאָן דעמלט אין דער נאָז, אָנגערוקט דעם הוט און איז אַוועק. ס'אַרא לאַנגע צײַט זי האָט שוין ניט געענטפערט אף זײַנע בריוו!.. מעגלעך, אַז אַזוי האָט מען אויך געפירט סעריאָזשען: צווישן די דאָזיקע מענטשן, וואָס זײַנען פאַרסמאַליעט געווען דורך פולווער, וואָס האָבן קוים די פיס געשלעפּט, זײַנען דאָך געווען אויך יוגנטלעכע פון סעריאָזשעס עלטער... און ווידעראַמאָל האָט זי געזען דעם אַוטאָמאָביל מיט סורקאָוון און דעם שמייכלענדיקן לאַנגאָוואָי.

עס איז אוממעגלעך געווען צו פאַרגעסן עס, עס איז אוממעגלעך געווען צו שענקען עס די יעניקע, וואָס האָבן עס אָפּגעטאָן!.. אונטערן געפיל פון פאַרצווייפלונג און אומעט האָבן אין לענען אַלץ מער

און מער געגרייפט די געפילנ פונ קאס אונ שטאָלצ מיטנ פאָטער, מיט סעריאָזשענ, מיט די מענטשנ, וואָס מע האָט געפירט איבער דער גאס.

עס איז שוינ גוט טונקל געוואָרנ; אפנ טעניס־פלאצ האָבנ זיכ שוינ געביטנ א סאכ פאָרלעכ, די זונ האָט שוינ אהינצו ניט דערלאנגט, עס האָבנ זיכ אָנגעצונדנ די עלעקטרישע לאָמפנ. דער אָרקעסטער האָט געשפילט אינ סאָד; דער סאָד האָט גערוישט אונ געהודזשעט מיט א יאָנטעוודיקנ אוילעמ; פונ „א גלעזל טיי" האָבנ זיכ געטראָגנ איבערנ סאָד הילכיקע געלעכטערס, טאָסט־אויסגעשרייענ אפ רוסיש אונ אפ אויסלענדישע שפראכנ.

ציטערנדיק פונ קעלט, האָט זיכ לענע דורכגעריסנ דורכנ יאָנטעוודיקנ אוילעמ אונ איז ארויס אפ דער גאס. עס האָבנ זיכ אָנגעצונדנ די איליומינאציע־פייערנ. הינטער לענעס פלייצע האָבנ אינ נעוועלסקיס סאָד געשאָסנ די ראקעטעס, זיי האָבנ געשיפעט אונ געריסנ זיכ אינ דער הייכ. די ראקעטעס האָבנ זיכ געריסנ אויכ איבער זאוואָיקאָס סאָד אונ איבערנ זשאריקאָוו-פלאצ.

לענע האָט אָנ א ציל ארומגעבלאָנקעט איבער די גאסנ צווישנ אויסגעפוצטנ אוילעמ. אלע רעסטאָראנענ אונ קאפעס, דערונטער אויכ דער קאפע, וואָס איז געווענ אונטנ אינ גימערס שטוב, זיינענ אָפנ, שיינענ מיט ליכט. די טראמווייענ האָבנ מיט כריפ אונ געקלונג געטראָגנ זיכ איבער די גאסנ, די לופט האָט געפלאצט פונ די פייפערייענ פונ די אווטאָס, פונ די קנאקנדיקע ראקעטעס, פונעמ דונערדיקנ מעש פונ די אָרקעסטערס.

צו לענענ האָבנ זיכ געטשעפעט מאנצבלענ מיט געפארבטע וואָנצעס, פונ זיי האָט געטראָגנ מיט וויינ. לענע איז געלאָפנ פונ זיי אונ פארקערעוועט אהיימ.

זי האָט אינ דער היימ קיינעמ ניט געטראָפנ. אפ איר נאכט-טישל איז אינ א לאנגער וואזע געשטאנענ א בוקעט בלומענ מיט א פארשיקערנדיקנ רייעכ אונ דערביי איז געלעגנ א צעטעלע פונ אדענ:

„ווו ביסטו פארפאלנ געוואָרנ? געווענ דאָ ווסעוואָלאָד, באדויערט, וואָס ער האָט דיכ ניט געטראָפנ, איבערגעלאָזט בלומענ. אינאָוונט איז ער פארנומענ אפ עפעס א מיליטערישער בעראטונג אונ וועט ניט קאָנענ זיינ. איכ בינ בא די סאָלאָדאָווניקאָווס. קומ צו גיינ, עס וועט זיינ שרעקלעכ פריילעכ..."

לענע האָט פונ אינדערפרי אָנ גאָרנישט ניט געגעסנ, נאָר דער געדאנק וועגנ עסנ האָט בא איר ארויסגערופנ אנ איבל. זי האָט זיכ אויסגעטאָנ, א וואָרפ געטאָנ די זאכנ אונ אנידערגעלייגט זיכ אינ בעט.

זי איז קימאט די גאנצע נאכט ניט געשלאָפנ, געהערט, ווי אדע האָט זיכ אומגעקערט זייער שפעט, אויסגעטאָנ זיכ, ניט אָנצינדנדיק קיינ ליכט אונ פארשפרייטנדיק ארומ זיכ א גערוכ פונ זייער שארפע פארפומענ; לענע האָט זיכ געמאכט שלאָפנדיק. ווענ עס האָט אָנגעהויבנ גרויענ אפ טאָג, איז זי אײַנגעשלאָפנ אזוי שטארק, אז ווענ זי האָט זיכ אופגעכאפט, איז שוינ אדע ניט געווענ, איר געלעגער איז געשטאנענ ניט פארבעט. עס האָט זיכ געהערט ווי דאָס שטובמיידל שארט ארומ מיט דער בארשט אינ צווייטנ צימער אונ רוקט איבער די מעבל.

— מארוסיע!.. עפנט דעמ באלקאָנ... ווו זײַנענ אונדזערע?

— די יונגע הערשאפטנ האָבנ ניט גענעכטיקט אינ דער היימ. דער הער איז אוועקגעפאָרנ גאנצ פרי. אונ די מאדאמ מיט דער פרײַלנ זײַנענ נאָכנ פרישטיק אויכ ערגעצ אוועקגעפאָרנ, דוכט זיכ, אינ טשור־רינס מאגאזינ, — האָט דאָס שטובמיידל דערציילט, רײַסנדיק דעמ קיט פונ דער באלקאָנ-טיר.

לענע האָט גענומענ א וואנע אונ געפרישטיקט בא זיכ אינ צימער בא אראָפגעלאָזטע ראָלעטנ אפ די פענצטער, בעת די באלקאָנ-טיר איז געווענ אָפנ. לעכאטכילע האָט זי קיינ אכט ניט געלייגט דערופ, וואָס אפ דער גאס איז שטיל, — פונ צײַט צו צײַט האָבנ זיכ דאָרט נאָר געהערט דאָס קלאפנ פונ פערד־טלאָענ אונ דער געהילכ פונ טריט, ווי עס וואָלטנ פארבײַגעגאנגענ מיליטער־טיילנ, — נאָר ווענ עס האָבנ זיכ צו איר דערטראָגנ די קלאנגענ פונ עפעס א ריזיקנ כאָר-געזאנג, האָט לענע דערפילט די דאָזיקע שטילקײַט, געוואָרפנ דאָס עסנ אונ איז ארויס אפנ באלקאָנ.

לענע איז שטארק פארכידעשט געוואָרנ דערפונ, וואָס אפ דער גאס זײַנענ שוינ ווידער געשטאנענ שפאלערנ טשעכישע סאָלדאטנ אונ עס זײַנענ געשפרונגענ רײַטער. די גאסנ אונ טראָטוארנ זײַנענ געווענ פוסט, ווי אויסגעקערט. די טירנ פונ אלע באלקאָנענ זײַנענ געווענ פארשלאָסנ — לענע איז איינע אליינ אפ דער גאנצער גאס געשטאנענ אפנ באלקאָנ.

דאָס געזאַנג האָט זיך דערנענטערט פֿון דער זײַט פֿון פּוילן ווינקל, נאָר הינטערן ראָג האָט זיך נאָך קיינער ניט געזען: די טשעכישע סאָלדאַטן האָבן געקוקט אין יענער זײַט. אין האַסן איז ווידעראַמאָל געשטאַנען אַ טויטע שטילקייט, נאָר די בוכטע, וואָס איז פֿול אָנגע־שטעלט געווען מיט שיפֿן, איז אויפֿגעלעבט געוואָרן: עס זײַנען דאָרט אַרומגעשווומען דאַמפֿערלעך, כינעזישע שאַמפּונקעס.

דאָס געזאַנג האָט זיך אַזוי שטאַרק דערנענטערט, אַז מע האָט שוין געקאָנט פֿאַנאַנדערקלײַבן דעם מאָטיוו — הונדערטער שטימען האָבן געזונגען דעם טרויער־מאַרש. פֿון הינטערן ראָג האָט זיך באַ־וויזן די פּראָצעסיע מיט די אָרנס. די זעלבע מענטשן, וואָס זײַנען נעכטן געווען אַף די טראָטואַרן, ווען מע האָט געפֿירט די אַרעסטירטע, האָבן איצט געטראָגן די אָרנס אין צוויי רייען — צענדלינקער נײַע, פֿריש־געהובלטע אָרנס, באַפּוצטע מיט בלומען און קראַנצן פֿון נאָדל־ביימער. די ערשטע אָרנס זײַנען שוין געווען לעבן באַלקאָן, און פֿון הינטערן ראָג זײַנען געשווומען נאָך און נאָך.

לענען האָט זיך געדוכט, אַז די זעלבע מענטשן, וואָס מע האָט נעכטן געפֿירט אַרעסטירטע צוזאַמען מיט סורקאָוון, האָט מען דער־הארגעט און איצט באַהאַלט מען עס זיי. דאָס האַרץ האָט בא איר אַ פֿלאַטער געטאָן. נאָר זי האָט זיך געכאַפּט, אַז די קערפּער פֿון די דערמאָרדעטע וואָלטן ניט געקאָנט קומען אין די הענט אַרײַן צו די אַרבעטער: מיסטאַמע האָט מען עס איצט באַהאַלטן די געפֿאַלענע אין דער נאַכט פֿון דער טשעכישער איבערקערעניש.

די פֿאָדערשטע אָרנס זײַנען געווען לעבן באַלקאָן; איצט האָט לענע געזען, אַז מע טראָגט די אָרנס ניט אין צוויי רייען, ווי דאָס האָט זיך איר פֿריִער אויסגעדוכט, נאָר אין איין ריי טראָגט מען די אָפֿע־נע אָרנס, און אין דער צווייטער — די דעקלעך צו זיי. די געפֿאַ־לענע, וואָס מען האָט אַרײַנגעלייגט אין די אָרנס, האָט מען ניט באַוויזן אַרומצוּוואַשן און איבערטאָן, — זיי זײַנען געלעגן אין די זעלבע מאַלבושים פֿון מעטאַליסטן, שיפֿ־אויסלאָדערס, מאַטראָסן, אין וועלכע דער טויט האָט זיי געטראָפֿן. בא אַ סאַך פֿון זיי זײַנען די פּענעמער און די הענט, וואָס זײַנען געלעגן אַפֿן ברוסט, געווען אויסגעשמירט אין פֿאַרטריקנטן, פֿאַרגליווערטן בלוט.

די אָרנס האָבן געשטראָמט פֿאַרבײַ דעם באַלקאָן, און נאָך די אָרנס האָבן געשפּאַנט געדיכטע קאָלאָנעס אַרבעטער מיט אָפּגעדעקטע

קעפּ, מיט פאנאנדערגעוויקלטע פלאטערנדיקע פּאָנעס און טרויעריק פייערלעכע געזונגען.

לענע האָט זיך דערמאָנט, אז בא איר אפן טישל שטייט א בוקעט בלומען. זי איז פלינק ארײַנגעלאָפן צו זיך אין צימער, ארויסגענומען דעם בוקעט פון וואסער, אומגעקערט זיך צוריק אפן באלקאָן און ארויפגעוואָרפן דעם בוקעט אפ דער גאס. דער בוקעט האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעקערט אינדערלופטן און איז געפאלן צו די פיס פון די מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן די אָרנס.

א מענטש אין א העמד און אין הויזן, וואָס זײַנען אופגענייט געווען פון גראָבן זאק־שטאָף, האָט מיט איין האנט אונטערגעהאלטן דעם אָרן און מיט דער צווייטער געוואָלט אפגיך אופהייבן דעם בוקעט, נאָר פלוצלינג האָט ער א קוק געטאָן ארוף, און ווען ער האָט באמערקט, אז דעם בוקעט האָט מען ארויפגעוואָרפן פון גימערס שטוב, האָט ער מיט אלע קויכעס א זעץ געטאָן מיטן פאַרשטויבטן שטיוול אין בוקעט ארײַן. דער בוקעט איז אוועקגעפלויגן צו די פיס פון די שפאלערן טשעכישע סאָלדאטן. דער אָרן האָט זיך א וואקל געטאָן און איז שיר ניט אומגעפאלן, נאָר די איבעריקע האָבן אים אונטערגעהאלטן; דער מענטש אין קאָסטיום פון זאק-שטאָף האָט ווידער אונטערגעשטעלט זײַן אקסל און אוועקגעשפאנט, סטארענדיק זיך גיין אין טאקט מיט די איבעריקע.

„רעכט אפ דיר...” — האָט מיט פארשטשימעטע ציין לענע צו זיך אליין א זאָג געטאָן, אײַנקלאמערנדיק זיך מיט די הענט אין דער פּאָרענטשע, פול מיט פאראכטונג און סינע צו זיך אליין.

זי האָט געוווסט, אז דער אויסדרוק פון קאס, וואָס איז געווען אפן פּאָנעם און אינעם זשעסט פון דעם שיפ-אויסלאָדער, וואָס האָט אָפגעשלײַדערט דעם בוקעט, האָט זיך באצויגן ניט צו לאנגאָוואָיס בוקעט, וועגן וועלכן דער שיפ-אויסלאָדער האָט ניט געוווסט, נאָר צו איר, צו לענען, צו דער גוט אָנגעטאָנענער פרײַלן, וואָס האָט ארויפגעוואָרפן דעם בוקעט פון באלקאָן פון גימערס שטוב אפן אָרן פון א מענטשן, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך גימערס זין. און וויסנדיק עס, האָט לענע געוואָלט אויסטראָגן אפ זיך די דערנידערונג ביזן סאָף און איז געשטאנען אפן באלקאָן די גאנצע צײַט, וואָס די פּראָצעסיע מיט די אָרנס, דערנאָך די ארבעטער־קאָלאָנעס מיט די פּאָנען האָבן זיך פארבײַ געצויגן.

די ארבעטער זײַנען געגאנגען לויט די פּאריינען. סײַ לויט די קליידער סײַ לויט די אופשריפטן האָט מען געקאָנט זען ווער עס גייט: בעקער, שטיוולפוצער, אײַזנבאנער, שנײַדער, מיל־ארבעטער, האָלצ־ארבעטער, ארבעטער פון האנדל־פלאָט — מענער, פרויען, יוגנט. זיי זײַנען געווען דאָ אינ צאָל ניט ווייניקער איידער נעכטנ אפ די טראָטוארנ און אינ סאָד, אָבער אינ די קאָלאָנעס, מיטנ פײַערלעכנ געזאנג, האָבנ זיי געמאכט נאָכ א מעכטיקערנ אײַנדרוק. איינצלנע מענער און פרויען, מיט טרויער־בינדעס אפ די ארבל, זײַנען געגאנגען בא די זײַטנ און געהיט די אָרדענונג פון דער באוועגונג.

אינ איינ מיידל מיט א טרויער-בינדע אפנ ארבל האָט זיכ לענען געדוכט, אז זי דערקענט כלאָפּושקינע, נאָר דאָס האָט זיכ איר ארויסגעוויזנ צו זײַנ אומגלייבלעכ, און לענע האָט א טראכט געטאָנ, אז זי האָט זיכער א טאָעס געהאט.

די אָרנס זײַנען שוינ פארשווונדנ געוואָרנ הינטערנ ראָג, אינעמ צווייטנ עק גאס, און די זינגענדיקע קאָלאָנעס מיט די פלאטערנדיקע פאָנען האָבנ אלצ געהאלטנ אינ איינ שטראָמען פארבײַ דעמ באלקאָנ.

ווענ עס איז אדורכ די לעצטע קאָלאָנע, איז אפ א שטיקל צײַט די גאס געבליבנ פוסט; דערנאָכ האָט זיכ באוויזנ דער טראמווײַ, וואָס איז קוימ געקראָכנ און איז באהאנגענ געווענ מיט מענטשנ, דערנאָכ האָבנ זיכ באוויזנ פוסגייער, פאעטאָנענ, בריטשקעס. די טשעכישע סאָלדאטנ האָבנ זיכ אויסגעשטעלט צו פיר אינ א ריי און זײַנען אוועק נאָכ די ארבעטער-קאָלאָנעס.

צוויי רײַטער זײַנען צוגעשפרונגענ צומ פּאָרטאל פון גימערס שטוב — לאנגאָוואָי און א קאָזאק אינ א גרויער פּאפּאכע מיט געלע פּאסנ אפ די הויזנ. לאנגאָוואָי איז אראָפּגעשפרונגענ פון פערד; דער קאָזאק האָט א כאפּ געטאָנ דאָס צײַמל. לאנגאָוואָי איז פארשווונדנ אינ ארײַנגאנג.

„באלד וועט ער קומענ אהער...” — לענע האָט זיכ פון אָרט ניט גערירט. נאָר ווענ לאנגאָוואָיס טריט האָבנ זיכ דערהערט אינ צימער, האָט זיכ לענע פלינק אומגעדרייט און אוועק אימ אנטקעגנ, ארײַנגעטראָטנ די שוועל און געבליבנ שטיינ.

אינ סנאָפּעס ליכט, וואָס זײַנען געפאלנ פון באלקאָנ, שײַנענדיק מיט די נײַע עפּאָלעטנ און מוטיק שמייכלענדיק, איז אנטקעגנ

איר געשטאנענע ווסעוואלאָד לאַנגאָוואָי.

— איר האָט געקוקט אַפ דעם דאָזיקן מאַסקאַראַד? — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — גאָט מײַנער, איך האָב זיך קוים אַרויסגעריסן צו אײַך!.. איר ווייסט, איך בין באַשטימט אַלס קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג...

— איר... אײַך האָט מען באַשטימט... — האָט לענע געהאַט אָנ-געהויבן.

און פלוצלינג האָט דאָס מעטורעפע בלוט פון דעם אַלטן קאָס-טענעצקי אַ ברויז געטאָן אין איר, און מיט די אַלע קויכעס, וואָס זי האָט פאַרמאָגט אין איר שוואַכן גוף, האָט זי ווסעוואָלאָד לאַנ-גאָוואָיען אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש.

32

אינאָוונט האָבן די גימערס געפּראַוועט אַ פּאַראַדנעם אָוונט-ברויט: וועניאַמינ און יעווגעני האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן אַפן פרײַטיק.

דאָס זעלבע געפיל, וואָס האָט לענען ניט דערלויבט אַוועק פון באַלקאָן, ווען דער שיף-אויסלאָדער האָט אָפּגעשלײַדערט דעם בוקעט, וואָס זי האָט אהיין אַראָפּגעוואָרפן, האָט זי אויך געצוווּנגען צו זײַן אַפן פּאַראַדנעם אָוונטברויט: איר האָט זיך געוואָלט אַלץ זען און אויסהאַלטן ביזן סאָף.

אַפן פּאַראַדנעם אָוונטברויט זײַנען בײַגעווען די זעלבע באַוווּס-טע געסט ווי טאָמעד, ווסעוואָלאָד לאַנגאָוואָי איז ניט געווען.

סאָפיאַ מיכײַלאָווּנאַ און אַדע, וועמעס פּאַעטאָן עס איז אינ-דערפרי פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער לעווײַע-פּראָצעסיע, האָבן אין אַרײַנגאַנג זיך געטראָפן מיט לאַנגאָוואָיען, און זײַנע פאַרכמורעטער פּנים און די ציטערדיקע ליפּן האָבן דערציילט סאָפיאַ מיכײַלאָווּנען מער איידער לענעס ניט קלאָרע ענטפערן. דעם גאַנצן טאָג און אויך באַם אָוונטברויט האָט זיך סאָפיאַ מיכײַלאָווּנאַ באַנומען מיט לענען מיט אַן אונטערגעשטראָכענער קאַלטקײַט און איידלקײַט.

וויפל מאָל לענע האָט שוין געזען באַ די עס-טישן און באַ די קאָרטן-טישן, אין די גאַסט-צימערן און אַפ די אָוונטן די דאָזיקע אַלע פאַרשיידנאַרטיק-ענלעכע ווײַטע, בלייכע, ראָזעווע, מיט וואָנצעס און אָן וואָנצעס, מיט אויסגעכאָליעטע בערדלעך און אָן בערדלעך, אָנגעבלאָזענע, זעלבסט-צופרידענע, קאָרעקטע פּנעמער, די דאָזיקע

אויסגעפוצטע, האלב-נאקעטע זקיינעס מיט פארפודערטע קנייטשן, די דאמעס מיטן פינקלדיקן צירונג, מיט די שיַינענדיקע שמייכלען אפ די ליפן און מיטן שווייס אונטער די אָרעמס, די שנייוויַיסע מיידלעך מיט די ארויסגעשטעלטע אפ צו באוויַיזן נאקעטע הענט און אקסל, — אלע זייערע לעבנס מיט זייערע ווירקלעכע און קלוימערשטע אינטערעסן זיַינען גוט באוווּסט געווען לענען, — אָבער קיינמאָל ביז איצט האָט זי נאָך ניט געזען די דאָזיקע מענטשן אין אזא מין פיַיערלעכן און פארשיקערטן צושטאנד, קיינמאָל ביז איצט האָט זי נאָך ניט געזען, אז זיי זאָלן מיט אזא מין גיַיציקייַט — מע קאָן זאָגן, ליידנשאפט — עסן, טרינקען, שריַיען, ווי זיי האָבן עס געטאָן היַינט, און קיינמאָל ביז איצט האָט נאָך לענען ניט געפּיַיניקט מיט אזא מין שווידערלעכער קראפט דאָס געפיל, אז איר אייגענער לעבן האָט געקראכט.

מיט א פארשטיינערטן פּאָנעם האָט זי זיך צוגעקוקט דערצו, ווי ביסלעכוויַיז איז אראָפּ פון די דאָזיקע מענטשן זייער אויסערלעכער גלאנץ, ווי די ציגנער האָבן זיך בא זיי פאנאנדערגעבונדן, ווי עס זיַינען רויט געוואָרן זייערע נעזער, פליכן. זי האָט געזען ארום זיך פיַיכטע, קיַיענדיקע, לאכנדיקע מיַילער, ראָזעווע וויַיבערשע בריסט, וואָס האָבן זיך ארויסגעקוילערט אפן טיש ארויס, רויטע, באוואָקסענע מיט האָר, קורץ־פינגערדיקע, וויַיסע געכאָליעטע הענט אין רינגען מיט אופגעהויבענע באקאלן.

— פארן לעבן, פאר דער יונגקייַט, פארן גליק, מיַינע הערשארפטן!..

פאנטעליימאָנאָוו, דער רעדאקטער פון דער ציַיטונג „דער וויַיטער מיזרעכ״, וואָס איז געזעסן אנטקעגן לענען, האָט אריַינגעטיַינעט אינעם גאָלדשמיד גריבאקין, אן אויסגעדארט מענטשעלע מיט א קליינינקן, קיַילעכיקן ארויסגעשטופּטן מויל, וואָס איז ענלעך געווען אפ א הינערשן טעכעסל, אז עס איז נייטיק צו שאפן א גרעסערע איינהייַט צווישן האנדל-קלאס מיטן אינדוסטריעלן קלאס. דער רעדאקטער איז געווען א ברייטפלייציקער, א גוט געפאקטער, אין א גלענצנדיקן שווארצן פראק מיט א פּאָר האָריקע הענט אין מאנזשעטן, מיט אזעלכע הענט דארף מען האלטן א סאָכע, — ער האָט ארויסגעקוילערט זיַין מעכטיקע ברוסט אין דער אָנגעקראָכמעלטער מאנישקע, זעלבסטצופרידן געווישט זיך די ליפן מיט א שנייוויַיסער סערוועטקע און די ווערטער: „די גאנצקייַט פונעם פאָטערלאנד״, „די קולטורעלע אנטוויקלונג״ „די ווילד-

קייט פונ פאָלק", „די מעגלעכקייט אויסצונוצנ די געלע ארבעטקראפט" — זיינעג קיילעכיק אונ פריי געפלויגנ פונ זיינע רויטע פולע ליפנ.

לענע האָט געוווסט, אז די צייטונג „דער ווייטער מיזרעכ" ווערט ארויסגעגעבנ אפ גימערס אונ סאָלאָדאָווניקאָווס געלט־מיטלענ, אז דער רעדאקטער פאנטעליימאָנאָוו איז געקויפט געוואָרנ דורכ די דאָזיקע מענטשנ, — דאָס האָבנ זיי אים אָנגעטאָנ אינ א גלענצנדיקנ פראק אונ אינ אנ אָנגעקראָכמעלטער מאנישקע אונ געשאפנ אים א נאָמענ, — קיינ איינ וואָרט זיינס, ניט קיינ מינדלעכס אונ ניט קיינ געדרוקטס — איז ניט געוועג זיינ אייגנ, אומאָפהענגיק וואָרט.

„אָט איז דאָס געוואָרנ א מענטש!... — האָט לענע געטראכט, קוקנדיק מיט האס אפ די באוועגונגענ פונ זיינע פויערשע האָריקע הענט. — געוואָרנ א מענטש!.. געלערנט האָט ער זיכ זיכער אפ א קופערנעם גראָשנ, לויט דאָסטאָיעווסקינ נאָכ, אינ פארצירעוועטע שקאר־פעטקעס געגאנגענ, געלאָזט זיכ שפייענ אינ פאָנעם אריינ, באליידיקנ... אונ וויפל נידערטרעכטיקייטנ האָסטו אָפגעטאָנ, געכאנפעט, ווי אכזאָריעס־דיק דו האָסט זיכ מיט דיינע עלנבויגנס געשלאָגנ, ווענ דו האָסט זיכ געשטופט צווישנ אזעלכע ווי דו, אפ צו באקומענ דאָס פעטע ביינדל, אפ צו זיינ גלייכ מיט די הערשאפטנ, אפ צו כאפנ די ברעקלעכ, וואָס זיי שארנ אראָפ פונ זייער טיש פאר דיר!... ווו האָסטו באהאלטנ איצט דיינ אלטע מוטער מיט די פארדריפעטע הענט פונ וואשנ וועש אונ ארומפאָרענ זיכ מיט די כאזיירים, דעמ שיקער דיינ פאָטער, וואָס האָט מיט בלוטיקנ שווייס באגאָסנ די ערד, קעדיי דו זאָלסט קאָנענ געפינענ דאָ דיינ „גליק"? אָ, דו האָסט, ווייזט אויס, אָנ ראכמאָנעס זיכ צעקויטעט מיט זיי, אז זיי זאָלנ דיר ניט קאליע מאכנ דיינ „קולטור־רעלע" ביאָגראפיע!.. לאקיי, לאקיי!.."

דער אלטער סקוטאריאָוו, דער גאָלד־געווערבניק, האָט זיכ אָנגע־בויגנ צו סאָפיא מיכיילאָוונא אונ, דריקנדיק איר האנט העכער דעמ עלנבויגנ מיט זיינע ביינערדיקע פינגער, האָט ער מיט א פארפלאָנטערטער צונג געבאָלבעט איר עפעס אינ ראָזעווונ אויערל אריינ, אונ לענע האָט געזענ, אז סאָפיא מיכיילאָוונא נעמט ניט צו איר האנט אונ רוקט זיכ ניט אָפ פונ אימ.

טאטאָטשקעס צונטערער פליכ האָט זיכ געוויגט אינ צווייטנ עק טיש.

טאטאָטשקע האָט געסקאווטשעט:

קעלט, אייביקע קעלט
מײַן נעשאָמע האָט פאַרקאָוועט...
יונג בין איך דאָך, מײַן יוגנט העלט,
קעלט...

לענע האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע סקאַוואָטשעניש, צום שיקערן געריידן, צום בויכיקן געלעכטער, צו די הויכע ווערטער פון די טאָסטן, זי האָט געקוקט אף די רויטע פּענעמער פון די מאַנצבלען, אף זייערע גלענצנדיקע פּראַקן, מאַנישקעס, עפּאָלעטן, אף די שײַנענדיקע מונדן מיט די רויטע פײַכטע מײַלער, אף די פּאַרשוויצטע, האַלב־נאַקעטע זקיינעס, וואָס פּאָכען זיך מיט פּאָכערס און וואָס צוזאַמען מיט דער פּודרע און פּאַרב איז אראָפּ פון זייערע פּענעמער דער גאַנצער פײַנער אויסזען זייערער, אף די אַלע טײַערע זאַכן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט אָט די דאָזיקע מענטשן, — אפן קרישטאָלענעם געפעס, וואָס האָט שע־מערירט מיט בלוט, אף די ווייכע שטויביקע טעפּיכער, אף די בילדער אין די שווערע דריקנדיקע ראַמען, אף די העסלעכע נידעריקע פּאָ־טעלן, וועלכע זײַנען ענלעך געווען אף נאַקעטע זקיינעס, וואָס האָבן זיך צוגעזעצט אף די שפּיץ פינגער, — און ביז ווייטעק, ביז ביטערן האַס איז קלאָר געוואָרן פאַר לענען, אַז דאָס בלוט פון די מענטשן, וואָס מע האָט אינדערפרי געטראָגן אין די אָרנס פאַרבײַ גימערס שטוב, איז פאַרגאָסן געוואָרן דערום, אַז אָט די אַלע רײַכע, זאַטע, געפּיעסטעטע, געבילדעטע מענטשן זאָלן קאָנען לעבן אויך אף ווײַטער אין דער אומגעלומפּערטער, העסלעכער פאַלשקײַט און נידערטרעכטי־קײַט, אין וועלכער זיי האָבן זיך אזוי העסלעך געוויקט ביז איצט.

## 33

אין האַפן, אף די פאַבריקן און זאַוואָדן פון דער שטאָט האָבן געאַרבעט צענדליקער טויזנטער מענטשן פון די סאַמע פאַרשיידנסטע פּראָפעסיעס און נאַציאָנאַליטעטן. פיל פון זיי האָבן אין זייער לעבן אויסגערײַזט ניט איין לאַנד, — געאַרבעט אין די גרעסטע האַפנס פון דער וועלט, גערעדט אף פיל שפּראַכן, געהאַט אַ קעמפערישע פאַרגאַנ־גענהײַט, באַקאַנטשאַפט און פאַרבינדונג אין אַלע טיילן פון דער וועלט.

אין די שלאַכטן אין דער נאַכט אפן 29 יונ האָבן זיי פאַרלאָרן די מאַכט, אָבער אײַנגעהיט דעם קויעך און די אַנטשלאָסנקײַט צו שלאָגן זיך ביזן סאָף.

אינ טאָג פונ דער לֿעווײַע איז די ארבעטער־דעמאָנסטראציע, וואָס איז דורכגעגאנגענ מיט די אָרנס איבער די הויפט־גאסנ פונ שטאָט, צוגעקומענ צו דער טפּיסע אונ געפּאָדערט א דערלויבעניש פאר די ארעסטירטע קאָמיסארנ אָנטײלצונעמענ אינ דער לֿעווײַע.

עטלעכע שאָ זײַנענ צענדליקער טויזנטער מענטשנ שווײַגנדיקע געשטאנענ אינ קאָלאָנעס אונטער דער סמאליעדיקער זונ, ארומגערינגלט מיט טשעכישנ מיליטער פאר די ווענט פונ דער טפּיסע, אונ דער ווינט האָט געווייט די רויטע פאָנענ איבער די דערמאָרדעטע.

דאָס מיליטער האָט זיכ ניט אנטשלאָסנ צו לאָזנ אינ גאנג דאָס געווער. פערצנ קאָמיסארנ זײַנענ אונטערנ „ערנוואָרט" ארויסגעלאָזנ געוואָרנ פונ דער טפּיסע (די מערהײַט ארעסטירטע זײַנענ געזעסנ אפ דער טשעכישער הויפט־וואכ, אונ די טשעכנ האָבנ יענע ניט ארויס־געלאָזט).

פערצנ קאָמיסארנ האָבנ אָנטײלגענומענ אינ דער לֿעווײַע, — ביזנ סאמע בעסוילעמ האָט מענ זײ געטראָגנ אפ די הענט אונטער פלאַ־טערנדיקע פאָנענ. די קאָמיסארנ האָבנ געהאלטנ רעדעס אונ געזונגענ דעמ טרויער־מארש, ווענ מע האָט די אָרנס אראָפּגעלאָזט אינ ברוד־דער-קײוועד. שפּעט אינאָוונט, ווי נאָר עס האָט זיכ אָנגעהויבנ דער פּאראדנער אָוונטברויט בא די גימערס, האָבנ די קאָמיסארנ זיכ צו־ריקגעקערט אינ דער טפּיסע ארײַנ.

דרײַ טעג איז די שטאָט געלעגנ א פארקאָוועטע אינעמ אלגע־מײַנעמ שטרײַק. עס האָבנ אופגעהערט ארבעטנ די טראמוויַענ, ניט געוועזנ קײנ עלעקטרע, קײנ אײנ צײַטונג איז ניט דערשינענ.

שטיל איז געוואָרנ בא די גימערס אינ שטוב. וועניאמינ אונ דיודיע זײַנענ אוועקגעפאָרנ אפנ אוסוריער פראָנט. דער פראָנט האָט זיכ פלינק איבערגערוקט אפ צאָפנ. פונ דאָרעמ זײַנענ די רויטע געטריבנ גע־וואָרנ דורכ די טשעכישע אונ פרײַוויליקע טײלנ; פונ דער מאנדזשו־רער גרענעץ, פונ דער זײַט פונ גראָדעקאָווא, האָט אָנגעגרײַפט דאָס מיליטער פונ יעסאויל קאלמיקאָוו; פונ טאָג אפ טאָג האָט מענ דער־ווארט, אז עס זאָל פאלנ די שטאָט ניקאָלסק־אוסוריסק.

לאנגאָוואָי האָט זיכ ניט געוויזנ. סאָפיא מיכײַלאָוונא האָט קימאט ווי ניט גערעדט מיט לענענ. דער אײַנרײַס מיט לאנגאָוואָיענ איז געוועזנ אינ ווידערשפּרוכ צו די מישפּאָכע־פּלענער. לענע האָט אָפּט געכאפּט אפ זיכ אדאָטשקעס פרעגערישע בליקנ. בלויז אײנ אלטער

גימער האָט ניט געביטנ זײַנ פארליבט־וויציקע באציִונג צו לענענ.

די אָנפאלנ פונ אומעט אונ פארומערטקײַט פלעגנ זיכ בײַטנ בא לענענ מיט אָנפאלנ פונ מאכטלאָזונ קאס. אנ אנדערשמאָל פלעגט זי דערזענ אפ די גאסנ אויסגעקלעפט באפעלנ, אונטערגעשריבנ פונ לאנגאָוואָיענ; זי פלעגט זיכ כאפנ דערופ, אז זי טראכט וועגנ אימ, אונ זי האָט זיכ פארהאסט דערפאר. אינ די לעצטע טעג האָט זי געפילט אנ אויסערגעוויינלעכע פיזישע שוואכקײַט אונ אנ אָפּטע איב-לעניש, — עס איז שווער געווענ צו צווייפלענ אינ די סיבעס דערפונ.

אונ דאָכ, ווי שוידערלעכ עס האָט ניט אויסגעוויזנ לענענ צו זײַנ דאָס אלצ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אונ וואָס עס איז איר נאָכ פאָרגעשטאנענ איבערצולעבנ, האָט זי דאָכ צומ ערשטנ מאָל אינ איר לעבנ דערשפירט א ווידערשטאנד־קויעכ אונ א פארלאנג צו קעמפנ. מיט א דורשטיקנ אינטערעס האָט זי זיכ צוגעהערט צו די געשפרעכנ ארומ זיכ, האָט זי נאָכגעשפירט נאָכ די צײַטונגענ, פאר-גלײַכנדיק דאָס, וואָס זי האָט דורכגעלייענט אונ געהערט, דערמיט, וואָס זי אליינ האָט געזענ אונ געפילט.

אינ שטאָט האָט אָנגעהויבנ דערשײַנענ א צײַטונג פונ דער צענ־טראלער ביוראָ פונ די פראָפעסיאָנעלע פאריינענ. לענע האָט זיכ אײַנ-געשאפט די דאָזיקע צײַטונג דורכ דער דינערשאפט. צוליב דער צענזור איז די צײַטונג אָפּט ארויסגעגאנגענ פול מיט ווײַסע קוואַ-דראטנ, אָפּטמאָל מיט גאנצע זײַטנ ווײַסע. די איבעריקע צײַטונגענ פונ דער שטאָט האָבנ זי פארפאָלגט אלס דעמ געהיימענ אָרגאנ פונ די באָלשעוויקעס; די דאָזיקע צײַטונג האָט מענ געהאלטנ אינ איינ פארווערנ, אָבער זי איז אלעמאָל פונדאָסנײַ דערשינענ אונטער א פרישנ נאָמענ. לענע האָט געגלייבט דער דאָזיקער צײַטונג מער איי-דער אלע איבעריקע.

לענע האָט שוינ געוווּסט, אז אונטער די קלעפ פונ טשעכישנ מיליטער איז די סאָוועטנמאכט געפאלנ אינ גאנצ סיביר; אינ אייניקע ווינקלעכ האָבנ זיכ נאָכ פארהיט קליינע סאָוועטישע אינדזלעכ, אָבער זיי זײַנענ זייער גיכ צערונענ געוואָרנ. די מאכט אינ דער שטאָט איז אריבער צו דער אלטער דומע. די דומע איז אונטערגעאָרדנט גע-ווענ דער פרימאָרער רעגירונג פונ עפעס א טיבער מיט עפעס א דערבער. די דאָזיקע פאמיליעס האָבנ זיכ אזוי אײַנגעגעסנ אינ לענעס זיקאָרנ, אז זי פלעגט אָפּט שאָענווײַז קוקנ אינ פענצטער אפ דער

בוכטע, וואָס איז פול אָנגעשטעלט געווען מיט קריג-שיפן און, איינ-האלטנדיק אין זיך דעם קנויל איבלקייט, וואָס האָט זיך געקוילערט בא איר אונטערן הארץ, פלעגט זי זינלאָז האלטן אין איין איבער-כאזערן פאר זיך: „טיבער-דערבער, טיבער־דער־בער...״

די מערהייט אין דער דומע און אין דער רעגירונג האָבן גע־האט די רעכטע עסערן און מענשעוויקעס; די האנדל־אינדוסטריעלע קרייזן, צו וועלכע גימער האָט געהערט, זיינען געווען אין דער דומע אין דער מינדערהייט. לענע האָט באמערקט, אז די צייטונגען, וואָס שטיצן די רעגירונג און די דומע, לויבן אין יעדן נומער זייערן די נאָבעלע טשעכן, און די צייטונג „דער וויטער מיזרעכ״, וואָס איז רעדאגירט געוואָרן דורך פאנטעליימאָנאָוון, האָט מערער געלויבט די פארדינסטן פון דעם העלדישן יעסאול קאלמיקאָוו און עפעס איינעם א כאָרוואט און געכיינדלט זיך צו די יאפאָניער.

אין דער דומע איז נאָך געבליבן עפעס א הייפל מענטשן, וואָס זיינען באשולדיקט געוואָרן אין מיטגעפיל צו די באָלשעוויקעס און וואָס האָט מיט דער בלויזער עקזיסטענץ גערעגט סיי די רעגירונג סיי גימערן. די צייטונג „דער וויטער מיזרעכ״, וואָס האָט פינקטלעך אָפגעשפיגלט דאָס אלץ, וואָס מע האָט גערעדט בא די גימערס אין שטוב, האָט באשולדיקט די רעגירונג, אז זי באציט זיך נאָכגיביק צו די באָלשעוויקעס און געפאָדערט א פעסטע מאכט.

— פארוואָס ארעסטירט מען זיי ניט? — האָט איינמאָל לענע א פרעג געטאָן.

— ווער מען? ..

דער אלטער גימער איז געבליבן שטיין אינמיטן צימער און א פארכידעשטער א קוק געטאָן אפ לענען.

— די באָלשעוויקעס פון דער דומע, — האָט רויק און געלאסן א זאָג געטאָן לענע.

גאנצע עטלעכע מינוט האָט זיך גימער געשטיקט מיט זיין פיש־ביינדל, הוידענדיק זיך פון געלעכטער און באגיסנדיק זיך מיט א מונטערקייט אפן פאָנעם און פליכ.

— אָט דאָס פרעג איך דאָך — פארוואָס? — האָט ער זיך צע־שריען, פריילעך אָפבלאָזנדיק זיך און שטודירנדיק לענען מיט זיינע לאכנדיקע גרינלעכע אייגלעך. — דערפאר, זעט איר, מאכמעס עס שטייען פאָר וואלן אין דער נייער דומע און מע שפילט זיך, זעט איר אין

דעמאָקראַטיזם, אין דעפּוטאַטישער אומבאַרירלעכקייַט, אַף ווייכער צו מאַכנ די אַרבעטערס הערצער... אַ העסלעכער מאַסקאַראַד ניט צו דער צייַט, — אָט פאַרוואָס מע אַרעסטירט זיי ניט!.. אָבער צי קלייַבסטו זיכ ניט אַמאָל פאַרנעמענ מיט פּאָליטיק? בלויז דאָס האָט נאָכ געפעלט!

און גימער האָט זיכ ווידער געשטיקט מיט זייַנ פּישביינדל.

— הייסט עס, די אַרבעטער האָט מענ באַזיגט און מע האָט דאָכ מוירע פאַר זיי? — האָט געלאַסנ לענע אַ פרעג געטאָנ; אינ איר שטימ האָט זיכ געהערט אַ קלינגעוודיקע נאָטקעלע.

— זיי האָבנ אַליינ פאַר זיכ מוירע... דו זאָג מיר בעסער, וואָס האָט בײַ דיר פּאַסירט מיט ווסעוואָלאָדנ? עפּעס קומט ער ניט אַרייַנ צו אונדז. פאַרשטייט זיכ, אַז איכ שאַדכנ ניט...

גימער האָט זיכ שעלמיש פאַרזשמורעט.

— און מיט די וואַלנ אינ דער דומע איז וויאַזוי. — דאָס קאָנענ אַלע זענ?

— צי וויפּסט אַמאָל ניט אַרויסשטעלנ דייַנ קאַנדידאַטור?

— ניינ, איכ וויל וויסנ, וויאַזוי דאָס ווערט געמאַכט.

— געמאַכט ווערט עס לאַנגווייַליק... לאַנגווייַליקע פּאַרטייענ שטעלנ אַרויס לאַנגע לאַנגווייַליקע צעטלענ, די שטאָט ווערט צעטיילט אַפ צירקלענ, לאַנגווייַליקע יונגע מענטשנ און מיידלעכ זיצנ לעבנ קעסטלעכ, וואָס זייַנענ פאַרכאַסמעט מיט טריוואַקסענע כסימעס, און די לאַנגווייַלנדיקע זיכ באַפעלקערונג וואַרפט אינ די קעסטלעכ אַרייַנ צעטלעכ, וואָס האָבנ אָפּט אַ גאַנצ ניט־אָנשטענדיקנ אינהאַלט... זייער ניט קיינ אינטערעסאַנט בילד פאַר אַ שיינ מיידל פונ אַ פאַרמעגלעכער מישפּאָכע!.. גאָר אַנ אַנדער זאַכ איז, ווענ אַנטקעגנ דיר שטייט אַ מוטיקער אָפיצער, אַ פּאָעט, אַ קאָמענדאַנט פונ אַ פעסטונג...

— און איכ וואָלט ניט געקאָנט פאַרנעמענ דאָס אָרט פונ אַ לאַנגווייַלנדיקנ זיכ מיידל באַמ קאַסטנ?

גימער האָט ווידעראַמאָל אַ שטיקל צייַט פאַרכידעשט געקוקט אַפ לענענ.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס איז עס דיר אַ שפּילצייַג, אינדערעמעסנ?

— ניינ, איכ ווייס, אַז דאָס איז אייַער שפּילצייַג, נאָר איכ וואָלט געוואָלט וויסנ ווי שפּילט איר אינ אייַער שפּילצייַג, — האָט מיט אַ קלינגעוודיקער שטימ לענע אַ זאָג געטאָנ.

די ברעמען זײַנען בא דעם אלטן גימער ארופגעקראָכן אפן שטערן.

— דו רעדסט עס ערנסט, צי וואָס?

— פולשטענדיק ערנסט...

— וואָס עס טוט זיך אלץ אין דער דאָזיקער שטוב! — האָט א זאָג געטאָן דער אלטער גימער און א ווישן געטאָן זיך דעם פּליך. און פּלוצלינג האָט ער זיך צעוואָרפן מיט די הענט און צעשריִען: — איך וויים גאָרנישט ניט, בא דער מומע בעט, בא דער מומע בעט!..

און פאָכענדיק מיט בײדע הענט, בלאָזנדיק און שטיקנדיק זיך מיט זײַן פישביינדל, איז ער פלינק אוועק צו זיך אין קאבינעט.

אָבער דער אלטער גימער האָט באקומען די מעגלעכקײַט צו איבערצײַגן זיך, אז לענע האָט כאראקטער. אין משך פון עטלעכע טעג האָט זי מיט אזא מין גוואלדיקער אקשאָנעס גערעדט אלץ וועגן איינס און דעם זעלבן, אז דער אלטער גימער איז געצוווּנגען געווען נאָכצוגעבן דעם „קאפּריז פון א לאנגווײַלנדיקער זיך פרייען“, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט און פארעכענען זי אלס באפולמעכטיקטע בא די וואלן אין דער דומע.

34

די צענטראלע ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען האָט ארויסגעשטעלט צו די וואלן איר אייגענעם צעטל. די ערשטע אין צעטל זײַנען געגאנגען די זיבן און פערציק ארעסטירטע קאָמיסארן, דערונטער, אפן דריטן אָרט, איז געווען סורקאָוו.

די וואלקאָמיסיע, אין וועלכער דער אלטער גימער איז ניט ארײַן, — ער האָט זיך אליין באלאָטירט אין דער דומע, — האָט נאָך א צווייטאָגיקער דעבאטע אנערקענט דאָס צעטל אלס געזעצלעך.

— זיי זײַנען מעשוגע — איז אויסעד זיך געווען דער אלטער גימער. — וואָס ווילן זיי, פארוואנדלען די דומע אין א סאָוועט פון הינטישע דעפּוטאטן?..

די דרוק־ארבעטער האָבן אָפּגעדרוקט דאָס צעטל און דעם אופרוף פון דער צענטראלער ביוראָ אין אזא מין צאָל, אז מיטן צעטל און מיטן אופרוף איז פארקלעפּט און פארשאָטן געוואָרן די גאנצע שטאָט, פון פוילן ווינקל ביזן צווייטן טײַכל. אין איינער א נאכט איז, ווײַזט אויס אפּצעלאָכעס, באקלעפּט געוואָרן מיטן צעטל דער פּאסאד פון דער שטאָט־דומע, און א גאנצער אוילעם מענטשן איז געשטאנען

און געקוקט, ווי די מיליציאָנערן מיט די לאַנגע וואָנצעס זײַנען גע־שטאַנען און געשאָבן דאָס צעטל פֿון די ווענט מיט שאָבערס, וואָס זײַנען ענלעך געווען אַף די, מיט וועלכע מע רײַניקט פֿערד.

ערעװ דעם טאָג פֿון די וואַלן איז לענע געווען אין דער דומע, — מע האָט דאָרט אײַנסטרוקטירט די באַפֿולמעכטיקטע. אין דעם לאַנגן האַלב-טונקעלן קאָרידאָר, ווו דערוואַרטנדיק, אַז דער מיטגליד פֿון דער וואַל־קאָמיסיע זאָל זיך באַפֿרײַען, האָבן זיך פֿאַרכמור־רעט אַרומגעשלעפּט מענטשן, וואָס זײַנען צווישן זיך ניט באַקאַנט געווען און ניט געהאַט קיין שום כיישעק צו באַקענען זיך, האָט זיך לענע פּלוצלינג געטראָפֿן מיט כלאָפּושקינאַ און דערקוקנדיקט זיך, אַז דאָס איז זי טאַקע געווען דאָס מיידל מיט דער טרויער־בינדע אַפֿן אַרבל, וואָס האָט אָנגעפּ־רט מיט דער קאָלאָנע אין טאָג פֿון דער לעווײַע.

— ווי קומסטו אַהער?.. עס פֿרייט מיך אַזוי!..

לענע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר און, פֿאַר עפּעס פֿאַר־שעמענדיק זיך, קיין האַנט איר ניט דערלאַנגט.

— ווי אַלע... — האָט כלאָפּושקינאַ אומבאַשטימט געענטפֿערט און אויך ניט דערלאַנגט קיין האַנט.

פֿאַר די העכער צוויי יאָר, וואָס לענע האָט זי ניט געזען, האָט כלאָפּושקינאַ ווי עפּעס זיך אויסגעגלײַכט אינגאַנצן און מאָגערער גע־וואָרן אַפֿן פּאָנעם. אין אירע אויגן, מיט די אַמאָליקע ווײַסע שי־טערלעכע וויִעלעכ האָט זיך באַוויזן אַ נײַער, שטײַפֿער טרוקענער אויס־דרוק.

זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן.

— איך האָב דיך געזען, ווען מע האָט באַהאַלטן...

לענע האָט זיך פֿאַרהאַקט, ניט וויסנדיק ווי אָנצורופֿן די, וועמען מע האָט באַהאַלטן.

— אַזוי גאָר!.. — האָט אײַנגעהאַלטן כלאָפּושקינאַ אַ זאָג געטאָן.

— ווי האָסטו געלעבט די גאַנצע צײַט? — האָט לענע שטיל אַ פֿרעג געטאָן.

— געוויינלעך, געאַרבעט...

כלאָפּושקינאַ האָט אַ קוק געטאָן אין אַ זײַט.

זיי האָבן ווידער אַ ווײַלע געשוויגן. כלאָפּושקינאַ האָט, ווײַזט אויס, זיך ניט אינטערעסירט, ווי לענע האָט געלעבט און ווי זי קומט אַהער.

— עס פרייט מיך זייער. — האָט לענע ערנסט א זאָג געטאָן. — ווען מע וועט אונדז צעשיקן איבער די צירקלען, וואָלט איך גע-וואָלט זײַן מיט דיר אין איין פונקט, אז ניט האָב איך מוירע, וועל איך נאָך אָנפלאָנטערן...

לענע האָט שולדיק א שמייכל געטאָן.

— אלציינס...

פון קאבינעט איז ארויס א קליינינקער לאָמער אלטיטשקער מיט א פארדרייטן אף א זײַט שניפּסל און אײַנגעלאדן די באפולמעכ-טיקטע אין זיצונג-זאל.

ווען לענע איז געגאנגען אין דער דומע, האָט זי געטראכט, אז נאָכן אינסטרוקטאזש וועט זי צופאָרן ערגעץ אויסזוכן זיך אן אום-באקאנטן דאָקטער אף דערקוויקן זיך וועגן דעם, וואָס איז שוין פאר איר קלאָר געווען. דער דאָזיקער געדאנק, פון וועלכן עס פלעגט איר א שוידער אָנכאפּן און אָן וועלכן זי האָט פארגעסן בא דער באגעגעניש מיט כלאָפּושקינא, האָט זי ווידער געצוימען פארפאָלגן...

אינעם אָפענעם פענצטער האָט זיך ארײַנגעריסן א טומל פון גאס.

דער קליינינקער לאָמער אלטיטשקער האָט זיך איינטאָניק געהוי-דעט הינטער דער קאפעדרע אין א פאס שטויביקן זון-ליכט, וואָס האָט געשלאָגן אין פענצטער ארײַן, געזשמורעט זיך און פארשטעלט זיך פון דער זון מיט דער פאפקע אינסטרוקציעס...

— ... נאָר לאָזט ארײַן לויט דער ריי נאָך און אין קיין שום פאל ניט מער ווי צו איינס ווײלער... — האָט ער ארויסגעזונגען מיט זײַן דינינקן קעלעכל:

„גאָט מײַנער, סארא כארפּע!... — האָט לענע געטראכט. — ווי וועל איך דאָס אלץ קענען געבן צו דערקלערן?..“

— ווען איר וועט אויסהערן דעם נאָמען, פאָטערס נאָמען און פאמיליע און אדרעס פונעם ווײלער און פארגלײַכן עס מיטן צעטל, גיט איר די מעגלעכקײַט דעם ווײלער...

„איך קאָן זאָגן, אז איך בין א כאסענע געהאטע?.. און עפּ-שער דערציילן דאָס אלץ כלאָפּושקינא, פרעגן אן אייצע?.. ניין, דאָס איז אומעגלעך, אומעגלעך...“ האָט לענע געהאלטן אין איין איבערכאַ-זערן, פילנדיק, ווי עס האקט איר אין די שלייפן.

— אויב אָבער עס וועט זיך ארויסווײַזן, אז אינעם צעטל צייכנט זיך ניט דער געגעבענער בירגער, דארפט איר, וואָרענענדיק

אים, אז ער האָט ניט אויסגעפילט זיין בירגער־פליכט, דאָס הייסט, ער האָט ניט א קוק געטאָן אינ די צעטלענ, וואָס זיינענ באצייטנס אויסגעהאנגענ געוואָרנ, ניט דערלאָזנ אים צו דער באלאָטירונג אונ רעגיסטרירנ אים לויט דער פאָרמע ס. פ. ...— האָט נאָכ אלץ געזונגענ דער לאָמער אלטיטשקער.

לענע, וועלכע האָט גאָרניט געהערט דערפונ, וואָס עס האָט גערעדט דער לאָמער אלטיטשקער, האָט זיכ אומגעקוקט אפ דער פארזאמלונג ערשט דאנ, ווענ מע האָט זיכ גענומענ רוקנ מיט די שטולנ: עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די פאנאנדערטיילונג איבער די צירקלענ.

— איז צוזאמענ? איכ בעט אייכ...

לענע האָט בעטנדיק א קוק געטאָנ אפ כלאָפושקינא.

— אלציינס...

זיי האָבנ באקומענ דעמ ראיאָנ פונ צווייטנ טייכל.

— דאָס איז ערגעצ וויַיט... דאָרטנ זיינענ, דוכט זיכ, די צייט־וויליקע ווארשטאטנ? — האָט לענע שטיל א פרעג געטאָנ.

— יאָ... אונ גימערס מילנ — האָט כלאָפושקינא א זאָג געטאָנ אונ א פינטל געטאָנ מיט די ווייסע וויעלעכ, אפ צו באהאלטנ דעמ כויזעק.

לענע האָט זיכ געקויפט א צייטונג אינ קיאָסק אונ א האלבנ קווארטל געגאנגענ צופוס מיט דער צייטונג אינ די הענט, דורכגעקוקט די פאמיליעס אונ די אדרעסנ פונ די דאָקטוירימ: „ווייַנבער ס. י..., אנ אויגנ־דאָקטער... אָווסיאניקאָוו ג. נ — ווענערישע אונ אוריג... וו. א. סומטשיק — פרויענ־קראנקייטנ, אלעוטסקע, 56,... אי־וואנאָוו־מאָלאָסטאָוו — פרויענ־קראנקייטנ, קאָסאָי ג., 13...“

אפנ ראָג האָט זי זיכ אומגעקוקט אינ די זייטנ אונ גענומענ א פאעטאָנ.

— הייבט אופ די בויד, איכ בעט אייכ...

— וווהינ פאָרנ?

— וווהינ?..

א ווײַלע האָט לענע ערנסט געקוקט אפנ פורמאנס אָנגעדראָלע־נעמ מיט א געדרשטנ אויג.

— נו, איז וווהינ... נו, זאָל זיינ אפ אלעוטסקע, — האָט זי מיט א געפאלענער שטימ א זאָג געטאָנ.

אין פרימאָרגנדיקן זונטיקדיקן צוג, א פול אָנגעפּאַקטן מיט דאטש־ניקעס, מילכיקערנס און גרינס-פאַרקויפערנס, איז לענע געפאָרן פאַר-ביי שמוציקע געביידעס, שלאָגבוימען, וויאַדוקן, נאפט-קעסלען. די בלויע פלעקן פונעם איינגוס האָבן געשיינט צווישן די הייזער, אפן הימל זיינען געשווומען ווייסע ריינע וואָלקנדלעך.

לענע איז געזעסן א פאַרקוועטשטע צווישן א סאָלידן מאנצבל אין א פאנאמע מיט א גרויסן טאָרט אפ די קני און א מילכיקערן מיט ליידיקע קאנען, געפילט אפ זיך די נייגעריקע, ארומטאפנדיקע בליקן, און איר האָט זיך געדוכט, אז אלע, אלע ווייסן שוין פון איר דערנידערונג.

זי האָט זיך געסטארעט טראכטן וועגן די פאָרשטייענדיקע וואלן, נאָר פאר אירע אויגן האָט זיך ווידעראמאָל און נאָכאמאָל א שטעל געטאָן דער דאָקטער מיט אן אָנגעבויגענעם איבער איר פול אָנגע־גאָסענעם מיט בלוט פּאָנעם, זי האָט ווידער דערזען דעם דאָזיקן דערנידעריקנדיקן שטול און אויך ווי זי האָט זיך געפלאָנטערט אי־נעם האפט, איילנדיק זיך אָנטאָן די הויזן. און מאָרגן שטייט איר פאָר א נאָך מער דערנידערנדיקע און שוידערלעכע אָפעראציע און מיט קיינ-קיין שום זאך קאָן מען דאָס ניט אויסמיידן.

„עס מוז זייער שטארק ווי טאָן...״ — האָט זי געטראכט. זי האָט זיך געפייניקט מיט די שוועריקייטן, וואָס זיינען פארבונדן געווען מיטן אויסבאהאלטן די דאָזיקע אָפעראציע פון די היימישע. ווען זי קאָנען אליין אהיים זיך דערקלייבן? ווי וועט זיין, אויב זי וועט זיך פילן אזוי שוואך, אז זי וועט ניט קאָנען פון בעט זיך אופהייבן? מע וועט ארויסרופן דעם היימישן דאָקטער און אלץ וועט באוווסט ווערן...

— דאָס צווייטע טייכל!..

לענע האָט א ציטער געטאָן און אוועקגעיילט צום ארויסגאנג.

זי איז געשטאנען אפן פעראָן און פארלאָרן געהאלטן אין די הענט א צעטעלע מיטן אדרעס פון וואל־באצירק. פון לעצטן וואגאָן זיינען איינער נאָכן אנדערן געשפרונגען מיליציאָנערן, באוואָפנטע מיט רע-וואָלווערן און שווערדן. דער צוג איז אוועק; די מיליציאָנערן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען און אוועק פאזע דער באן-ליניע אין

דער ריכטונג צו די גרויע קאָרפּוסן פון די ציַיטוויַיליקע וואַרשטאַטן.

לענע איז מאַשינאַל אוועק נאָך זיי.

אין די וואַרשטאַטן איז געווען שטיל, פּוסט, עס האָט געשמעקט מיט אײַזן-בראָכוואַרג און מיט שלאַק; די טריט פון די מיליציאָנערן האָבן הילכיק זיך אָפּגערופן אין די ווענט פון די קאָרפּוסן. לענע האָט מיט אַן אומקלאָרער שרעק און אכטונג געקוקט אויף די ריזיקע שטומע קאָרפּוסן מיט די פאַרויכערטע פענצטער, אויף די שוואַרצע קוימענס, וואָס האָבן זיך געריסן אין דער הייך. אין אָט אַזאַ מין קאָרפּוס, אין קריגס-האַפן איז פאַרברענט געוואָרן סורקאָוו פאָטער... לענען האָט אַ פּאַכעד אָנגעכאַפּט.

די מיליציאָנערן זײַנען דורכגעגאַנגען צווישן צוויי קימאַט ענדלאָזע קאָרפּוסן און פאַרקערעוועט אין דער גאַס, וואָס האָט געפירט אין דער פאָרשטאָט אַרײַן.

לענע איז פאַרכידעשט געוואָרן פון דער פּוסטקייַט און טויטער שטילקייַט, וואָס האָט געהערשט דאָ, ווי אין די וואַרשטאַטן. עס האָבן זיך ניט געזען ניט קיין שפּילנדיקע קינדער, ניט קיין פרויען אויף די בענקלעך לעבן די גרויע הײַזלעך מיט די פאַרמאַכטע לאָדנס. בלויז אויף די ראָגן גאַסן זײַנען געזעסן איינצלנע כינעזער מיט קוישן קערלעך און באָב-ניס. די כינעזער האָבן נאָכגעקוקט די מיליציאָנערן מיט נײַגעריקע בליקן. אויף יעדן ראָג פון די געסלעך האָבן די מיליציאָנערן איבערגעלאָזט פּאָסטנס. לענע האָט זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן, איז סײַ די שטילקייַט אין דער פאָרשטאָט סיי דאָס, וואָט די מיליציאָנערן האָבן זיך דאָ באַוויזן, איז פאַרבונדן מיט די וואַלן.

פון אַ ווײַטן געסל זײַנען אַרויסגעשפּרונגען צוויי רײַטער-מיליציאָנערן, אַרומגעקוקט זיך אין די זײַטן, און מיטן גאַנצן האַסט אוועקגעטראָגן זיך אַנטקעגן דער קאָלאָנע. אַראָפּבייגנדיק זיך פון די פערד און סאַליוטירנדיק, האָבן זיי זיך דורכגעשמועסט מיט די עלטסטע פון דער קאָלאָנע און אוועקגעשפּרונגען צוריק. די קאָלאָנע האָט זיך צעטיילט אויף צוויי העלפטן: איין העלפט האָט פאַרקערעוועט אויף רעכטס. לענע איז אוועק נאָך יענער העלפט, וואָס האָט זיך באַוועגט אין דער פריִער גענומענער ריכטונג.

אויפן ראָג פון געסל, וווהין עס זײַנען אוועקגעשפּרונגען די רײַטער, און וווהין עס האָט איצט פאַרקערעוועט די צווייטע האַלבע קאָלאָנע, האָט לענען פאַרהאַלטן דער פּאָסטן-מיליציאָנער:

— וווּהין גייט איר?

— מע טאָר דען דאָ ניט גיין?

— וווּהין גייט איר, פרעג איך באַ אײַך? — האָט גראָב נאָכאַמאָל א פרעג געטאָן דער מיליציאָנער; ער איז געווען איינגאנצן באגאָסן מיט שווייס.

— איך גיי קלײַבן אין דער דומע, — האָט מיט א פארשטיינערט פּאָנעם און מיט א רויִקער שטים לענע א זאָג געטאָן. — אײַך איז באוווסט, אז הײַנט קלײַבט מען אין דער דומע?

— קאָנט איר דען ניט גיין מיט א זײַט?

— מיט וועלכער זײַט?

א ווײַלע האָט דער מיליציאָנער א פארכידעשטער געקוקט אף איר, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעשעפּט מיט לופט, געקליבן זיך א געשריי טאָן, אָבער ניט געשריִען, הילכיק אויסגעעטעמט די אָנגע-שעפּטע לופט.

— הערט, בירגערין, — האָט ער א זאָג געטאָן מיט א פארמאַ-טערטער שטים, ווישנדיק זיך מיט אן ארבל דעם שווייס פון פּאָנעם, — איר באדארפט אין דער האנטווערקער-שול... וועט איר גיין אָט מיט יענער גאס, דערנאָך וועט איר זיך נעמען רעכטס, דער-נאָך ווידער רעכטס. און דאָ...

— און דאָ, הייסט עס, איז נעענטער? וועל איך טאקע גיין דורך דאנען. מע דארף וויסן, אז הײַנט קלײַבט מען אין דער דומע, ביר-גער מיליציאָנער, — האָט לענע אויסגעהאמערט מיט אָ מעטאַלענער שטים. — צום ווידערזען!..

דער מיליציאָנער האָט מיט פארכידעשטע אויגן באגלייט איר שטאלטן פיגורל, א מאך געטאָן מיט דער האנט און אויסגעזידלט זיך.

אין וועג האָבן זיך אָנגעהויבן באווײַזן איינצלנע הײַפלעך אר-בעטער מיט זייערע ווײַבער און קינדער לעבן די בענקלעך און אף די טראָטוארן. לענע האָט געפילט אף זיך זייערע נײַגעריקע און פאַרשנדיקע בליקן, און מיינענדיק, אז זי איז, מעגלעך, ניט גענוג פראָסט אָנגעטאָן, איז זי ווײַטער געגאנגען, ניט אומקוקנדיק זיך. זי האָט זיך צוגעהערט, צי שמועסט מען ניט עפּעס וועגן די וואלן. נאָר אין איין אָרט האָט מען געשמועסט וועגן טויבן, אין צווייטן — וועגן פוטבאָל-געווינס, אין דריטן האָט מען געקוקט, ווי צוויי געזונ-טע באָכערים האָבן זיך געצויגן אף זייערע רימענס.

— איר לאָזט נאָר קיין רייכעס ניט ארויס! — האָט כויזעק גע־מאכט פון זיי עפּעס א גיפטיקער אלטיטשקער.

קינדער האָבן אינמיטן גאס געשפּילט אין א לאָקאָמאָטיוו.

— דו פּעכקע, ווי ס'באדארף צו זיין! א לאָקאָמאָטיוו פּעכ־קעט ניט אזוי, — האָט געטומלט א זיבניאָריק יאטל מיט א פּאָר ברע־מען, ווי די יאָזשעקלעך.

— ...אוי, מיין טייערע, איך האָב שוין געפּרווט מיט זעניפט אויך — עס וואשט זיך ניט אָפּ, — האָט זיך באקלאָגט א ברוסטיקע פרויען-שטים.

לענע איז ארויסגעקומען אפ א גאס, ווו הייפלעך ארבעטער זיי־נען שוין געזעסן און געשטאנען אפ די טראָטוארן קימאט בא יעדער שטוב.

אין עק פון דער גאס איז געווען א פלאצ, וואָס איז פול גע־ווען מיט אוילעם. איבער דער מענטשן-מאסע האָבן זיך געזען די ווייסע קעפּ פון די פערד און די גרינע העמדלעך און קאשקעטן פון די מיליציאָנערן.

לענע איז אוועק צום פלאצ, נאָר אין וועג מוירע געקראָגן און געבליבן שטיין אפן ראָג. אנטקעגן לענען און ארום איר האָט זיך געוויגט און געהודושעט אן אוילעם — ניט ווייניקער פון א צוויי טויזנט מאן, עס איז דאָ געשטאנען א גערוך פון מעטאל, וואָס איז פאר לענען געווען אינגאנצן ניי. באָרוועסע יינגלעך האָבן ארומגע־שמייעט אין אוילעם, גליטשנדיק זיך צווישן די פיס, כאפנדיק זיך פאר די קליידלעך און רעקלעך.

— פארמורזעטער, פארמורזעטער!

— ווער איז א פארמורזעטער?

— אנטלויפ, אנטלויפ!..

פון פלאצ האָבן זיך אוועקגעצויגן נאָך צוויי גאסן: איין גאס פון אָט די צוויי האָט מען ניט געקאָנט זען, ווייל דער אָנהייב איי־רער איז געווען פארצאמט מיט מיליציאָנערישע קאשקעטן, און דאָ איז באזונדערס שטארק געדיכט געווען דער אוילעם — ווייזט אויס, אז דאָ האָט זיך געפונען דער וואלד־באצירק, — די צווייטע גאס ווי־דער, וואָס האָט זיך געהויבן בארג־ארויף, איז אינגאנצן געווען אָפן און דאָרט האָבן זיך געזען הייפלעך ארבעטער.

פון הינטערן בארג, אפן פּאָן פון די ווייטע בלויע בערגלעך בא־גאָסענע מיט זון, האָבן זיך געזען די רויטע קוימענס פון די מילן.

פריילעכע ווײַסע וואָלקנדלעך זײַנען געשוווּמען איבער די בלויע בערגלעך.

לענע האָט זיך ניט אײַנגעקוקט אין איינצלנע פענעמער, זי האָט געקוקט אויפן גאַנצן אוילעם, וואָס האָט גערודערט דאָ. „ניט שווינ־דלש זײַנען דאָס די זעלבע מענטשן?..“ — האָט זי א טראַכט געטאָן, דערמאָנענדיק זיך אָן דער פאַמעלעך שפּאַנענדיקער שוואַרץ־גרויער קאָלאָנע אונ האמוינ, וואָס האָט געברומט אונטער גימערדט באַלקאָן.

— ווי וועט מען גאָר באַווײַזן דורכלאָזן אלעמען? די מילנער זײַנען נאָך ניט געקומען.

— יאָ, פאַרן אָוונט וועלן מיר ניט פאַרטיק ווערן מיט דעם...

— וואָס שטופּסטו זיך? ווילסט, מיר זאָלן פאַר די פיס פון פערד אַראָפּשלעפּן?...

— נו, איז ווי־זשע, אנדרייטש, דײַן ווײַבל האָסטו אײַנגערעדט?

— אי דאָס ווײַבל אײַנגערעדט, אי די עלטערע טאָכטער איז געקומען, און די יינגערע וואָלט אויך געקומען, איז זי נאָך אָבער צו יונג דערצו...

— ...ער ספראַוועט זיך ניט מיט דער אַרבעט דערפאַר, ווײַל ער איז קליינוווקסיק, דער שרופּסטאַק איז אים בא דער ברוסט: ווי ער דאַרף נאָר מיט דער פײַל אַרבעטן, ווערן בא אים גלײַך די הענט פאַרמאַטערט...

— ...איך פרעג הײַנט באַם קרעמערל, וואָס אויפן ראָג ני־קאָלסקע: „נו, ווי? דו סט'גיינ?..“ — אנו אײַך, — זאָגט ער, — מיט אײַערע וואלן!..“ און איך ענטפער אים דערויף: „דאָס איז, — זאָג איך, — אײַערע וואלן און ניט אונדזערע“...

— ער וואָלט, ברודערל, געגאַנגען, האָט ער אָבער מוירע, אז מיר זאָלן אים די צורעס ניט צעפּראַסקען. און די הויפּט־זאַך — ער האָט דאָ טאַקע קיין טאָעס ניט...

— גוט וואָלט געווען, ווען מיר פּאַקן דאָ אהער סקוטאַריאָווג אָדער גימערן — מיר וואָלטן זיך דורכגעשמועסט מיט זיי!..

— זיי האָבן דאָ ניט וואָס צו טאָן, זיי האָבן זיך זייער באַ־צירק. זיי וועלן זיך צופאָרן אויפן פּאַעטאָנדל, אַרײַנוואַרפן דאָס צע־טעלע, און טאַקע פאַר זיך אליינ — און א סאָפּ אן עק...

— צופוס קאָנען זיי ניט: שווערע בײַכער אויסגעוואָקסן...

צוקוקנדיק זיך צום אוילעם, האָט לענע באַמערקט, ווי דאָ און דאָרטן האָבן אויסגעבראָכן פּלוג־מיטינגען, — עס האָט זיך געהערט

דעמ רעדנעו'ס שטימ, — נאָר ווי גאָר דער מיליציאָנער פלעגט פארקערעווענ אהינ זײַנ פערד, פלעגט דער מיטינג זיכ גלײַכ אויסלאָזנ, אונ ס'איז שווער געווענ צו כאפנ ווער עס האָט גערעדט. לענע האָט זיכ דערמאָנט אָנ דעמ פונקט אינ דער אינסטרוקציע, וואָס האָט פארווערט צו פארנעמענ זיכ מיט אגיטאציע לעבנ דעמ וואל־באצירק, אונ האָט א שמייכל געטאָנ.

— זיי גייענ, זיי גייענ!.. די מילנער גייענ!.. — האָט זיכ דער אוילעמ צעהודזשעט.

אפנ שפיץ פונ דער בארגיקער גאס האָט זיכ באוויזנ א קאָלאָנע. דער ווינט האָט געפאָכעט די ווײַבערשע קליידלעכ אונ פארטעכער. די קעפ פונ די מענטשנ, וואָס זײַנענ געשטאנענ אפנ פלאצ, האָבנ זיכ אויסגעדרייט אינ יענער זײַט. די קאָלאָנע — א מאנ צוויי הונדערט — איז שוינ געווענ אפ דער זײַט בארג אונ פלינק געשפאנט צומ פלאצ.

— עפעס ווייניק זײַנענ זיי...

— דו וועסט זיי דענ ארויסשלעפנ, די ברויטזייער! בא זיי איז יעדערער פאר זיכ, אונ איינער פאר אלעמענ...

— ווער פירט דאָרט אָנ מיט זיי?

— וועגנ דעמ, ברודער, רעדט מענ ניט הויכ בא הײַנטיקע צײַטנ...

לענע האָט זיכ מיט א ברעג פלאצ דערלאנגט צו יענער גאס, ווו עס האָבנ געשווינדלט די מיליצייִשע קאשקעטנ.

— אינ דער ריי, אינ דער ריי, פריילנ!..

לענע האָט געוויזנ איר דורכגאנג־שײַנ.

36

— איכ האָב, דוכט זיכ, פארשפעטיקט?

— ס'מאכט ניט אויס...

כלאָפושקינא איז געזעסנ בא א טישל לעבנ דער אורנע, אינ א גרויענ געשטריקטנ קאָפטל, מיט גלאט־פארקעמטע העלע שיטערלעכע האָר. לענע איז אוועק הינטערנ נידעריקנ באריער, וואָס האָט געשמעקט מיט סמאָלע, אונ ארויפגענומענ דאָס זשאקעטל. די פענצטער פונ צימער, וואָס זײַנענ ארויס אינ הויפ, זײַנענ געווענ אָפנ; עס האָט זיכ געזענ א מאשינעריע פאר גימנאסטישע איבונגענ, וואָס איז ענלעכ געווענ אפ א טליע; פונ לאצ האָט זיכ דערטראָגנ אהער דער טומל.

די וואָלן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן. א געהויקערטער געגאָלטער אָל־טער אין א קעפּי און אָפּגעטראָגענעם רעקל, מיט א צווענגל און נאָך עפּעס געצײַג אין די פולע קעשענעס, האָט אראָפּגעלאָזן דעם צעטל אין דער אורנע און אוועק, שווער שלעפּנדיק נאָך זיך די פיס. אפ זײַן אָרט איז געשטאַנען א מאָגערער ארבעטער מיט א קרומען האלדז — איין אקסל איז בא אים געווען העכער פארן אנדערן.

— דעם פאָטערס נאָמען? — האָט כלאָפּושקינא געפרעגט.

זײַן פאָנעם האָט זיך פּײַנלעך פארקרימט.

— אנעמ... פּ...פּ... פּאָדיסטאָוויטש, — האָט ער געענטפערט, שטאַרק פארהיקענדיק זיך.

לענע האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט, אז פּונקט אזוי' האָט זיך פארהיקעוועט כלאָפּושקינעס אָנפּיסיקער פאָטער, און דערשראָקן א א קוק געטאָן אפ איר, נאָר כלאָפּושקינאס פּאָנעם איז געווען קאַלט און שטרענג.

— גייט צו יענעם טיש, דאָרט וועט איר אָנשרײַבן...

— גיב, איך וועל נאָכקוקן לויט די צעטלען נאָך און אָפּצייי־כענען, און דו וועסט פרעגן, — האָט לענע פּאָרגעלייגט.

— אלציינס...

נאָכן ארבעטער מיטן קרומען האלדז איז געקומען א יונגע אר־בעטערקע, נאָך דער ארבעטערקע — א העלער באָכער אין פוטבאָלע־נע בוצן, לענע האָט נײַגעריק זיך צוגעקוקט צו יעדן שטימענדיקן, ס'אַרענדיק זיך לויט די פּענעמער דערקענען, פאר וועמען קאָנען זיי שטימען. נאָר בא איינע זײַנען די פּענעמער געווען פארכמורעטע און פארשלאָסענע און בא די אנדערע — א ביסל פארשעמטע.

— נאבאָלדינ איוואנ יאקאָווליעוויטש... ווײַאָמאָטשנאיא, 18...

אנטקעגן כלאָפּושקינא איז געשטאַנען א ברייטפּלייציקער באַיאָרנ־טער ארבעטער מיט א פּאָנעם, וואָס איז פול באוואָקסן געווען מיט קוילן־שווארצע האָר. די ריזיקע שווארצע הענט זײַנע האָט ער גע־האלטן אפן באריער, דאָס היטל אונטער דער האנט.

לענע האָט א פיר געטאָן מיטן פינגער איבערן צעטל.

— מאָדנע... אלץ איז ריכטיק און אין אדרעס איז דאָ עפּעס א פּלאָנטער... 28 און ניט 18?

— ווי־זשע איז עס 28, פריילן, ווען ס'איז 18, — האָט טויב, ווי' פון א פעסל ארויס, דערווידערט דער ארבעטער.

— פּאַרוואָס־זשע האָט איר צו דער צײַט ניט אַ קוק געטאָן אין צעטל פֿון די ווײלער? — האָט מים פאָרוואורף כלאָפּושקינאַ אַ זאָג געטאָן.

— ווען האָב איך צײַט אין די צעטלען אַרײַנצוקוקן? איך אַרבעט אין דער באַטאַגיקער וואַכטע, מיר האָבן קײן צײַט ניט אין אײַערע צעטלעך אַרײַנצוקוקן... מיר זײַנען דאָ אײנע נאַבאַלדינס אפֿן גאַנצן פֿאַרשטאָט, פֿרעגט בא וועמען איר ווילט. דער שמיד נאַבאָלדינ... איוואַן יאַקאָווליעוויטש, — איז ער באַשטאַנען אפֿ זײַנס.

— גוט, באַקומט אַ בלאַנק... — אפֿ כלאָפּושקינאַס פּאָנעם איז דורכגעלאָפֿן אַ לײַכט שמײכעלע. — שטעלן דאַרפֿט איר נאָר אַ נומער, איר ווייסט?

— איך וועל ניט צעפּלאָנטערן, זײַט רויק, פֿריילן...

— איך בין ניט קײן פֿריילן, — האָט אַ זאָג געטאָן כלאָפּושקינאַ און איז רויט געוואָרן.

— נו, איז בירגערין...

דער שמיד איז אָפּגעטראָטן פֿון טיש, אופֿמערקזאַם באַטראַכט די פּען, אַ רײניק געטאָן זי אָן זײַנע קױף־שוואַרצע האָר, דערנאָך, אַ קרים טוענדיק זיך אפֿ כלאָפּושקינאַ און לענען, האָט ער זיך אָפּ־געצאַמט פֿון זײ מיט דער הילף פֿון זײַן מעכטיקער פּלײצע און אוועק־געשטעלט אַ ציפֿער.

— נו זאָל זײַן מיט גליק... — דער שמיד האָט מיט זײַנע ריזי־קע שוואַרצע פֿינגער געפּאַסן און אַקוראַט אַרײַנגערוקט דאָס צונויפֿ־געלײגטע אין פֿירען בויגעלע פּאַפּיר אין קאַסטן אַרײַן און אַרײַנגע־קוקט מיט אײן אויג אין שפּעלטל, — מע זעט עס ניט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ ברייטן שמײכל, אָנטוענדיק דאָס היטל. — צום ווידערזען!...

— אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס פֿאַר אַ נומער האָט ער גע־שטעלט, עמעס? — האָט לענע אַ שעפּטשע געטאָן.

— יאָ...

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן אַ קלײנוווקסיקע דיקינקע אַל־טיטשקע אין אָפּגעטראָגענע שיך, אין אַ שוואַרץ טיכל און אין אַ וואַטאָוון לײַבל.

— דאָ, צי ווו קלײַבט מען דאָרט? — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן מיט אַ שולדיקן שמײכל, אומקוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן.

— דאָ, דאָ, באָבעשי, קומט אהער... ווי רופט מענ אײַכ?
— נאבאָלדינא יעוודאָקסיא.
— אונ לויטנ פאָטערס נאָמענ?
— אונ לויטנ פאָטערס נאָמענ — סערגײַעװנא.
— דאָס איז אײַער זונ געװענ, צי װער?
— מײַנ זונ, מײַנ זונ... — האָט זיכ די אלטיטשקע דערפרײט.
— װי־זשע האָט איר אזא גרויסנ יונג געהאט? — האָט זיכ כלאָ־פושקינא ניט געקאָנט אײַנהאלטנ.
— װאָס אנ עמעס איז אנ עמעס... גרעסער פאר אימ איז אינ גאנצנ פאָרשטאָט ניטאָ, — האָט זיכ פארשעמט צעשמײכלט די אלטע, צודעקנדיק דאָס מויל מיט א װינקל טיכל.
— בא אײַכ איז דאָרט א פלאָנטער אינ אדרעס...
— אָט, אָט, ער האָט אונדז שוינ אויכ דאָס זעלבע געזאָגט... אונ װי מאָדנע דאָס איז, אז מיר, די נאבאָלדינס, װױנענ שוינ דאָ פער־ציק יאָר אינ דעמ דאָזיקנ פאָרשטאָט, בא װעמענ דו זאָלסט ניט א פרעג טאָנ, יעדער אײנער װעט דיר אָנװײַזנ... מאמעש ניט צו פארשטײנ... דאָ זײַנענ דאָכ אלע נײַגעקומענע אהער, אונ מײַנער, אָלעװאשאָלעמ, האָט נאָכ פאר די װארשטאטנ דאָ אינ דער קוזניע געארבעט, — האָט די בארײדעװדיקע אלטיטשקע גערנ געגעבנ צו דערקלערנ.
— לענע, דו האָסט אָפגעמערקט?.. נעמט א בלאנק. איר זײַט א גראמעטנע?
— װי קומט צו מיר גראמעטע! איכ האָב זיכ שוינ געװאָלט אויס־דרײענ דערפונ, האָט ער מיכ א גאנצע װאָכ געלערנט, װי איכ זאָל דעמ „פיר” אוועקשטעלנ. „דו זע נאָר, — זאָגט ער, — צעפלאָנטער ניט”... מאמעש א געלעכטער!
— װענ דעמ האָט איר קײנ רעכט ניט צו דערצײלנ, די אָפּ־שטימונג איז א געהײמע, — האָט כלאָפושקינא א זאָג געטאָנ אונ פארביסנ א ליפ, אז זי זאָל זיכ ניט צעלאכנ. — גײט צו יענעמ טיש אונ שרײַבט אָנ...
די אלטיטשקע האָט זיכ לאנג געפאָרעט באמ טיש.
— װאָס טאָנ דערמיט איצטער? — האָט די אלטיטשקע א פרעג געטאָנ אונ דערלאנגט כלאפושקינא א ניט צונויפגעלײגט צעטל אונ די פענ.
— די פענ לײגט אנידער צוריק אפנ אָרט, אונ דאָס צעטל לײגט צונויפ אונ לאָזט אראָפ אהינ אינ דער שפארונקעלע...

— אונ דער טינט וועט זיכ ניט צעלמירנ דארט? — האט אומרויק די אלטע א פרעג געטאנ.

— לעשט אפ מיטנ לעשער...

— אט האט זי אלעמענ ארויסגעגעבנ!.. — האט זיכ לענע צעלאכט, ווענ די אלטיטשקע איז ארויס (אונטערנ נומער 4 איז געגאנגענ דאס צעטל פונ די פראפעסיאנעלע פאריינענ) — די גאנצע מישפאכע ארויסגעגעבנ! דו ווייסט, אינ צעטל שטייענ דאכ נאכ זיבנ נאבאלדינס!..

כלאפושקינא האט מיט אנ איינגעהאלטענעמ שמייכל זיכ אפגעקערט. זיי האבנ דורכגעלאזט נאבאלדינס ווייב, דערנאכ דעמ גאנצנ יונגנ דאר נאבאלדינס.

א שיינ שווארצכיינעוודיק באכערל אינ גלאנציק אויסגעפוצטע שטיוול, מיט א קעפי אפ דער זייט, מיט א רויט בלימל אינ לאצ איז בריית צוגעגאנגענ צו דער אורנע.

— נאבאלדינ איוואנ איוואנאוויטש, — האט ער היימיש א זאג געטאנ, א קוק טוענדיק אפ לענענ פונ דער זייט מיט זיינע שפילעוודיקע שווארצע אויגנ. — וויאמאטשנאיא, 18, נאר דער אדרעס איז בא אייכ צעפלאנטערט... זייט אזוי גוט, א בלאנק...

— נאבאלדינ פיאדאר איוואנאוויטש... ווענג אדרעס איז שוינ אלצ באקאנט... אהער ווארפנ, צי וואס?..

אונ דער צווייטער נאבאלדינס זונ, אויכ אזא שווארצכיינעוודיקער, נאר עלטער א ביסל, האט אויכ א בליק געווארפנ אפ לענענ אונ אויסגעפילט זיינ „בירגער-כויוו.״

— דא וועט מיינ ווייבל באלד קומענ צו גיינ, — האט ער א זאג געטאנ מיט א פארשעמטנ שמייכל, פארהאלטנדיק זיכ בא דער טיר, — איז איר, זייט שוינ אזוי גוט, אונ גיט איר צו דערקלערנ, וואס אונ ווי, מאכמעס זי איז בא מיר זייער א שרעקעוודיקע, מאמעש אנ אומגליק...

נאר, ווייזט אויס, אז מיט נאבאלדינס ווייבלעכ האט זיכ עפעס א פלאנטער באקומענ, מאכמעס אינ צימער האט זיכ ווי א ווינט ארייננגעריסנ א רויטע בייזערדיקע ארבעטערקע מיט גרינע אויגנ.

— דא, צי ווו נעמט מענ די בלאנקענ... מילטאנעס האט מענ דא אויסגעשטעלט, קוימ, וואס מענ דערשלאגט זיכ צו אייכ!.. נאבאלדינא קאטערינא... איכ בעט אייכ נאר, מאכט עס גיכער א ביסל,

מאכמעס די ראָשטשינע וועט בא מיר אויסלויפנ, — האָט זי זיכ צעטײַנעט מיט א שארפער, שרײַענדיקער שטימ. — אויכ מיר וואלנ ווערט עס אָנגערופנ: קיינ מעל, קיינ צוקער — ניטאָ, אבי מענ אָרדנט אײַנ וואלנ!.. מילטאָנעס אָנגעשטעלט...

זי האָט מיט קאס א שטופ געטאָנ דאָס צעטל אינ קעסטל ארײַנ אונ פונקט אזוי האסטיק, ווי זי איז ארײַנגעקומענ — ארויסגעלאָפנ, צעלאָזנדיק אינ א פאָכער איבערנ צימער אירע, וויניקסטנס, פיר קליידלעכ.

— נאבאָלדינ נ. אי., א שלאָסער... אָדער דאָס איז ניט וויכטיק?.. איכ דאנק אײַכ שיינ, — האָט א זאָג געטאָנ נאבאָלדינס דריטער זונ, נעמענדיק דעמ בלאנק. — מע דארפ אומבאדינגט מיט טינט, אָדער מע קאָנ מיט אנ אייגענעמ כימישנ בלײַער?

— נאבאָלדיא פיאָקלא... יאָ, אנדרייעוונא...

דאָס איז געווענ א דיקינק ווײַבעלע, זי האָט שווער געאָטעמט, זיכ באגאָסנ מיט שוייס, געקנייטשט אינ האנט דאָס נאָזטיכעלע.

— גיט־זשע מיר צו דערקלערנ, מאכמעס איכ בינ אופגערעגט אזוי, נו, מאמעש, אזוי שטארק!..

צומ סאָפ איז געקומענ א מאָגערינקע שווארצכיינעוודיקע מיידעלע מיט גרויסע הענט, מיט א טיכל, וואָס איז איר אראָפגעפאָרנ אפ דער פאָטיליצע:

— נאבאָלדינא אניא... דאָס הייסט אנא איוואנא, — האָט זי זיכ פאריכט מיט א דינינק קעלכל אונ איז רויט געוואָרנ

נאָכ דער מישפאָכע נאבאָלדינ זײַנענ געקומענ אנדערע מישפאָכעס, נאָר אזעלכע גרויסע איז שוינ מער ניט געווענ. ווײַזט אויס, אז די, וואָס זײַנענ דורכגעגאנגענ די ערשטע, האָבנ געגעבנ צו וויסנ די איבעריקע וועגנ דער אָרדענונג פונ די וואלנ: די באלאָטירונג איז אוועקגעגאנגענ לעבעדיקער. לענע האָט זיכ ארײַנגעצויגנ אינ דער ארבעט אונ אופגעהערט זיכ צוקוקנ צו די פענעמער.

שפעטער א ביסל האָט זי זיכ פארקוקט אפ א שיקערנ. אימ איז, ווײַזט אויס, א לאנגע צײַט אויסגעקומענ זיכ פארשטעלנ אלס א ניכטערנ, קעדיי מע זאָל אימ אהער ארײַנלאָזנ; לויט דער אינערציע איז ער אהער, צו דער אורנע אויכ צוגעקומענ מיט א פעסטנ טראָט אונ מיט זעלבסטווירדע. אינ הויכע שטיוול אינ א פארסמאָלצעוועטנ אונ פארויכערטנ פילצענעמ הוט, וואָס איז ענלעכ געווענ

אפ א העלמ, מיט א פּאָר גרויסע דיקע און גלײַכע געלע וואָנצעס און א מעכטיק שפּאניש בערדל איז ער עגלעכ געווענ אפ א סאָלדאט פונ „וואלפענשטײנס לאגער". ווענ ער האָט דערזענ די צוויי מיידלעכ, האָט ער זיכ א פארכידעשטער אומגעקוקט אינ די זײַטנ און, ניט טרעפנדיק דאָ קיינ מיליציאָנער, איז ער זייער שטארק בייז געוואָרנ.

— אזוי, — האָט ער א זאָג געטאָנ, אָנצינדנדיק זיכ, — אזוי !.. — און א זעצ געטאָנ מיטנ פויסט איבערנ באריער. — זיי מיינענ, אז מיר וועלנ אונדזער וואָרט ניט זאָגנ ?.. ניי־יינ, ליבע הערנ מײַנע, ניי-יינ... — ער האָט א דראָע געטאָנ מיט א פינגער. — מיר וועלנ נאָכ פונ אײַכ שינדנ א פעלכל... מיר ! — האָט ער א געשריי געטאָנ און א זעצ געטאָנ זיכ מיט א פויסט אינ דער ברוסט. — מיר זײַנענ מע־טאלגיסער !..

— ער איז פולשטענדיק שיקער, — האָט לענע א שעפּטשע געטאָנ. — צי לוינט גאָר אימ ?..

— איכ בינ זיכער, אז ער וועט קיינ מאָעס ניט האָבנ, — האָט כלאָפּושקינא קאלט א זאָג געטאָנ. — בירגער, אויב איר ווילט ניט אונ־טערפירנ אײַערע כאווירימ — כלאָפּושקינאס שטימ האָט לײַכט א ציטער געטאָנ, — איז הערט אופ שרײַענ און רופט אָנ אײַער נאָמענ און פאמיליע און דעמ אדרעס... איר האָט מיכ פארשטאנענ ?

— איכ האָב אײַכ פארשטאנענ, פולשטענדיק האָב איכ אײַכ פאר־שטאנענ... די כאווירימ, ריכטיק... — ער האָט צושטימענדיק א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ, — דאָס איז זייער ריכטיק... מיר וועלנ זיי פונ דער טפיסע באפרײַענ...

ער האָט אָנגערופנ זײַנ פאמיליע, באקומענ א בלאנק און א ווײַלע אימ באטראכט.

— איכ אנטשולדיק זיכ, אָט-אָ־דאָ ? — האָט ער פארשעמט א זאָג געטאָנ, טײַטנדיק מיט א פינגער אינמיטנ בלאנק.

— גאנצ ריכטיק.

ער האָט אוועקגעשטעלט א ציפער, ארײַנגעשטופּט דאָס צעטל אינ קעסטל ארײַנ, אראָפּגענומענ זײַנ העלמ, שטומ פארנייגט זיכ פאר כלאָפּושקינא ביז דער סאמע ערד, אָנגעטאָנ צוריק דעמ העלמ און איז ארויס פונ צימער, האקנדיק פעסט מיט די שטיוול.

„ניט זייער שטארק היט זי אָפּ די אינסטרוקציע", — האָט מיט א מיטפילנדיקנ שמייכל לענע א טראכט געטאָנ.

אָפּט האָט לענע באמערקט, אז צווישן די, וואָס גיבן אָפּ זיי־ ערע שטימען, טרעפן זיך מענטשן, וואָס זײַנען פּערזענלעך באקאנט מיט כלאָפּושקינא. די דאָזיקע האָבן פריילעך אָדער מיט אכטונג בא־ גריסט זיך מיט איר, און ווען זיי פלעגן אראָפּלאָזן זייערע צעטלען, האָבן זיי געשמייכלט, אָדער אונטערגעווונקען צו כלאָפּושקינא: „קוק, הייסט עס, ווי די ארבעט גייט!“ א יונגער ארבעטער אין א העמדל, מיט א שראַם אפן דער גאנצער באַק, האָט זיך געפּרוווט שמועסן מיט איר, נאָר זי האָט געמאכט א שטרענגן פּאָנעם און געוואָרנט אים מיט אן אויפגעהויבענעם פינגער.

— זייער א נייטיקע זאך, סאָניא, — האָט ער א זאָג געטאָן, קוקנדיק פון א זײַט אפן לענען.

כלאָפּושקינא האָט אויך זײַטיק א קוק געטאָן אפן לענען, אָפּגע־ טראָטן מיט אים אין א ווינקל און געסוידעט זיך דאָרטן.

— ...אלע דורכגאנגענע איז געלונגען צו פאַרלייגן, כאָטש די מיליציע צעטרײַבט... — האָט לענע מיטן שפּיץ אויער געכאפּט. — ...ער־ גער פון אלץ איז בא אײַך, אין טויבנטאָל...

— דאָרט ווינען דאָך דורכויס קליינבירגער... — האָט כלאָפּוש־ קינא געענטפערט.

— איז ביז מאָרגן...

— ביז מאָרגן...

„וואָס פאַרא דורכגאנגענע?..“ לענע האָט דערשפּירט, אז ארום איר ווערט אָפּגעטאָן א סאך אזוינס, וועגן וואָס זי ווייסט ניט און וואָס זי באנעמט ניט. צו וואָס, לעמאָשל, האָבן אלע ארבעטער פון סאמע אינדערפרי אָן זיך צונויפגעזאמלט ארום דעם וואַל־באצירק, ווען זיי וואָלטן געקאָנט רויִק ווארטן אפן זייער ריי אין דער היים? זי האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן דעם געשפּרעך פון די ארבעטער, וואָס זי האָט געהערט אפן פּלאץ וועגן קרעמער.

עס איז שוין לאנג אדורך די מיטיק־שאָ, די וואַל־צעטלען זײַ־ נען שוין אפן דער העלפט געוואָרן אָפּגעצייכנט מיט ציילעמס און פאַר־ סמאָלעוועט דורך לענעס פינגער, און פון פּלאץ האָט זיך נאָך אלץ דערטראָגן אהער דער טומל פון צונויפגעזאמלטן עולם, די וויי־ לער האָבן קעסיידער געהאלטן אין איין פאַרבײַגיין פאַר דער אור־ נע, און לויט די קליידער זייערע און געשפּרעכן האָט לענע באמערקט, אז דאָס זײַנען אלץ ארבעטער, כאָטש אין ראיאָן פון צווייטן טײַכל

האָבנ אויכ געלעבט א היבש ביסל קרעמער, אָנגעשטעלטע, גערטנער.
„ער וואָלט געגאנגענ, האָט ער אָבער מוירע, אז מיר וועלנ די צור־רעס צעפראסקענ, אונ די הויפּטזאכ, ער האָט טאקע קיינ טאָעס ניט...״ — האָט זיכ ווידעראמאָל לענע דערמאָנט.

— סאָניא, דו באמערקסט, אז צווישנ די ווילער איז נאָכ ניט געווענ קיינ איינ קרעמער אָדער קאָנטאָרשטשיק, אלצ ארבעטער אונ ארבעטער?

כלאָפּושקינא האָט פלינק אומגעדרייט איר קאָפּ צו לענענ אונ עטלעכע ווײַלעס פאָרשנדיק געקוקט אפ איר,

— ניינ, איכ האָב עס ניט באמערקט, — האָט זי א זאָג געטאָנ, פינטלענדיק מיט אירע ווײַסע וויִעלעכ, אונ אָפּגעקערט זיכ פונ איר. — אונ דאָס איז ניט אונדזער זאכ, — האָט זי טרוקנ צוגעגעבנ.

„ווער־ווער, נאָר דו ווייסט זיכער דערפונ בעסער איידער עמע־צער אנדערש״... לענע האָט מיט טרויעריקנ פארדראָס באמערקט, אז כלאָפּושקינא טרויט איר ניט.

„וואָס האָט זי איבערגעלעבט אונ וואָס האָט זי פארזוכט אזוינס, וואָס האָט זי אזוי שטארק געביטנ, פונוואנענ האָט זיכ גענומענ צו איר די דאָזיקע שטײַפקײַט? — האָט לענע געטראכט. — יאָ, זי איז גע־ווענ שוצלאָז אונ דערנידעריקט אונ אָט האָט זי זיכ געפונענ. כאָטש אלצ אינ דער וועלט איז געווענ קעגנ איר, אונ איכ... — לענע האָט זיכ דערמאָנט דאָס אלצ, וואָס איר שטייט נאָכ פאָר, אונ דאָס געפיל פונ איר אייגענער אומגליקלעכקײַט האָט איר אזוי שטארק צונויפגע־דריקט דאָס הארצ, אז אינ די אויגנ זײַנענ איר טרערנ אָנגעלאָפנ.



ארום פינפ אזייגער פארנאכט האָבנ דעמ וואל־באצירק באזוכט צוויי מיטגלידער פונ דער וואל־קאָמיסיע. זיי זײַנענ געקומענ צו פאָרנ אפ אנ אווטאָמאָביל אונ לאנג האָט געהודושעט דער שאָפער, ביז דער אוילעמ האָט זיי דורכגעלאָזט.

— דער טײַוול ווייסט וואָס בא אײַכ טוט זיכ דאָ! עפּעס א מיטינגאָוושטשינע! — האָט געשריִענ איינער פונ זיי בייס דער צוויי־טער האָט באקוקט די פלאָמבעס, די שטעמפּלענ אונ די צעטלענ, — איר גיט א מאָטיוו צו קאסירנ! איר ווייסט עס?

— אײַך דאַרף זײַן באַוווּסט, אַז קײן מיליצײַישע פליכטן גײען ניט אַרײַן אין קרײַז פון אונדזער אַרבעט, — האָט כלאָפּושקינא קאַלט געענטפערט, גלײַכגילטיק מיט אַ ציטערנדיקער האַנט אירע העלע האָר, — און בכלל האָט איך ניט פאַר מעגלעך צו רײדן מיט אײַך, װען איר װענדט זיך צו מיר מיט אַזאַ מין טאָן...

— מיט װעלכן טאָן? גאָט מײַנער, װאָס האָט דאָ צו טאָן דער טאָן, װאָס פאַר אַ טאָן קאָן דאָ זײַן!..

אַפּן שטערן באַם מיטגליד פון דער װאַל-קאָמיסיע האָבן זיך באַוויזן קנײטשן. ער האָט אַראָפּגענומען זײַן האַרטן הוט און מיט אַ נאָזטיכל גענומען זיך װישן דעם פאַרשװיצטן פּליך.

— װער האָט אײַך רעקאָמענדירט?

כלאָפּושקינא האָט זיך פאַרלאָרן אַף אַ רגע, — אירע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט לענעס מיטפילנדיק-פרעגנדיקן בליק.

— מיך האָט רעקאָמענדירט גימער, — האָט כלאָפּושקינא אומדערװאַרט אַ זאָג געטאָן.

— אַזוי גאָר!

דער מיטגליד פון דער װאַל-קאָמיסיע האָט אופגעהערט װישן זײַן פּליך.

— און װער איז עס מיט אײַך? — האָט ער פּאָרזיכטיק אַ פרעג געטאָן, אָנװײַזנדיק מיטן נאָזטיכל אַף לענען.

— דאָס איז יעלענע גימער, — האָט דײַטלעך כלאָפּושקינא אַ זאָג געטאָן און אַראָפּגעלאָזט אירע װײַסע װיִעלעך.

— אַזוי גאָר! סעמיאָן יאַקאָװלעװיטשעס אַ טאָכטער?..

דער מיטגליד פון דער װאַל-קאָמיסיע האָט זיך דורכגעװאָרפן מיט אַ בליק מיטן צװײטן מיטגליד פון דער װאַל-קאָמיסיע, און אַף די פּנעמער פון די בײדע מיטגלידער פון דער װאַל-קאָמיסיע האָט אַ שײַן געטאָן אַ שמײכל פול מיט ליבנסװירדיקער אַכטונג.

— עס פרײט מיך זײער צו באַקענען זיך מיט דער טאָכטער פון געאַכטן סעמיאָן יאַקאָװליעװיטש, — האָט שמעלצנדיק זיך אײַן אַ שמײכעלע אַ זאָג געטאָן דער ערשטער מיטגליד פון דער װאַל-קאָמיסיע און אַריבערגערוקט זײַן פאַרשטױבטן הוט אַפּן בײַן פון עלנבויגן. — און נאָך אָנגענומער איז צו זען זי בײַ דער אויספילונג פון די בירגערלעכע פליכטן... איך פיל זיך שטאָלצ... כע-כע...

לענע האָט שטום, ניט באַגריסנדיק זיך, געקוקט אַף אים.

— כע-כע... נו, וווּנדערלעכ... איר האָט געענדיקט, סערגיי סערגייעוויטש?

— אלצ איז אינ א מוסטערהאפטער אָרדענונג, סערגיי פעטראָוויטש!

— דעריינ האָט מענ גאָרניט געטאָרט צווייפלענ... וווּנדערלעכ, וווּנדערלעכ. איכ זאָג נאָכאמאָל... עס פרייט מיכ זייער-זייער...

אוןביידע מיטגלידער פונ דער וואל-קאָמיסיע, שמייכלדיקע, צעשמאָלצענע, רוקנדיק זיכ מיט די הינטנס צום ארויסגאנג און נייגנדיק זיכ, האָבנ פארלאָזט דעמ וואל-באצירק.

לענע האָט ניט געוואָלט אויסזענ אינ כלאָפּושקינאס אויגנ אלס א צו נייַגעריקע, האָט זי דעריבער איצט ניט געקוקט אפ איר, געוואַרט, אז זי וועט איר אליינ אלצ געבנ צו דערקלערנ, אָבער כלאָפּושקינא האָט מיט דעמ זעלבנ קאלטנ און שטרענגנ אויסדרוק פאַרגעזעצט איר ארבעט און האָט, ווייַזט אויס, ניט געקליבנ זיכ געבנ וואָס-ניט-איז צו דערקלערנ לענען.

עס זייַנענ דורכגעגאנגענ איינער נאָכנ אנדערנ עטלעכע קאָרייִשע ארבעטער מיט רוסישע נעמענ און קאָרייִשע פאמיליעס, א בלאָנדער לעט מיט א פּיפּקע אינ די ציינ, עטלעכע רוסישע ארבעטער און ארבעטער קעס, עפּעס איינער אנ אמעריקאנער אינ א ברוינעמ דזשעמפּער, א באיאָרנטע יידישע ארבעטערקע — זייַנ ווייַב.

פונ לאנג זיצנ אפ איינ אָרט זייַנענ בא לענענ פארכאלעשט געוואָרנ די פיס, עס האָט וויי געטאָנ דער קרייצ; די הענט זייַנענ שטארק פארשמוציקט געוואָרנ; זי האָט געפילט, אז די האָר זייַנענ בא איר צעפּאלנ געוואָרנ, נאָר זי האָט זיכ געשעמט א קוק טאָנ אינ שפּיגעלע. און די ארבעטער ווײלער זייַנענ אלצ געגאנגענ און געגאנגענ, און אינ פענצטער, פונוואנענ עס האָט שוינ איצט געטראָגנ מיט אָוונט-קילקייַט, האָט זיכ נאָכ אלצ געהערט דער טויבער, ניט אייַנשטילנדיקער זיכ געטומל פונ אוילעמ.

„אז זי קוקט גאָרניט אינ מייַנ ווינקל און זי באדארפ מיכ ניט", — האָט מיט אומעט לענע א טראכט געטאָנ. איר איז געוועזנ אומעטיק ניט דערפונ, וואָס כלאָפּושקינא, ניט געטרויענדיק איר, האָט געפונענ פאר מעגלעכ אויסצוניצנ זי צוליב אירע ציִלנ, נאָר דערפונ, וואָס כלאָפּושקינא האָט איר ניט געטרויט אויכ איצט, נאָכ דעמ, ווי לענע האָט איר ארויסגעוויזנ איר מיטגעפיל. אלע מענטשנ, וואָס זייַנענ פאר-

בײַגעגאַנגען פֿאַרבײַ דער אורנע, זײַנען געווען עפּעס ווי פֿאַרבונדן צווישן זיך מיט אַן אומפֿאַרשטענדלעכער פֿאַר לענען האַרבער און וואַרעמער פֿאַרבונדקײַט, און כלאָפּושקינאַ איז אויך געווען אײַנגעשלאָסן אין דעם דאָזיקן בונד, און נאָר זי, לענע, האָט ניט געקאָנט אַרײַנדרינגען אין אָט דעם בונד און ניט געזען קיינע שום וועגן, דורך וועלכע זי זאָל כאָטש ווען-עס־איז קאָנען אַרײַנדרינגען אַהין.

— אַ, איגנאַטיעוונאַ!... — כלאָפּושקינאַס פּנים האָט זיך באַשײַנט מיט אַ קינדערשן שמייכל. — און איך האָב שוין געמיינט, אַז דו ביסט קראַנק געוואָרן.

— קום אַף דער רײ זיך דערוואַרט...

אַ ברייטביינערדיקע דיקע פֿרוי פֿון אַ יאָר פֿינף און פֿערציק, שפּאַנענדיק אַף אירע געשוואָלענע, ברייט פֿאַנאַנדערגעשטעלטע פֿיס, ווי אַף טומבעס, איז צוגעגאַנגען צו דער אורנע. אין דעם געשוואָלענעם, עטוואָס באַדעקטן שוין מיט קנייטשן פּנים פֿון דער פֿרוי און אין דער גאַנצער שווערער פֿיגור אירער איז געווען עפּעס אומהאָפּטיק באַקאַנטס פֿאַר לענען.

— איך האָב דיר געבראַכט עסן, — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט איר נידעריקער הייזעריקער שטים און דערלאַנגט כלאָפּושקינאַ אַ פּעקעלע. — כ׳האָב פֿריִער מיט עמעצן געוואָלט עס איבערגעבן דיר, האָב איך זיך בעשום־אופֿן ניט געקאָנט דערלאַנגען אַהער...

— אַ דאַנק, איגנאַטיעוונאַ, — כלאָפּושקינאַ האָט גענומען דאָס פּעקעלע. — אָט האָסטו אַ בלאַנק... לענע, מערק אָפּ סורקאָוואַ, מאַריאַ איגנאַטיעוונאַ...

לענע האָט נידעריק אָנגעבויגן איר קאָפּ איבער די צעטלען. די כאַרפּע־פֿאַרב האָט, ווי אין דער קינדהײַט, באַגאָסן דאָס גאַנצע פּנים און האַלדז אירן. לענע האָט געפֿילט, אַז סורקאָווס מוטער קוקט אַף איר.

— אײַער אַדרעס? — האָט קוים הערבאַר לענע אַ פֿרעג געטאָן.

— פּריִאָוואָראַזשנאַיאַ, 40... ווער ווייס עס שוין איצטער ניט אונדזער אַדרעס, — האָט מיט אַ זיפֿץ סורקאָוואַ אַ זאָג געטאָן. — ווער דערזשורעט עס דאָ מיט דיר? — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן בײַ כלאָפּושקינאַ.

לענע האָט זיך אָנגעבויגן נאָך נידעריקער, אײַנגאַנצן אַרײַנגענומען דעם קאָפּ אין די אַקסלען.

— לענע קאָסטענעצקאַיאַ — צוזאַמען אין גימנאַזיע זיך געלערנט, — האָט רויִק כלאָפּושקינא געענטפערט.

לענע האָט געהערט, ווי סורקאָווא איז שווער אוועק צום טיש, אַ פּאָרע געטאָן זיך דאָרט און צוריקגעקערט זיך צו דער אורנע.

— בײַ מיר איז נײַס דאָ, — האָט זי הייזעריק אַ זאָג געטאָן, שטופּנדיק דאָס צעטל אין דער אורנע, — איך קום הײַנט אינדערפרי אין מיל, — דאָרט איז געווען אונדזער זאַמל־פּונקט, — איך זע, מע האָט אַרויסגעהאַנגען אַ צעטל פון די אָפּגעזאָגטע פון דער אַרבעט, אַ מאָל פּונקט. אפן ערשטן אָרט — איך...

— דאָס איז דאָך גימערס מיל! — האָט כלאָפּושקינא מיט אַ שאַרפער שטים אַ פרעג געטאָן.

— זײַנע, — צי דו ווייסט ניט... אפן צווייטן — כרושטשאָווא, אפן דריטן — גאַלקין...

— כרושטשאָווא פאַרוואָס?

— פאַרן מאַן, קלאָר פאַרוואָס...

— וואָס־זשע וועט זײַן מיט דיר איצט?

— איך וועל ניט פאַרפאַלן ווערן... איך וועל וואַשן. זײַ געזונט דערווײַל. קום אַרײַן...

סורקאָווא איז שווער שפּאַנענדיק מיט אירע געשוואָלענע פיס אוועק.

— לענע, נעם דײַן פּאָרציע...

כלאָפּושקינא האָט דערלאַנגט לענען צוויי בוטערבראָדן.

— אײַער פאַמיליע?

— מיוריסען, איוואַן ערנעסטאָוויטש, — האָט עמעצער געענטפערט מיט אַ שטאַרקן עסטלענדישן אַקצענט.

לענע, אַ רויטע פון דערנידערונג, קײַענדיק מיט גרויס מי דעם אָדערדיקן ווורשט, האָט זיך אָנגעבויגן איבערן צעטל און לעבן איוואַן ערנעסטאָוויטשן אוועקגעשטעלט אַ צייל...

## 38

שפּעט אין אָוונט איז נאָך דער אורנע געקומען אַ מיטגליד פון דער וואַל־קאָמיסיע. דער פאַרמאַכטער „לאָקאָמאָביל", נאָך וועלכן עס זײַנען נאָכגעלאָפן ייִנגלעך און הינט, האָט זיי געפירט איבער טונקעלע, קרומע פאָרשטאָט־גאַסן. די אַרבעטער זײַנען מיט אַ געזאַנג זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען פון פּלאַץ. בײַ די טויערן און אויף די ראָגן גאַסן

האָבן זיך געטונקלט גרופּעס מענטשן, האָבן געפינקלט די פֿײַערלעך פֿון זייערע פּאַפּיראָסן.

דער מיטגליד פֿון דער וואָל-קאָמיסיע איז געזעסן אין אווטאָ־מאָביל די נאָז פֿארשטעקט אין קאָלנער און געדרעמלט. כלאָפּושקינא איז געזעסן א גלײַכע און שטרענגע מיט די הענט אַף די קני. פּאָרויס האָט זיך געהוידעט דעם מיליציאָנערס קאָפּ. דער מיליציאָנער האָט געהאַלטן די אורנע. לענע איז געווען פֿארמאַטערט און עס האָט זי געפּײַניקט הונגער, איבלקײַט און איינזאַמקײַט.

די געלע פֿײַערלעך פֿון די הײַזלעך זײַנען געלעגן צעוואָרפֿן איבער די בערג, צעשאָטן איבער די טאָלן און גריבער און געזונקען אין זייערע טונקעלע טיפֿענישן. די שפּיצן און די רוקנס פֿון די בערג, די פֿאבריק־קוימענס, די דעכער פֿון די געבײַדעס האָבן זיך גע־צייכנט אַפֿן טונקל־בלויען הימל. עס האָט געשײַנט דער לעצטער שוואכער אָפּגלאַנץ פֿונעם זון־אונטערגאַנג. א בלאַסער שטערן האָט זיך א צאַפּל געטאָן אין אווטאָמאָביל־פֿענצטער און פֿארשוווּנדן גע־וואָרן הינטער א שווארצן סילועט פֿון עפּעס א געבײַדע.

לענע האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן לאַנגאָוואָיען. ער איז גע־שטאַנען פֿאַר אירע אויגן, אזא ווי אמאָל אין גאַסט-צימער, אַן ערנס־טער און פֿארומערטער, אין זײַן זײַדן העמדל, פֿול מיט מוטיקער קראַפֿט און ליבע צו איר. זי האָט אים געוואָלט אײַנהיטן אין זיך אין אזא אויסזען און טראַכטן וועגן אים און ווײנען, נאָר זי האָט גע־ווּסט, אז דאָס איז שוואכקײַט און ליגן. אָט האָט זי שוין ווידער געזען זײַן צווייפֿענעמדיק־שמייכלדיקן פּאָנעם אין אווטאָמאָביל לעבן סורקאָוון, אָט האָט זי שוין ווידער געהערט זײַן באַנאַלע פֿראַזע, וואָס ער האָט איר געזאָגט, ווען ער איז ארײַן צו איר. זי איז אויפֿ־געשוידערט געוואָרן פֿון קאַס און דערנידעריקונג, ווען זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט מיט וואָס פֿאַר א הינטישע, איבערגעגעבענע אויגן זי האָט געמוזט קוקן אַף אים, ווען זי האָט זיך אים אָפּגעגעבן.

דאָס געפֿיל פֿון אַן אויסגאַנגלאָזן אומעט, אַן אומעט נאָך עפּעס א גליק, וואָס האָט געקאָנט זײַן און איז ניט געקומען, האָט ארומ־געכאַפּט לענען. מיט אויסגעמאַטערטע אויגן און הענט האָט זי געוואָלט כאַפּן אָט דעם לעצטן וואַרעמען הויך פֿון גליק, און דאָס גליק איז אַלץ ווײַטער און ווײַטער אַוועק פֿון איר, — ווײַזט אויס, אז דאָס איז אויך געווען, — שוואכקײַט און ליגן.

לעבן דער איליומינירטער געביידע פון דער שטאָט־דומע האָט גערוישט אַ אוילעם, וואָס האָט געוואַרט אַף די רעזולטאַטן פון די וואַלן. אַ טראַמוויי־וואַגאָן האָט פּאַמעלעך זיך געריקט צווישן אוילעם אין דער בלוילעכער שייַן פון דער איליומינאַציע און געהאַלטן אין איין קלינגען.

באַ דעם באַלויכטענעם וועסטיביול זייַנען געשטאַנען מאַשינעס, פּאַעטאָנען, דראָזשקעס. לעבן האָט דערקאָנט גימערס „פּאַקאַרד“, וואָס איז געשטאַנען לעבן סאַמע פּאָרטאַל. צוויי שורעס מיליציאָנערן האָבן אָפּגעהיט דעם פּרייַען דורכגאַנג צווישן אוילעם פון גאַס אין וועסטיביול.

אין די פּאַרגאָסענע מיט עלעקטרישער שייַן צימערן און קאָרידאָרן פון דער דומע איז אויך געווען אויסערגעוויינלעך לעבעדיק. גרופּעס דיקע און מאָגערע מאַנצבילען אין רעקלעך און אין שניפּסן האָבן גערויכערט, געהודזשעט און זשעסטיקולירט אין די קאָרידאָרן און אַף די טרעפּ. דורך די אָפּענע טירן פונעם זיצונג־זאַל האָבן זיך געזען רייען ווייַסע קראַגנס, גלייַכע שרונטן און פּליכן. אַ געהויקערט מענטשל אין אַ אַמט־מונדיר, מיט שופּן אַף אַ סאַמעטענעם קעלנערל, מיט אַ פּאָרטפעל אונטער איין האַנט און מיט רעכנביינדלעך אין דער צווייטער, האָט אַריבערגעיאָגט כּלאָפּושקינאַ מיט לענען און פלינק אַוועק מיטן קאָרידאָר.

— דערלויבט, דערלויבט, מייַנע הערן! — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן, שלייַכנדיק זיך צווישן די מענטשן.

לענע האָט אַ פאַרטראַכטע געענטפערט אַף די איידעלע שמייכלען און פאַרנייגונגען פון די באַקאַנטע דומע־מיטגלידער, וועלכע זי איז געוווינט געווען צו זען באַ סערווירטע טישן אָדער אין די גאַסט־צימערן.

אין אופנעם־צימער פון דער וואַל־קאָמיסיע איז געווען טומלדיק, און די לופט איז געווען גרין פון טאַבעק־רויך. די אופגערעגטע און פאַרמאַטערטע באַפולמעכטיקטע, רעפּאָרטיאָרן פון די צייַטונגען מיט נאָטיצביכלעך אין די הענט זייַנען געזעסן אַף די טישן, אַף די פאַנאַנדערגערוקטע אין אומאָרדענונג שטולן, געשטאַנען באַ די ווענט אָדער פּאַשעט אַרומגעשמייַעט איבערן אופנעם־צימער, אָנפילנדיק אים מיט גערייד און מיט קנוילן טאַבעק־רויך. באַם אַרייַנגאַנג אין קאַבינעט פון פאָרזיצער איז געשטאַנען אַ פּאָטאַ־אַפּאַראַט אַף דרייַ פיס

צוגעדעקט מיט א שווארצ שטיקל שטאָפּ; לעבנ אפּאראט האָט גע־דרעמלט אינ א שטול דער פאָטאָגראַפ אינ א ווײַסער פּאַנאַמע.

לענע אונ כלאָפּושקינא האָבנ זיכ געזעצט ניט ווײַט פונ דער טיר אפ שטולנ, וואָס עס האָבנ זיי אָפּגעטראָגנ א פּאָר יונגע מענטשנ. פונ קאָרידאָר זײַנענ אלע ווײַלע ארײַנ אינ אופנעמ־צימער מענטשנ אונ צוריק ארויס, האקנדיק מיט דער טיר. לענע איז פונ פּארמאַ־טערטקײַט ווי אײַנגעוויגט געוואָרנ, — עס האָט זיכ איר געדוכט, אז דער שטול אונטער איר ווערט ניט, שווימט ערגעצ אוועק.

— ...ניינ, איר הערט נאָר, וואָס עס האָט זיכ אָפּגעטאָנ אינ קריגס-האפנ! — האָט זיכ דערטראָגנ צו לענעס געהער. — אלע גאסנ אונ געסעלעכ זײַנענ געווענ פּארשטאָפּט מיט אוילעמ, אינ איינ אָרט איז עס אפילע דערגאנגענ צו א געשלעג. מע זאָגט, אז מע האָט פּארווונדעט א מיליציאָנער אונ עס זײַנענ דאָ קאָרבאָנעס צווישנ די ווייבער...

— אויכ מיר ווייבער, ניטאָ וואָס צו ריידנ! דאָס איז א גרונט פּאר א קאסאציע!..

— ...איכ האָב אָנטיילגענומענ אינ די וואלנ נאָכ אינ זיבעצעטנ יאָר — ס'איז גאָרניט צו פּארגלײַכנ: אנ אויסערגעוויינלעכע אקטיווקײַט...

— בא אונדז אינ דער ארבעטער־פּאָרשטאָט האָבנ אָנטיילגענומענ ניט ווייניקער פונ 90%. אונ אלע דערציילנ, אז בא זיי אויכ ניט ווייניקער...

— אפנ צווייטנ טײַכל האָט זיכ עס נאָרוואָס געענדיקט. איר האָט געזענ, ווי מע האָט געבראכט די אורנע? כאָטש מיט איינ אויג ארײַנ־קוקנ אהינ!..

— ...ניינ, איר זײַט א גליקלעכער... גיט נאָר א טראכט: דער צענטער פונ דער סוועטלאנער גאס, די סאמע אָנגעזעענסטע...

— ...אָ, מיט די דאָזיקע אנאלפאבעטנ איז געווענ א מאסע קאָ־מישע עפּיזאָדנ. לעמאָשל, בא אונדז, אפ דער מאטראָסקער גאס גיט איינער א זאָג: „שרײַבט, — זאָגט ער; — פּארנ ארבעטנדיקנ פּאָלק, פּאר דער באָלשעוויצקער פּארטיי אונ פּאר דער סאָוועטישער ראָסיי"... א שרעקלעכער געלעכטער געווענ!..

— ניט שוינ־זשע האָט ער טאקע אזוי געזאָגט? כא-כא־כא!.. אָט בעפּיירעש אזוי האָט ער טאקע געזאָגט?.. כא-כא־כא!..

אָפּט פלעגט זיכ אנ עפּנ טאָנ די טיר פונ פּאָרזיצערס קאבינעט

און פון דאָרט פלעגט א הילך טאָן דער געקלאַפּ פון די שרײַבמאַ־שינקעס, דער קנאַק פון די רעכנבײַנדלעך, און עמעצער פלעגט אַרויס פון דאָרטן; דער פּאַטאַגראַף אין דער ווײַסער פּאַנאַמע פלעגט אין אַזעלכע פאַלן דערשראָקן א הייב געבן זײַן קאָפּ און גלײַך צוריק אײַנדרעמלען. דעם, וואָס איז פון פּאַרזיצערס קאַבינעט אַרויס, האָבן געווײנלעך אַרומגערינגלט די באַפּולמעכטיקטע און די רעפּאָרטיאָרן, נאָר ער האָט בלויז אָדער וויציק זיך אָפּגעשאָקלט פון זיי:

— איך ווייס גאָרנישט, גאָרנישט, מײַנע הערן!..

אָדער:

— עס איז נאָך גאָרניש ניט באַוווּסט, מײַנע הערן!..

איינמאָל האָט זיך אין דער טיר באַוויזן א בלויז גלאַנציק פּאָנעם אין פּענסנע:

— די באַפּולמעכטיקטע פון דער אַלעוטסקער גאַס בעט מען אַרײַן צו דער וואַל־קאָמיסיע!..

לענע האָט א ציטער געטאָן: אַף דער אַלעוטסקער גאַס וווינט דער דאָקטער, בא וועלכן זי איז נעכטן געווען און צו וועמען זי דאַרף מאָרגן גייִן... עס איז מאָדנע געווען צו טראַכטן, אַז דער דאָ־זיקער דאָקטער איז אויך א ווײלער. לענע האָט צוגעדעקט אירע אויגן מיט א האַנט און גלײַך צוריק אַוועקגענומען די האַנט פון דאָרטן און פאַרמאַטערט און נעבעכדיק א קוק געטאָן אַף כלאָפּושקינאַ. כלאָ־פּושקינאַ איז געזעסן א גלײַכע און שטרענגע, פאַרגליווערט געקוקט אַנטקעגן זיך, ווי זי וואָלט געוואַרט אַף עפּעס.

„מאָרגן... מאָרגן... גאָט מײַנער!" — האָט לענע א טראַכט געטאָן.

אין א שטיקל צײַט אַרום זײַנען די באַפּולמעכטיקטע פון אַלעוט־סקער גאַס — א יונגער מענטש מיט אַן אויסזען פון א סעמינאַריסט און א מיידל אין א שוואַרץ היטעלע — אַרויסגעגאַנגען פון קאַבינעט. מע האָט זיי גלײַך אַרומגערינגלט:

— וואָס האָט פּאַסירט?.. איר האָט זיך עפּעס וואָס דערוווּסט? וואָס? וואָס?..

— עפּעס אַן אומגעלומפּערטע זאַך... מע זאָגט, אַז די צאָל צעט־לען שטײַגט אַריבער די צאָל פּאַקטישע ווײלער! וואָס, איך האָב זיי אַליין געשריבן, צי וואָס? — האָט אַן אופגעבראַכטער געטײַנעט דער יונגער מענטש און מיט א ציטערנדיקער האַנט פּאַרגלעט זײַנע לאַנגע סעמינאַרישע האָר.

— אפּ א סאך שטײַגט עס אריבער? — האָט געפרעגט דער רעפּאָרטיער און פלינק עפּעס פארשריבן צו זיך אין ביכעלע אַרײַן.

— סאכאקל אפּ צווײַ צעטלען...

— עפּשער האָט איר פון פארמאטערטקײַט פארגעסן אָפּמערקן וועמען ניט איז אין די צעטלען? — האָט זיך עמעצער געוואָלט אָנשטויסן.

— גאָט מײַנער!.. איך האָב אפּן סאמע אופמערקזאמסטן אויפּן אָפּגעמערקט יעדן איינעם! — האָט אן אופגעבראכטע געגעבן צו דערקלערן דאָס מיידל אין דעם שווארצן היטעלע.

— ס'א ניט אָנגענעמע מײַסע, מע ווערט איבערגעבן צום געריכט פאר אזוינס!..

— גאָט מײַנער, ניט שוין־זשע צום געריכט?

דאָס מיידל אינעם שווארצן היטעלע האָט זיך צעוויינט און גענומען זוכן א נאָזטיכל אין בײַטעלע.

— דאָס איז א מאָטיוו פאר א קאסאציע...

שוין צום דריטן מאָל הערט לענע די דאָזיקע ווערטער: „א מאָטיוו פאר א קאסאציע“, — פונקט ווי די וואלן וואָלטן געווען בלויז דערופ, אז מע זאָל אין זיי קאָנען געפינען א מאָטיוו פאר א קאסאציע.

די טיר פון קאבינעט האָט זיך אן עפּן געטאָן און עס האָט זיך באוויזן דער פּאָרזיצער פון דער וואל־קאָמיסיע, הינטער אים — א לאָמינקער אלטיטשקער מיט א בלויער פּאפּקע אין די הענט, הינטער אים האָבן זיך געזען נאָך עטלעכע אויסגעצויגענע און פארלאָרענע פּענעמער. דער פּאָטאָגראפּ אין דער ווײַסער, פּאנאמע האָט זיך א וואָרפּ געטאָן צום פּאָרזיצער.

— ווו וועט איר באפוילן?.. — האָט ער געהאט א זאָג געטאָן.

נאָר די רעפּאָרטיאָרן און די באפולמעכטיקטע האָבן זיך א יאָג געטאָן, אָפּגעשטויסן דעם פּאָטאָגראפּ, און א פארפלאָנטערטער קנויל מענטשן, וואָס האָט אינמיטן געטראָגן דעם פּאָרזיצער און דעם צעקאסטן לאָמינקן אלטיטשקן מיט דער בלויער פּאפּקע, האָט זיך ארויסגעקוילערט אין קאָרידאָר ארויס. דער פּאָטאָגראפּ האָט א הייב געטאָן איבערן קאָפּ דעם אפּאראט, פארלאָ־ן די פּאנאמע, אָבער געכאפּט זי אינדערלופטן און פארשווונדן געוואָרן אין קאָרידאָר.

פון קאבינעט זײַנען איינער נאָכן אנדערן ארויס מענטשן מיט

אָנגעבלאָזענע און פארשעמטע צורעס. איינער, אין אן אָפּגעטראָגענעם געקעסטלטן רעקל און שווארצע צעקנייטשטע הויזן האָט דערזען כלאָ־פּושקינא און פריידיק א שײַן געטאָן צו איר מיט זײַנע גרויסע אויגן און ציין.

— נו וואָס? ווי? — האָט זי א פרעג געטאָן בא אים, פינטלענדיק מיט אירע ווײַסע וויִעלעכ און אופהייבנדיק זיכ אנטקעגנ אים.

— א פולשטענדיקער זיג, סאָניעטשקא! נאָר, פארשטייט זיכ, זיי וועלנ קאסירנ, — האָט ער שטיל א זאָג געטאָן, אָנבייגנדיק זיכ צו איר. — קום, קום!..

ער האָט זי א כאפּ געטאָן פאר א האנט און אוועקגעשלעפּט מיט זיכ אינ קאָרידאָר.

לענע האָט זיכ אופגעהויבנ פונ איר אָרט און ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ — גיינ מיט זיי, אָדער צוווארטנ דאָ, נאָר אינ דער מינוט איז פונ קאבינעט ארויס דער אלטער שווערער גימער מיט פול אָנ־געגאָסענע מיט בלוט אויגנ, נאָכ אימ האָט זיכ באוויזנ דער נאָכ שווערערער און אלטער סאָלאָדאָווניקאָוו און נאָכ עמעצער. גימער איז געווענ אינ מאנטל, מיטנ הארטנ הוט אינ די הענט.

— דערשפילט זיכ!.. — האָט דער אלטער גימער א זאָג געטאָנ, בייז בלאָזנדיק זיכ.

ער האָט דערזענ לענענ:

— א, דו ביסט דאָ? מיר פאָרנ אהיימ...

ער האָט גענומענ לענענ אונטערנ אָרעמ און, סאָפּענדיק, האָט ער זי אוועקגעשלעפּט איבערנ קאָרידאָר, ניט ענטפערנדיק אפ די באגריסונגענ פונ די באפולמעכטיקטע, וואָס האָבנ פאר אימ א וועג געמאכט.

די מאשינ האָט א ציטערנדיקע און א רעווענדיקע זיכ דורכ־געשטופּט דורכנ אוילעמ און אוועקגעטראָגנ זיכ איבערנ גלאנציקנ אספאלט; א ווארעמער ווינט האָט א בלאָז געטאָנ לענענ אינ פּאָנעמ אריינ.

— דערשפילט זיכ... — האָט דער אלטער גימער ווידעראמאָל א זאָג געטאָנ, אָנרוקנדיק אפ זיכ דעמ הארטנ הוט און אופשטעלנדיק דעמ קאָלנער.

— וואָס איז? דער ארבעטער-צעטל האָט באקומענ מער שטימענ איידער די אנדערע? — האָט געפאסנ לענע א פרעג געטאָנ.

— מער אײדער די אנדערע?.. — גימער האָט א בלאָז געטאָן מיט די ליפּן און א קוק געטאָן לענען גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן. — ער האָט באַקומען די אבסאָלוטע מערהײַט אין דער דומע, אָט וואָס ער האָט באַקומען!..

און גימער האָט זיך שווער אָפּגעוואָרפן מיט דער פּלײצע צום ווענטל.

לענע האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן פּאָטאָגראַפ אין דער ווײַסער פּאַנאַמע און אַפ אירע ליפּן האָט א שפּיל געטאָן א פרײלעך און בײז געלעכטערל.

— איז וואָס־זשע וועט איצטער זײַן?

— וואָס עס וועט איצטער זײַן?.. עס וועט אויסקומען אָט די אַלע נימעסע פּאַרשוינען, די פּלאַפּלער און אײדל־געפּאַטשקעטע אָפּ־ווישן דעם שפּײַ, וואָס זײ האָבן באַקומען גלײַך אין צורע אַרײַן און, צוטשעפּענדיק זיך צו עפּעס א קלײניקײַט, קאַסירן די וואַלן. אָט וואָס עס וועט זײַן!.. כאָטש זאַכלעכע און קלוגע מענטשן האָבן זײ געוואָרנט, אַז איצטער גײען זיך פּאַרנעמען מיט וואַלן איז א נאַריש־קײַט, מאַניִלאָווטשינע, א פּאַרברעכן! זײ, פּאַרשטײט איר מיך, האָבן געפּאַיאַצעוועט, אַז זײ רײדן אין נאָמען פון פּאָלק, און דאָס פּאָלק, וואָס אַנערקענט נאָר קויעך, האָט זײ געגעבן מיט א קני אין הינטן אַרײַן, האָט זײ א כראַקע געטאָן גלײַך אין צורע אַרײַן, גלײַך אין צורע אַרײַן!..

גימער האָט שיר ניט געשריִען.

לענע האָט פּאַרמאַטערט און מיט עקל געקוקט אַפ אים.



— איר האָט זיך גוט אָפּגערוט? דער פורמאַן איז שוין דאָ, נאָר אויב איר פילט זיך שוואַך, קאָנט איר נאָך ליגן א ביסל, ער וועט צוואַרטן.

— איך דאַנק... איך וועל פאָרן.

די „שוועסטער" האָט געהאָלפן לענען זיך אָנטאָן.

— מאָדנע, וואָס אײַער מאַן אָדער... אַנטשולדיקט... איז ניט געקומען נאָך אײַך. אָך, די דאָזיקע מאַנצבלען! אַפילע די סאַמע געטרײַע צווישן זײ שטעלן זיך ניט פאָר, ווי שווער דאָס איז.

— ער איז א מיליטער־מאַן, ער האָט זיך ניט געקאָנט באַפרײַען.

— פארענטפערט אימ ניט, אלע זײַנען זיי אזעלכע!.. ווענ דאָס האָט צומ ערשטנ מאָל פּאסירט מיט מיר, האָט זיכ מיר אויסגעדוכט, אז איכ וועל אימ אָנקוקנ ניט וועלנ, אָבער עס איז ניט אדורכ קיינ דרײַ כאדאָשימ, ווי עס האָט ווידעראמאָל פּאסירט דאָס זעלבע. מיר, פרויענ, זײַנענ גרייט פאר א ביסל צערטלעכקײַט אלצ אוועקגעבנ, אונ די מאנצבלעכ זײַנענ אָנ הערצער. דערלויבט, איכ וועל אײַכ העלפנ...

זי האָט גענומענ לענענ אונטער דער האנט אונ זיי זײַנענ ארויס אפנ גאס, וואָס איז פול באשײַנט געווענ מיט זונ.

— ווו דארפט איר פאָרנ? — האָט מיט א באהאלטענעמ נײַגיר א פרעג געטאָנ די שוועסטער, העלפנדיק לענענ זיכ זעצנ אינ פאעטאָנ ארײַנ.

— איכ — צו דער סוועטלאנער, — האָט אומבאשטימט לענע א זאָג געטאָנ, — איכ דאנק אײַכ.

— איכ ווינטש אײַכ ניט אזוי גיכ נאָכאמאָל ארײַנפאלנ צו אונדז. א גליקלעכנ וועג!..

לענענ האָט זיכ געדוכט, אז זי פילט יעדנ צעגליטנ שטיינ פונ ברוק. דאָס העסלעכע געפיל פונ דער אָנוועזנהײַט אינ קערפּער פונ עפּעס זײַטיקס, וואָס רײַסט דאָס לײַב פונ אינווייניק אפ שטיקער, האָט זי ניט אָפּגעלאָזט, אונ דאָס געפיל פונ דערנידעריקטנ קאס אונ ווייטעק האָבנ זיכ צונויפגעמישט בא איר מיטנ דריקנדיקנ ביז טרערנ געפיל פונ פארלוסט.

זי איז געפאָרנ פארבײַ די סעדער, וואָס האָבנ זיכ צעבליט אונ צעוואָקסנ מיט טונקעלע אונ בונטע בלעטער, ווו זי האָט געשפּילט, ווענ זי איז נאָכ געווענ א קליינ מיידעלע, וועג אוועלכעס־ניט־איז בונט בלעטעלע, צווײַגעלע, א זאמדיק שטעגעלע, א זונפלעק אינ אנ אליי איז פול געווענ מיט ווארעמער לעבנס־פולסירונג אונ האָבנ עפּעס וואָס גוטס צוגעזאָגט. איצט האָבנ דאָרט אנדערע קינדער געש־פּילט, — זי האָט געהערט זייערע הילכיקע געשרייענ אונ די ווייכע טופּעניש פונ זייערע פיס, — אונ זי, א דערוואקסענע, א קלוגע, א פולע מיט רײַפע קויכעס אונ מעגלעכקײַטנ האָט, שלינגענדיק דעמ שטויב אונ קרימענדיק זיכ פונ ווייטעק, געשלעפּט זיכ פארבײַ דעמ אלעמענ אפ א שמוציקער דראָזשקע — אנ איינזאמע, א דערנידעריקטע אונ א פאַרבלוטיקטע, ווי א צויג.

דער דאָזיקער גאַנצער פּעריאָד, פון דעם מאָמענט אָן זינט לענע האָט געריסן מיט לאַנגאָוואָיען און ביז איר אָפּפאָרן אין דאָרף צום פאָטער, איז אַפ אייביק געבליבן אין לענעס זיקאָרן אַלס דער סאַמע שווערסטער און שוידערלעכסטער פּעריאָד אין איר לעבן — לויט דעם, אַפ וויפל ס׳איז פאַר איר קלאָר געוואָרן די גאַנצע זינלאָזיקײַט פון איר עקזיסטענץ, לויט די פּײַנלעכע זוכענישן אירע פון עפּעס אַן אויסוועג און לויט דער פולשטענדיקער אויסגאַנגלאָזיקײַט פון איר לאַגע, לויט דער אַבסאָליוטער אַכזאָריעסדיקער איינזאַמקײַט אירער אין דער גאַנצער וועלט.

דעם ענדגילטיקן איבעררײַס ניט נאָר מיט לאַנגאָוואָיען, נאָר אויך מיט דער גאַנצער סוויווע, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט, האָט לענע געשפּירט ניט נאָר אינערלעך: אויך אויסערלעך איז זי איצט געבליבן אויסגעשלאָסן פון יענעם טאָגטעגלעכן ליידיקגייערישן טומל, וואָס האָט פריער געשאַפן בא איר אַן אילוזיע פון לעבן.

די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך איבערגעקליבן אַפ דאַטשע, לענע איז געבליבן אין שטאָט. קיינער האָט זי אין ערגעץ ניט געלאַדן, קיינער האָט זי ניט באַזוכט. סאָפיאַ מיכײַלאָוונאַ האָט זיך געפילט באַליידיקט אין די בעסטע געפילן און אָפּגעענטפערט אין די בעסטע האָפענונגען אירע, און ווען זי פלעגט קומען צו פאָרן אין שטאָט אַרײַן, האָט זי זיך געהאַלטן אַזוי, ווי אין לענעס געשטאַלט וואָלט איר גאָט צוגעשיקט אַ שווערע שטראָף און זי איז גרייט די דאָזיקע שטראָף אָנצונעמען פאַר ליב און אָפּקומען ביזן סאָף. אַדע האָט זיך געקליבן כאַסענע האָבן און האָט פּאָשעט פאַרגעסן אָן לענען. דער אַלטער גימער, וואָס האָט אַדאַנק דער אייביקער פאַרנומענקײַט און געפיל פון זעלבסטפאַרהיטונג געסטאַרעט זיך ניט צו זען און באַנעמען דאָס אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין דער מישפּאָכע, האָט פון צײַט צו צײַט גערעדט און געוויצלט זיך מיט לענען, אָבער זײַן אָנגעדראָלן, אָפּגעלאָזן פּאָנעם האָט אַרויסגערופן אַן עקל בא איר, און זי האָט אים אויסגעמיטן. די ביכער זײַנען פון די הענט געפאַלן. לענע האָט מוירע געהאַט צוצוגיין צו דער פּיאַנע, פילנדיק, אַז אויב זי וועט זיך צורירן צו די קלאַווישן, וועט בא איר אַ פּלייץ טאָן אַזאַ מין שטראָם פּײַן, אַז זי וועט קיין קויכעס ניט

האָבן אים בײַצוקומען. אָפֿט האָט זי באמערקט, אז וואָכנלאַנג רעדט זי קיין וואָרט ניט ארויס.

איר אָנטייל אין די וואַלן האָט איר דערוויזן, אז עס איז לאַכ־לוטן אומעגלעך פאר איר ארײַנצודרינגען אין יענער וועלט, צו וועל־כער עס האָבן געהערט סורקאָוו, כלאָפּושקינא און, ווי זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, דער פֿאָטער מיט סעריאָזשען. ווען זי האָט באשלאָסן אָנטיילנעמען אין די וואלן, האָט זי געהאט די אומקלאָרע האָפֿענונג, אז אויב עס וועט איר ניט געלינגען ארײַנצודרינגען אין יענער וועלט, וועט זי קאָנען יעדנפאלס זיך אָנשליסן אָן געזעלשאפטלעכ־נוצלעכער טעטיקײַט, וואָס וועט איר געבן כאָטש אוועלכן-ניט־איז ציל און זינען אין לעבן. אָבער איצט האָט זי אפילו דערמאָנען זיך וועגן דעם געשעמט. די רעגירונג האָט די וואלן קאסירט אונטערן אויסרייד, אז צו דער באלאָטירונג איז צוגעלאָזט געוואָרן א צעטל קאנדידאטן, וואָס שטייען אויסערן געזעץ און אז די באָלשעוויסטישע עלעמענטן פון דער דומע האָבן בײַם די וואלן אנטוויקלט א פֿאר־ברעכערישע טעטיקײַט. אלס א מוסטער פון פֿארברעכערישער טעטי־קײַט האָבן די צײַטונגען ארויסגעשטעלט דעם שלימאזלדיקן עפּיזאָד מיט די צוויי איבעריקע שטימען אין וואל-באצירק אף דער אלעוט־סקער גאס. לענע האָט אזש א שמייכל געטאָן, ווען זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם יונגן מענטשן מיט די לאנגע סעמינארישע האָר און דעם מיידל אינעם שווארצן היטעלע, וואָס האָט געהאלטן אין איין בעטן: „גאָט מײַנער, גאָט מײַנער!" די נײַע וואלן זײַנען אָפּ־געלייגט געוואָרן אף אן אומבאשטימטן טערמין, און די באָלשעוויס־טישע עלעמענטן פון דער דומע, וואָס האָבן זיך איצט פֿאָרגעשטעלט לענען אין דער געשטאלט פון יענעם מענטשן אין די צעקנייטשטע הויזן, וואָס איז ארויס צו כלאָפּושקינא נאָך דעם, ווי מע האָט אויס־געציילט די שטימען, זײַנען ארעסטירט געוואָרן.

אלע צוויי וואָכן האָט לענע געשיקט בריוו סעריאָזשען און דעם פֿאָטער, נאָר קיין ענטפער איז אלץ ניט געווען. לענע האָט דעריבער לאכלוטן ניט געוווסט — צי די בריוו דערגייען ניט, צי דער פֿאָטער מיט סעריאָזשען האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון איר, צי זיי לעבן שוין ניט. נאָר ווען זי האָט אפילו פארלאָרן די לעצטע האָפֿענונג, האָט זי דאָך אלץ געשריבן און געשריבן זיי.

אָפֿט פלעגט זי זיך פּלוצלינג אופכאפּן באנאכט פון שלאָף און

פֿײַנ̇קן זיך מיטן געדאנק, אַז זי האָט ניט אַרויסגעוויזן גענוג אָנטשיידנקייט אין דורכצופֿירן די וואַנט צווישן זיך מיט כלאַפּושקינאַ. געדאַרפֿט געווען אַלץ געבן צו דערקלערן, דערציילן וועגן פֿאַטער און סעריאָזשען, דערשלאָגן זיך צוטרוי, בעטן הילף! זי האָט באַשלאָסן אום וואָס עס זאָל ניט גיין אָפּזוכן כלאַפּושקינאַ, אָבער זי האָט בעשומויפּן זיך ניט געקאָנט דערמאָנען די גאַס און די שטוב, ווו זי האָט געוווינט. אין דעם אַדרעס־ביוראָ איז געווען באַוווּסט נאָר איין כלאַפּושקין — אַ געשווירעגער אַדוואָקאַט. און פֿונדעסטוועגן איז לענע אַוועק אין טויבנטאָל און אויסגעזוכט דאָס שטיבל, ווו זי איז אַמאָל, אין דער קינדהײַט, געווען צוגאַסט, אָבער געעפֿנט די טיר האָט עפּעס אַן אומבאַקאַנטער אַלטיטשקער מיט אַראָפּגעלאָזענע שלייקעס.

— כלאַפּושקינאַ ? !

אויפֿן אַלטיטשקנס פּאָנעם האָט זיך באַוויזן אַ פּאַכעד, וואָס איז גלײַך אַריבער אין אַ קאַס.

— וואָסער כלאַפּושקינאַ !.. שוין לאַנג אַז זיי וווינען דאָ ניט... קיינע שום פֿאַרבינדונגען האָבן מיר מיט זיי ניט און קאָנען ניט האָבן ! — האָט זיך דער אַלטיטשקער צעהיצט און זײַן ציבעלע־נאָז מיט די בלויע אָדערלעך איז אים רויט געוואָרן.

יעדן פֿרימאָרגן פֿלעגט לענע מיט עפּעס אַן אומקלאָרער האָפֿענונג אַן עפֿן טאָן דאָס פֿולע מיט ווײַסע קוואַדראַטן צײַטונגל פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, נאָר דאָרט איז גאָרנישט ניט געווען אַזוינס, וואָס זאָל פּראַקטיש אָנווײַזן איר אַוועלכן־ניט־איז אויסוועג. איינמאָל איז זי דערגאַנגען צו אַזאַ מין גראַד פֿאַרצווייפֿלונג, אַז זי האָט באַשלאָסן אַוועק גלײַך אין דער צענטראַלער ביוראָ, אַרויסלייגן זיי אַלץ אויפֿן טיש און פֿאָרלייגן זיי איר — זאָל זײַן שוואַכע — הילף. אין דער צײַטונג האָט זי אויסגעזוכט דעם אַדרעס, פֿיבערהאַפֿט זיך אָנגעטאָן און אַוועק צופֿוס דורך דער גאַנצער שטאָט; די צענטראַלע ביוראָ האָט זיך געפֿונען אין אַ קעלער אין איינער פֿון די עקשטאָטישע גאַסן. אָבער וואָס נעענטער זי איז געווען צום ציל, אַלץ קלאָרער איז פֿאַר איר געוואָרן די נאַיִווקייט און די ניט־באַטראַכטקייט פֿון איר שריט. אויב זי האָט ניט געפֿונען אין זיך קיין קויכעס און ווערטער אין צו באַקומען דעם צוטרוי פֿון כלאַפּושקינאַ, טאָ וויאַזוי וועט זי קאָנען געבן צו דערקלערן די דאָזיקע האַרטע מענטשן,

וואָס זײַנענ פונ אלע זײַטנ ארומגערינגלט מיט סאָנימ? ווער וועט איר גלייבנ, איר — א פרעמדנ, גוט אָנגעטאָנענעמ מיידל, גימערס א פּלי־מעניצע?

לאנג איז זי ארומגעגאנגענ פארבײַ די טונקעלע אונ שטויביקע פענצטער, וואָס האָבנ ארויסגעקוקט פונ אונטער דער ערד ארויס; הינטער די דאָזיקע פענצטער איז געגאנגענ א הארטע ארבעט, פאר לענענ אנ אומצוטריטלעכע, אונ זי האָט געפילט אפ זיכ די שטעכיקע פארדעכטיקע בליקנ פונ אייניקע סוביעקטנ אינ דעמיסעזאָנע מאנטלענ; זיי האָבנ זיכ דאָ ארומגעשליאָנדרעוועט, די דאָזיקע סוביעקטנ, ווי זיי וואָלטנ דאָ עפעס אויסגעשמעקט, — אונ זי איז מיט א פאמעלעכנ טראָט אוועק אהיימ.

דערנאָכ איז געקומענ א טאָג, ווענ זי האָט שוינ אפילע ניט געקאָנט קריגנ דאָס בלעטל פונ די פראָפעסיאָנעלע פאריינענ, צו וועלכנ זי איז אזוי געווינט געוואָרנ. זי האָט געוואַרט עטלעכע טעג, געמיינט, אז עס וועט, ווי געוויינלעכ, דערשײַנענ אונטער א נײַעמ נאָמענ, אָבער דאָס בלעטל איז מער ניט דערשינענ. אונ ווענ זי איז מיט א קלאפנדיק הארצ נאָכאמאָל צוגעקומענ צו דער שטוב, ווו עס האָט זיכ געהאט געפונענ די צענטראלע ביוראָ, האָט זי דערזענ, אז די טונקעלע פענצטער, וואָס האָבנ ארויסגעקוקט פונ אונטער דער ערד, זײַנענ געווענ ריינ אויסגעוואשנ, אונ איבער דעמ טירל, וואָס האָט געפירט אינ קעלער ארײַנ אונ וואָס איז איצט געווענ פריש אויסגעפארבט מיט אייל־פארב, איז געהאנגענ א שילד: „מאגאזינ פונ געניצטע מעבל.″

די וועלט, צו וועלכער זי האָט אזוי שטארק געשטרעבט אונ וועלכע האָט זי ניט געוואָלט ארײַננעמענ צו זיכ, איז שוינ איצט געווענ ענדגילטיק אונ אומפאריכטבאר אָפגעשניטנ פונ איר.

אונ דאָכ האָט לענע די דאָזיקע וועלט דערפילט נאָכאמאָל, — ווינטער שוינ, — ווענ עס זײַנענ געגאנגענ די נײַע וואלנ צו דער דומע.

סאכאקל עטלעכע כאדאָשימ זײַנענ אוועק זינט עס זײַנענ געווענ די ערשטע וואלנ, אָבער ווי שטארק אלצ ארומ האָט זיכ געענדערט!

כאבאראָווסק — דער לעצטער אָנשפאר פונ דער סאָוועטנמאכט דאָ אינ קאנט — איז שוינ לאנג געפאלנ. לאנג שוינ ניט געווענ די רעגירונג טיבער־דערבער, צו וועמעס מאָנאָטאָנע פלאפלערײַ, וואָס איז

ענלעכ געוועג אפ דער פּלאַפּלעריי פון א ידינעמ פּאָפּוגיי אָדער
שטילנ מעשוגענעמ, האָט זיכ שוינ אינ דער לעצטער צייט קיינער
ניט צוגעהערט. עס איז אויכ אראָפּ פונ דער סצענע די סיבירער
צייטווייליקע רעגירונג, זי האָט אָפּגעטראָטנ דעמ וועג דעמ „ווערכאָווני
פּראוויטעל פונ רוסלאנד“, דעמ אדמיראל קאָלטשאק. די צייטונגענ
האָבנ געפּויקט וועגנ די דערפאָלגנ פונ די סיבירער ארמייענ אפ דער
וואָלגע אונ הינטער אוראל, וועגנ דער פולשטענדיקער מאפּאָלע פונ
די רויטע טיילנ אונ זיי האָבנ פּאָרויסגעזאָגט, אז אינגיכנ וועט גע־
נומענ ווערנ מאָסקווע. די מאכט אינ קאנט האָט זיכ לעכאטכילע
געהאט קאָנצענטרירט אינ די איינע הענט פונ כאָרוואט, וועמעס גרוי־
סע סקאָבעלעוו-באָרד איז געווענ אָפּגעדרוקט אינ אלע צייטונגענ,
דערנאָכ אינ די הענט פונ עפּעס איינעמ א גענעראל, אונ זיינ אָנ־
געבלאָזנ פּאָנעמ מיט די סיווע וואָנצעס איז אויכ געווענ אָפּגע-
דרוקט אינ אלע צייטונגענ. אינ כאבאראָווסק האָט זיכ פארפעסטיקט
דער יעסאויל קאלמיקאָוו, וואָס האָט פונ קאָלטשאקנ באקומענ דעמ
טיטל גענעראל־לייטענאנט אונ וועלכער איז געזעצט געוואָרנ אלס
אטאמאנ פונ אוסוריער קאָזאקישנ מיליטער. דער פאנצערצוג פונ
אטאמאנ האָט זיכ ווי א מעטורעפער ארומגעטראָגנ איבער דעמ אר־
סוריער באנ־צווייגל אונ אויסגעוואָרצלט די לעצטע רעשטלעכ פונ דער
קראמאָלע.

אינ אטאמאנס פאנצערצוג האָט געדינט דיודיע. פונ צייט צו צייט
פלעגט ער קומענ אהיימ, מיט א קוויטש זיכ ארייַנרייסנ אינ דער
דירע אינ זיינ גלאנציקנ מונדיר מיט דער בוכשטאב „ק“ אפנ ארבל,
שטענדיק א שיקערער, מיט אָנגעשוואָלענע אויגנלעדלעכ אונ מיט אנ
אויסדרוק פונ שוידערלעכער פּוסטקייט אינ די אויגנ. ווענ־יאמינ האָט
פאָרגעשטעלט די אינטערעסנ פונ אטאמאנ באמ „ווערכאָווני פּראווי-
טעל“ אינ אָמסק.

טאָג אונ נאכט האָבנ זיכ איבער די גאסנ ארומגעטראָגנ רעווענ־
דיקע אווטאָמאָבילנ אונ מאָטאָציקלענ מיט מיליטער-לייט. קנאקנדיק
מיט די שטיוול, קלינגענדיק מיטנ געווער, פּויקנדיק אינ די פּויקנ,
קרעכצנדיק אינ די וואלטאָרנעס, וואָליקעס, קלארנעטנ, האָבנ געשפּאנט
פארשיידנ־קאָלירטע, געדיכטע קאָלאָנעס פונ אינטערווענטישנ מיליטער—
יאפּאָניער, טשעכנ, אמעריקאנער, פראנצויזנ, סערבנ, קאנאדער, כינע־
זער, פּאָליאקנ, סיפּייער, איטאליענער, מאלייער, שאָטלענדישע שיסער.

אפן רייד זיינען געשטאנען זייערע שווימענדיקע פעסטונגען; זיי האָבן געגלאנצט מיט בליענע שטאָל און זייערע קוימענס האָבן זיך מיט א פרעסטל־שניי באדעקט. די פלעצער און די גאסן האָבן געקנאקט מיט פאראדן, מיט געשרייען פון פארשיידן־שפּראכיקע קאָמאנדעס און מיטן גערויש פון די בלאָז־אָרקעסטערס. בא די מיליטער־אנשטאלטן האָבן זיך געזען פארומערטע גרופּעס אוסוריער רעקרוטן, ארומגערינגלטע מיט מיליטער.

די צייטונגען האָבן געדרוקט מיט פעטיט די ידיעס וועגן די באָלשעוויסטישע קאָמיסארן, וואָס זיינען דערשאָסן געוואָרן, „בא א פּרוו צו אנטלויפן" אָדער לויט דער באשטימונג פון פעלד־קריגסגע־ריכט. און מיט ריזיקע אויסיעס — די פאמיליעס און די פּאָרטרעטן פון די גימערס, סאָלאָדאָווניקאָווס, גערצס, סקוטאריאָווס, וואָס האָבן מיט טומל געשענקט גראָשנס פאר דער סיבירער ארמיי. לענע, וואָס האָט מיט אזא קורצ שטיקל צייט צוריק געהערט זייערע הויכע רייד וועגן דעם ווידערגעבורט פון דער נאציאָנאלער אינדוסטריע, האָט איצט געהאט די מעגלעכקייט צו זען, ווי גיך די דאָזיקע מענטשן האָבן אָפּגעזעצט זייערע שאכטעס און אונטערנעמונגען די יאפּאָנישע און אמעריקאנישע קאָנצעסיאָנערן, און אליין האָבן זיי זיך אוועקגע־ווירבלט אין פייערדיקן געווירבל פון ספּעקוליאציע.

אפּ די בערג, אין טוילן ווינקל, אפן טשורקין־קאפּ, האָבן טאָג און נאכט געברענט שייטערן, וואָס האָבן אָפּגעוואַרעמט די ערד, — עס האָבן זיך געבויט נייע הייזער, באראקעס און קאזארמעס פארן מיליטער, שפּיטאָלן. טאָג און נאכט האָבן די אייזשפּאלטער אין דער בוכטע נעקרעכצט און געשפּאָלטן דעם אייז, וואָלקנס שווארצע, אָראנ־זשעווע, ראָזעווע רויך און דאמפּ זיינען געשטאנען איבער דער בוכ־טע. די האפנס און די וואָקזאלן האָבן קעסיידער געדונערט פון די אָנלאָדענישן און אויסלאָדענישן פון מיליטער־מאכשירים. מעכטיקע אויסלענדישע שיפן פול אָנגעלאָדענע מיט סיבירער ארצ, געהילצ, פעלקע, פיש זיינען קעסיידער אָפּגעשווומען פון ברעג, און דער שאר־פער, טרוקענער פּראָסטיקער ווערכאָיאנסקער ווינט האָט געיאָגט נאָך זיי פארזשאווערטע וואָלקנס זאמד און שטיין־שטויב פון די בערג אראָפּ.

נאָר ערגעצ איבער די דראָטן האָט זיך שוין געטראָגן די אומ־רויקע טעלעגראמע וועגן דעם ערשטן מיליטער־עשעלאָן, וואָס איז

ארונטערגעשלײַדערט געוואָרן אונטער דער דאמבע דורכ דער אופגעשטאנענער באפעלקערונג.

אינ אזא מינ אומגעבונג זײַנען דורכגעגאנגענ די נײַע וואלנ אינ דער דומע. אונ אויב די ערשטע וואלנ זײַנען ארונטערגעריסנ געוואָרנ דורכ דעמ הונדערטפראָצענטיקנ אָנטײל פונ די ארבעטער, זײַנען די צווײטע וואלנ דורכגעפאלנ אדאנק זײער אלגעמײנעמ בויקאָט. די דומע פונ די שיבערס אונ ספעקוליאנטנ האָט זיכ צונויפגעקליבנ, אָבער דאָס איז געווענ א דומע, וואָס איז אויסגעקליבנ געוואָרנ דורכ ניט קײנ פולע דרײַסיק פראָצענט פונ דער באפעלקערונג.

אינ שטאָט זײַנען אלצ אָפטער אונ אָפטער געקומענ עשעלאָנען פארוואונדעטע, אָפגעפרוירענע, קראנקע אפ „שפאנקע“ אונ אפ טיפוס.

קעדײ כאָטש מיט וואָס-ניט־איז צו זײַנ פארנומענ, איז לענע אָנגעקומענ אפ די קורסנ פונ „בארמהארציקע שוועסטער“ אונ איז אוועק ארבעטנ אינ א סאָלדאטישנ שפיטאָל אפ עגערשעלד. זי האָט עס געטאָנ ניט ניט־באטראכטערהײט, זי האָט בא זיכ באשלאָסנ, אז הײלנ קראנקע אונ פארוואונדעטע סאָלדאטנ — הײסט ניט העלפנ יענעמ קויעכ, וואָס זי האָט געהאלטנ פאר א פײַנטלעכנ פאר זיכ.

איצט איז זי ארומגעגאנגענ אינ א ווײַס טיכל אונ פארטעכ מיט א רויטנ צײלעמ אפ דער ברוסט, א שטאלטנע אונ שטרענגע, מיט אירע קינדערשע אקסלענ אונ מוטערלעכע היפטנ, מיט די גרויסע מוטערלעכע אויגנ, וואָס האָבנ געברענט מיט א טרוקענעמ אָפגעשפיגלטנ פײַער פונ לײַדנ. צו אָט די דאָזיקע מענטשלעכע לײַדנ האָט זי בעשומויפנ זיכ ניט געקאָנט צוגעווינענ, כאָטש זי האָט שוינ עטלעכע כאדאָשימ געארבעט אינ שפיטאָל. א דערשלאָגענע אונ אויסגעמאטערטע פלעגט זי זיכ צוריקקערנ אהײמ אינאָוונט אָדער אינדערפרי, אויב עס איז איר אויסגעקומענ באנאכט צו דעזשורירנ, אונ פלעגט ברענגענ מיט זיכ אנטצונדענע אויגנ אונ פענעמער, אײטערנדיקע וווּנדנ, אָפגענומענע הענט אונ פיס, בלוטיקע שמאטעס פינ מענטשלעכנ פלײש, וואָס זײַנען אראָפגעהאנגענ ווי פערדישע ליפנ. זי פלעגט פארמאטערט ווערנ פונ די אומופהערלעכע קריכעגישנ צו איר מיצאד די דאָקטוירימ, אָפיצערנ, פעלדשערס. זי איז דאָכ שוינ איצט פאָשעט געווענ אײנע פונ די פילצאָליקע „שוועסטער“ אינ א ווײַס טיכל מיט א רויטנ צײלעמ אפ דער ברוסט, אונ, ווײַזט אויס, אז אויכ אינ איר פאָנעמ אונ גאנג האָט זיכ באוויזנ א נײַער אויסדרוק, וואָס האָט

שוין ניט געקאָנט אָפּשרעקן פון זיך מיט דער פריִערדיקער ניט־צו־טריטלעכקייט. עס האָט זי אויך געפּייניקט דאָס, וואָס זי האָט שטענדיק געפילט אַ פּאַכדאָנעסדיקע סינע אָדער פאַלשע כניפע מיצאַד די פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן צו זיך, ווי צו אַ פאָרשמייערין פון יענער וועלט דאָקטוירים, אָפיצערן, שוועסטער, „הערן", וואָס האָבן באַלעבאַטעוועט מיט זייער וועלט, מיט דער וועלט פון סאָלדאַטן פון „פּראָסטן פאָלק". פון צופעליק אַרויסגערעדטע פראַזן, בליקן, ווייד אין היץ אין די נעכט, האָט זי געקאָנט זען, אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן אונטערגעשטעלט זייערע קערפּערס אונטער קוילן און שווערדן ניט לויט זייער גוטן ווילן נאָך, ניט פאַר זייער זאַך.

יאָ, דאָס, וואָס זי האָט געזען אין שפּיטאָל, האָט נאָר אונטערגעשטראָכן די אכזאָריעסדיקייט און זינלאָזיקייט פון לעבן און איר אייגענע פולשטענדיקע שוצלאָזיקייט קעגן די דאָזיקע אכזאָריעסדיקע בלינדע קויכעס.

41

די ערשטע יעדיִעס וועגן די אופשטאַנדן אין דער געגנט, אַ שטיק צייט נאָך איידער די צייטונגען האָבן וועגן דעם געשריבן, האָט לענע געהערט באַם מיטיק אין גימערס שטוב. גימער האָט זיך באַקלאָגט דערויף, וואָס דער אופשטאַנד האָט בא אים אָפּגענומען די שאַכטעס אין ראַיאָן פון דער שטאָט אָלגאַ, און אַז אַ סאַך אַנדערע אונטערנעמער דערוואַרט דער זעלבער גוירל: עס זיינען אַרויס אין אופשטאַנד די טשיטוכינער באַרג־אַרבעטער, די פויערים אין ראַיאָן ספּאַסק־פּרימאָרסק און אין ראַיאָן פון די סוטשאַנער קוילנגרובן. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט אַ קוק געטאָן אַף לענען, פאַרהאַקט זיך און דערנאָך אַף אַלע אויספרעגענישן פון די היימישע גאָרניט ניט געענטפערט און אָוועקגעדרייט דעם שמועס אַף אַן אַנדער טעמע.

אַלזאָ, די געגנט, וווּ עס האָט געלעבט איר פאָטער, וווּ ס'איז געשטאָרבן איר מוטער, וווּ לענע האָט אין דער קינדהייט געריסן פּיאָנען און פּיִיעס און געווען פאַרליבט אינעם פּאָשעטן פּאַסטעכל, — אין דער דאָזיקער געגנט איז אַרויסגעבראָכן אַן אופשטאַנד... לענע האָט זיך איצט שוין אָנגעשטויסן, פאַרוואָס זי באַקומט ניט קיין ענטפער אַף אירע בריוו.

אינקורצנ האָט דער אומרויִקער קלאנג וועגנ אופשטאנד זיכ צעטראָגנ איבער דער גאנצער שטאָט. עס האָבנ זיכ באוויזנ מענטשנ, וואָס זייַנענ פריִער פונ דאָרט אָפּגעפאָרנ און איצט האָבנ זיי שוינ ניט געקאָנט זיכ צוריקקערנ אהינ, עס האָבנ זיכ באוויזנ פאסאזשירנ פונ צוגנ, וואָס זייַנענ באשאָסנ געוואָרנ. מע האָט געשמועסט וועגנ צעראבעוועטע רייַכע גיטער און פערד־זאוואָדנ אפנ ברעג פונעמ אר־סוריִער אייַנגוס. איבער דער שטאָט איז אויסגעקלעפּט געוואָרנ א באפעל פונ קאָמענדאנט, אז די, וואָס ווילנ פאָרנ וויַיטער פונ דער סטאנציע אוגאָלנאיא אפ דעמ סוטשאנער באנ-צווייַגל און וויַיטער פונ דער שטאָט ניקאָלסק אפנ אוסוריִער באנ־צווייַגל, דארפנ זיכ באזאָרגנ מיט דורכפאָר-שייַנענ פונ קאָמענדאנט. אינ באפעל איז ניט דערקלערט געוואָרנ די סיבע פונ דעמ דאָזיקנ מאָסמיטל.

צו פרילינג צו האָבנ זיכ אָנגעהויבנ באוויַזנ אייכ אינ די צייַטונגענ די ערשטע יעדיִעס וועגנ די פארטיזאנער. צוזאמענגעשטעלט זייַנענ געוועזנ די דאָזיקע יעדיִעס לויט איינ טראפארעט: „אינ ראיאָנ פונ אזא און אזא דאָרפ (אָדער יִישעוו) האָט זיכ באוויזנ א באנדע רויטע אינ דער צאָל פונ אזויפיל און אזויפיל שפיונ (געוויינלעכ — ניט מער פונ א דרייַסיק־פערציק). די באנדע איז צעטריבנ געוואָרנ (אָדער פארניכטעט געוואָרנ) דורכ דער מיליציע (אָדער דורכנ רעגירונג־מיליטער), דער אָנפירער איז דערשאָסנ געוואָרנ (אָדער געפאנגענ געוואָרנ).”

דיודיע, וואָס פלעגט פונ צייַט צו צייַט קומענ צו פאָרנ, חאָט, פארכלינענדיק זיכ און בארימענדיק זיכ, דערציילט וועגנ די שלאכטנ צווישנ דעמ פאנצערצוג מיט די רויטע און וועגנ די ארויסטריטנ, אינ וועלכע ער האָט אָנטיילגענומענ. אינ אלע זייַנע מייַסעס האָט שטענדיק פיגורירט עפּעס א פארטיזאנ ברעדיוק, וועלכנ מענ האָט בעשומ־ויפנ ניט געקאָנט כאפנ און וועלכער האָט זיכ באוויזנ קימאט אינ איינ און דער זעלבער צייַט אי לעבנ שקאָטאָווע אפ דעמ סוטשאנער באנ-צווייַגל אי לעבנ ספאסק־פרימאָרסק אפנ אוסוריִער באנ־צווייַגל. דער דאָזיקער פארטיזאנ האָט זיכ געשווירנ, אז פריִער אָדער שפעטער וועט ער דעמ פאנצערצוג אויפרייַסנ, אָבער דער פאנצערצוג איז געבליבנ ניט געשעדיקט. דיודיע האָט מיט אזא מינ לייַכטקייַט דערציילט וועגנ די בריקנ און וואסער-פאָמפּעס, וואָס זייַנענ דורכ די פארטיזאנער אופגעריסנ געוואָרנ, וועגנ די ארונטערגעשלייַדערטע אונטער

דער דאמבע עשעלאָנענ, אז עס האָט זיכ געלאָזט מערקנ, אז ער אליינ מוז אָנטיילנעמענ, כאָטש אינ שטילערע אונ באהאַלטענע, אָבער נאָכמער שוידערלעכע זאכנ: וועגנ די העלדנטאטנ פונעמ אטאמאנ זייַנענ ארומגעגאנגענ אזעלכע קלאנגענ, אז אפילע אינעמ קרייַז פונ די גיימערס האָט מענ זיכ באצויגנ צו זיי מיט שרעק אונ אומצופרידנקייַט.

בייַמ אָפּפאָרנ האָט דיודיע א וווּנק געטאָנ צו לענענ, אונ אפּ זייַנ פּאָנעמ האָט זיכ באווייזנ א פּוסטער אונ אכזאָריעסדיקער שמייכל:

— אונ דער פּאָטער דייַנער... ער צייכנט זיכ אויכ אויס אפּ סוטשאנ!..

בא לענענ איז פינצטער געוואָרנ אינ די אויגנ.

אינמיטנ מארט האָט זי ענדלעכ איבערגעלייענט אינ דער צייַטונג, אז אינ סוטשאנער טאָל אָפּערירט א באנדע רויטע, וואָס ווערט אָנגעפירט דורכנ געוועזענעמ פּאָרזיצער פונ סוטשאנער סאָוועט, מארטעמיאנאָוונ, א מענטש מיט א טונקעלער פארגאנגענהייַט, אונ דורכ דעמ דאָקטער קאָסטענעצקי, וועלכער האָט זיכ פארקויפט די באָלשעוויקעס; פריִער האָט ער געארבעט אינ געזונטאָפּטייל פונ סוטשאנער סאָוועט אונ פארכאפּט מיט זיכ קאזיאָנע געלט, ווענ זיי זייַנענ אנטלאָפנ. אינ די נאָענטסטע טעג ווערט דערוואַרט די פולשטענדיקע ליקווידאציע פונ אָט דער באנדע.

לענעס האַרצ האָט זיכ צונויפגעדריקט פונ פרייד, וואָס דער פּאָטער אירער, אונ, ווייַזט אויס, אויכ סעריאָזשע לעבנ, פונ מוירע פאר זייער ווייַטערדיקנ גורל, פונ ווייטעק פונ איר אייגענעמ לעבנ. זי האָט זיכ געפרייט דערמיט, וואָס דער פּאָטער אונ סעריאָזשע לעבנ נאָכ אפּ דער וועלט, אָבער זי האָט שוינ פאָרגעשפּירט זייער אומקומ אונ געוווּסט, אז בא איר זייַנענ אָפּגעשניטנ אלע וועגנ אפּ צו באגעגענענ זיכ מיט זיי.

ניט געקוקט אפּ די אויכשטאנדנ אינ דער געגנט, האָט די שטאָט געלעבט מיטנ זעלבנ וואָכעדיק־יאָנטעוודיקנ לעבנ: ביז אינדערפרי האָבנ געארבעט די כופּבאזעצטע, באגאָסענע מיט שייַנ רעסטאָראנענ, איבער די גאסנ האָבנ אָנ אויפהער ארומגעשליאָנדרעוועט אויסגעפּוצטע האמוינימ, אינ מונדירנ פונ סאָלדאטנ אונ אָפיצערנ פונ דרייַצנ נאציעס, אונ אזא מינ אייביקאָניקע מעכטיקייַט איז געלעגנ אינ געברומ פונ אָט די דרייַצנ שפראכנ, אינ געקלונג פונעמ געווער, אינ דער מאסיווקייַט פונ די קרייסערס אונ הארמאטנ, אינעמ טשאד פונ די שייַטערס, וואָקזאלנ, טפיסעס, האפנס, שפּיטאָלנ, אינעמ מעשוגענעמ

געוויִרבל פֿון סכוירעס און געלט, אַז עס האָט זיך געדוכט, עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זײַן אַזאַ מין קויעך, וואָס זאָל אַראָפּשלײַדערן פֿון די אונטערדריקטע מענטשן די דאָזיקע שעדישע פּליטע פֿון מעטאַל און בלוט.

מיט דער לעצטער אַכזאָריעסדיקער קלאָרקײַט האָט לענע באַנומען, אַז זי קומט אום. זי איז שוין ניט געווען יענע יונג מיידעלע, וואָס גייט זיך נעמען דאָס לעבן אונטער דער ווירקונג פֿון אַ שטימונג, — זי האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ ביטערע לעבנס־דערפֿאַרונג, זי וואָלט דאָס איצטער אָפּגעטאָן מיט אַ פֿעסטער האַנט און קיין שום זאַך וואָלט זי שוין איצט ניט געראַטעוועט, ווען עס זאָל פּלוצלינג ניט אַ שײַן טאָן פֿאַר אירע אויגן אַן אויסגאַנג.

דער אויסגאַנג איז געקומען גראָד פֿון דער זײַט, פֿון וועלכער זי האָט אים אַמווייניקסטנס געקאָנט דערוואַרטן. דעם אויסגאַנג האָט געבראַכט וועסעוואָלאָד לאַנגאָוואָי.



אינמיטן אַפּרעל, אין איינעם אַן אָוונט, האָבן זיי זיך באַגעגנט אין דעם זעלבן גאַסט־צימער, אין וועלכן זיי האָבן אַמאָל זיך דערקלערט אין ליבע, און גערעדט האָבן זיי איצט פּונקט ווי דעמלט, שטייענדיק איינער קעגן אַנדערן.

לאַנגאָוואָי איז נאָך מאָגערער און שטײַפֿער געוואָרן, זײַן פּאָנעם איז נאָך טונקעלער געוואָרן, נאָר ניט פֿון דער זון, זײַן פּאָנעם האָט זיך געטונקלט מיט עפּעס אַן אינערלעכער, ניט געזונטער ברוינקײַט, און אויף די אײַנגעפֿאַלענע באַקן האָבן זיך נאָך שאַרפֿער אויסגעלייגט צוויי טיפֿע קנייטשן אין דער לענג. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ כאַקי־מונדיר פֿון אַ פּאָלקאָווניק, אין די הענט האָט ער געהאַלטן זײַן היטל, וואָס ער האָט פֿון נערוועזקײַט פֿאַרגעסן איבערלאָזן אין פֿירהויז, ווען ער איז אַהער געקומען.

לענע, וואָס האָט זיך נאָרוואָס צוריקגעקערט פֿון שפּיטאָל און ניט באַוויזן נאָך אַראָפּנעמען דעם ווײַסן טיכל פֿון קאָפּ, האָט מיט אַ טרויעריקן כידעש באַקוקט זײַן היטל, זײַנע עפּאָלעטן, די לאַנגע וויִעס. איר האָט געכידעשט ניט דאָס, וואָס אין נײַן כאַדאָשים אַרום נאָך זייער צעשיידן זיך שטייט איצט לאַנגאָוואָי ווידער אַנטקעגן איר, און אויך ניט דאָס, וואָס איצט, ווען ער שטייט אַנטקעגן איר, פֿילט

זי, ווי אין דער סאמע טיפסטער טיפעניש פון איר געמיט האָט זיך עפּעס א ריר געטאָן, נאָר דאָס, ווי פרעמד, ווייס און ניט גייטיק איז לאנגאָוואָי איצט פאר איר.

— מעגלעך, אז אייך איז ניט אָנגענעם צו זען מיך, און איך וואָלט קיינמאָל ניט געוואגט צו שטערן אייער רו און ערע, — האָט לאנגאָוואָי גערעדט מיט א הייסן טרוקענעם גלאנץ אין די אויגן, — נאָר איך פאָר מאָרגן אוועק, און אזויווי איך האָב ניט קיין האָפענונג צו טרעפן זיך מיט אייך ווען־ניט־איז נאָכאמאָל, בין איך געקומען זיך געזעגענען...

לענע האָט געשוויגן.

— איך האָב געהאלטן פאר מיין פליכט, — האָט לאנגאָוואָי פאָרגעזעצט, — מיטצוטיילן אייך, אז איך בין באשטימט געוואָרן אין עקספּעדיציע־קאָרפּוס, וואָס איז ארויסגעשטעלט געוואָרן קעגן די אופשטענדלער, צווישן וועלכע, ווי עס איז מיר באוווסט, עס געפינט זיך אייער פאָטער. איך פאָר אָפּ די סוטשאנער שאכטעס... איך האָב געהאלטן פאר מיין פליכט צו זאָגן אייך דאָס אלץ, ניט קעדיי, נאָך דעם אלעמען, וואָס איז צווישן אונדז פאָרגעקומען, באצאָלן אייך מיט דער אכזאָריעס פון אָט דער ניט פאָרויסגעזעענער סיטואציע... איך האָפ, אז איר האָט זיך ניט אזוי שטארק געענדערט, אז איר זאָלט מיך דערין קאָנען כוישעד זיין. אָבער, צום באדויערן, אויך ניט קעדיי צו געבן אייך וועלכע ניט־איז האָפענונגען פון א מעגלעכקייט צו העלפן אייער פאָטער צוליב אייך, כאָטש דאָס וואָלט געווען זייער ראָמאנטיש, און איר, ווי עס איז מיר אויסגעקומען צו איבערצייגן זיך, זייט נאָך זייער ראָמאנטיש געשטימט...

— איר האָט דאָ אינזינען דעם פאטש? — האָט לענע רויק א פרעג געטאָן.

— ניין, איך האָב אין זינען ניט דאָס, נאָר די מאָטיוון פון אייער טאט, וועלכע איך האָב, ווערדליק לויט מיינע קויכעס נאָך, געסטארעט זיך פארגעסן... יאָ, אויב שוין רעדן וועגן דעם, האָט איר עס אָפּגעטאָן דערפאר, ווייל איר האָט ראכמאָנעס געהאט אפ די דאָזיקע מענטשן, איר זייט דערשיטערט געווען פון זייער אויסזען און גורל, אָבער נאָכמער זייט איר דערשיטערט געווען דערפון, וואָס איך בין געווען דער שולדיקער פון זייער איצטיקער לאגע, און ניט קיין אבסטראקטער שולדיקער, — דעמלט וואָלט איר עס ניט געפילט, — נאָר

איך האָב דאָס אַליין געטאָן מיט מײַנע אייגענע הענט פאַר אײַך אין די אויגן... יאָ, איר האָט געהאַט אַ נאַיִוו-ראָמאַנטישע פאָרשטעלונג וועגן מיר! איך האָב אָבער קיינמאָל ניט געאַכט יענע מענטשן, וועלכע האַלטן אין איין פּויקן וועגן זייער פליכט און איבערגעגעבנקייט צו דער דאָזיקער פליכט, נאָר אויספּילן די דאָזיקע פליכט גיבן זיי איבער אין פרעמדע הענט און אַליין באַהאַלטן זיי זיך הינטער יענעמס פּלייצע, ווײַל זיי ציטערן פאַר פאַראַנטוואָרטלעכקייט... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז איצט שוין גאַנץ עגאַל פאַר אײַך. אָבער פונדעסטוועגן האַלט איך פאַר מײַן פליכט צו זאָגן אײַך, אַז בײַ דער דאָזיקער נײַער באַשטימונג האָב איך צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן אָנגעווענדט אַלע מײַנע קויכעס, אַז איך זאָל אַהער ניט באַשטימט ווערן, און ווען דאָס איז מיר ניט געלונגען, וועל איך אויספּילן מײַן פליכט אויפן נײַעם פּאָסטן פונקט אַזוי, ווי איך האָב אים שטענדיק און אומעטום אויסגעפּילט.

— איך האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט זיך איבערצײַגן דערין, — האָט מיט אַן אײַזקאַלטער שטים לענע אַ זאָג געטאָן, — איר האָט דעמאָלט זייער געלונגען פּאָזירט...

— פּאָזירט? נו, איז וואָס־זשע, איך האָב געהאַט דאָס רעכט דערויף, אויב איר ווילט!

— מעגלעך. נאָר איר דאַרפט זיך נאָך אויסלערנען בעסער באַהאַלטן דעם פּאַכעד און טייליווײַז די שטים פון געוויסן. אינערעמעסן האָט איר זיך אויסגעוויזן אַלס אַ סאַך אַ קלענערער העלד און אַכזער, איידער איך האָב עס דערוואַרט פון אײַך!

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

— ניט דאָס, אַז איך צווייפל כאָטש אויף איין מינוט, אַז איר וועטווירקלעך אויספּילן, ווי איר האָט שטענדיק אויסגעפּילט יענע זאַך פון צווייפלהאַפטער ערע, וועלכע איר האָט מיט אַזאַ פּאַטאָס אָנגערופן אַלס אײַער פליכט. אָבער מע קאָן ניט אין איין און דער זעלבער צײַט אַרויסגעבן וועקסלען אויף אויף פּײַנקייט אויף אויף נידערטרעכטיקייט: איינע פון די ביידע מוז בלײַבן ניט באַצאָלט.

— יאָ, ווײַזט אויס, אַז איר האָט זיך טאַקע געענדערט, — האָט נאָך אַ ווײַלע שווײַגן לאַנגזאַם אַ זאָג געטאָן, — אַמאָל האָט איר געזאָגט, אַז איר פילט מיט יעדן איינעם, וואָס איז אויפריכטיק איבערצײַגט דערין, וואָס איר טוט. אָדער איר גלייבט שוין ניט מער אין מײַן אויפריכטיקייט?

— איך האָב קיינמאָל ניט געזאָגט, אז איך פיל מיט א מענטשן, וואָס טוט אופריכטיק נידערטרעכטיקייטן. און איך מיין אויך, אז ני־דערטרעכטיקע מייסים קאָן מען ניט טאָן אופריכטיק אָן אן אינער־לעכער פאַלשקייט. אויב אָבער דאָס איז מעגלעך, זײַנען הונדערטפּראָ־צענטיקע אויסוואורפן מער אָנעמבאר פאר מיר איידער אויסוואורפן, וואָס פוצן זיך אין אויסערלעכער פײַנקייט. צום באדויערן זײַט איר אפילע ניט קיין הונדערטפּראָצענטיקער, נאָר איר טוט אײַערע נידערטרעכטי־קייטן און קוקט זיך נאָך דערביי ארום אין די זײַטן... דאָס איז זייער קאָמיש און... העסלעך... נאָר אויב איר מיינט, אז מיך קאָן נאָך אינ־טערעסירן די פראגע וועגן אײַער אופריכטיקייט אָדער ניט אופריכטי־קייט, זײַט איר פּאָשעט צו שטארק פארליבט אין זיך... יאָ, דאָס איז אזוי.

— איך באדויער, וואָס איר פילט זיך געצווונגען צו באליידיקן מיך. איך וועל אײַך ניט ענטפערן מיטן זעלבן, לענע!.. איך וויל נאָר זאָגן אײַך, אז מיינע געפילן און די אינערלעכע פליכטן לעגאבע אײַך זיינען בא מיר געבליבן ניט באריערט, און אין אלץ, וואָס איז שייעך אײַך פערזענלעך, קאָנט איר שטענדיק האָבן אפּ מיר, אויב איר וועט וועלן. איך ווינטש אײַך אופריכטיק גליק, לענע... זײַט געזונט!

ער האָט זיך נידעריק פארבייגט פאר איר.

— ווארט צו...— האָט לענע שטיל א זאָג געטאָן.— איר פאָרט אפּ די טוטשאנער שאכטעס?

— יאָ.

— איר פאָרט מאָרגן?

— יאָ.

— נעמט מיך מיט מיט זיך...

כידעש, אומצוטרוי און באהאלטענע האָפענונג האָבן אין איין און דער זעלבער רעגע זיך אָפּגעשפיגלט אפּ זײַן פּאָנעם.

— איר האָט מיך ניט ריכטיק פארשטאנען,— האָט לענע שטיל א זאָג געטאָן,— אָבער איר האָט דעם איינציקן און לעצטן פאל, ווען איך בין ווירקלעך געצוווּנגען צו האָפן אפּ אײַך, און נאָר אפּ אײַך... נעמט מיך מיט זיך און העלפט מיר זיך דערקלײַבן צום פאָטער.

— דאָס איז מעשוגאס, לענע!..

— איר הייבט שוין אָן ניט צאָלן אײַערע וועקסלען, כאָטש איר דארפט טאָן זייער ווייניק: קריגן מיר א דורכפאָר־שײַן און קיינעם ניט דערציילן, אז איך פאָר אהין... דאָס איבעריקע נעם איך שוין אפּ זיך.

— גאָט מײַנער, לענע, איר ווייסט ניט וואָס איר בעט בא מיר. איר קאָנט ניט די דאָזיקע מענטשנ, איר אידעאליזירט זיי... אפּנ ערשטנ שפּאנ נאָכ וועט איר ארײַנפאלנ אינ א כײַע-גרוב — ערגער איידער אינ א כײַישער! עס איז א שוידער א טראכט צו טאָנ, וואָס זיי וועלנ אָפּטאָנ מיט אײַכ!

— עס איז ניטאָ קיינ מער שוידערלעכע כײַישע גרוב, ווי די, אינ וועלכער איכ געפינ זיכ איצט, — האָט לענע פּעסט א זאָג געטאָנ, — אונ איכ בינ זיכער, אז זיי וועלנ קיינ שום בייז ניט טאָנ דער טאָכטער פונעם דאָקטער קאָסטענעצקי, וואָס האָט „פּארכאפּט קאזיאָנע געלט“, — האָט זי א זאָג געטאָנ אונ א נאָטקע פונ שטאָלצ האָט א קלונג געטאָנ אינ איר שטימ. — אויב איר ווילט, קאָנ איכ אײַכ נאָכ זאָגנ, — אז איכ בעט אײַכ, איר זאָלט מיר העלפנ דערינ. אויב איר וועט מיר דערינ אָפּזאָגנ, וועל איכ שוינ אײַכ מער קיינ איינ וואָרט ניט זאָגנ.

לאנגאָוואָי האָט א געוויסע שטיקל צײַט געשוויגנ. א שארפער שניט האָט זיכ א צייכנ געטאָנ בא אימ אפּנ שטערנ. דערנאָכ האָט זײַנ פּאָנעמ באקומענ אנ אויסדרוק פונ קאלטקײַט אונ שטרענגקײַט.

— גוט, איכ וועל עס טאָנ, — האָט ער א זאָג געטאָנ. — נאָר איכ וועל זיכ איבערלאָזנ דאָס רעכט באגלייטנ אײַכ אזוי לאנג, ביזוואנענ איר וועט עס געפינענ פאר נייטיק, אונ אָפּריידנ אײַכ דערפונ...

— דאָס דאָזיקע אזויגערופענע רעכט קאָנ איכ בא אײַכ ניט אָפּנעמענ, כאָטש איכ האלט פאר מײַנ פליכט, — האָט זי אונטערגעשטראָכנ מאנירלעכ, קאָפּירנדיק לאנגאָוואָיס טאָנ, — צו וואָרענענ אײַכ, אז דאָס איז אנ אומזיסטע ארבעט.

— אלצײַנס. וועט איר באפוילנ קומענ נאָכ אײַכ?

— איכ וועל אלײנ קומענ אפּנ וואָקזאל. דער צוג גייט אינ־אָוונט?

— ניינ אינדערפרי: די אָוונט-צוגנ זײַנענ אָפּגעשאפט.

די לעצטע באמערקונג האָט פאר לענעס אויגנ רעאל אוועקגעשטעלט יענע ריזיקע, אפּ וועלכער זי לאָזט זיכ, אונ דאָס האָט, ווײַזט אויס, זיכ אָפּגעשפּיגלט בא איר אפּנ פּאָנעמ, מאכמעס לאנגאָוואָי האָט אײַליק א פרעג געטאָנ:

— עפּשער וועט איר דאָכ ענדערנ אײַער באשלוס?

— ניינ, — האָט לענע שטיל א זאָג געטאָנ.

צום צוג, מיט וועלכן עס זײַנען געפאָרן לענע און לאַנגאָוואָי, זײַנען געווען צוגעטשעפּעט עטלעכע וואַגאָנעס מיט סאָלדאַטן. לענע האָט געקוקט אין פענצטער, ווי זיי זײַנען געלאָפן מיט די טשײַני־קעס אַף די סטאַנציעס נאָך אָקרעפּ. אַף יעדער סטאַנציע איז געקו־מען צו גיין דער דענשטשיק, און לאַנגאָוואָי פלעגט אים שיקן נאָך קאָנפעטן, ביסקוויטן און בלומען.

לענע האָט געקוקט אַפן אײַנגוס, וואָס האָט זיך נאָרוואָס באַפרײַט פון אײַז און געגלאַנצט מיט דער גלאַטער קעלט זײַנער, אַף די פי־שער-אַרטעלן מיט די נעצן אַפן ברעג, אַף די פרילינגדיקע קאַראַ-וואַנעס געגנדז און קאַטשקעס. א גאַנצער עטאַפּ לעבן איז געבליבן פון הינטן. די וועלט האָט זיך געצווייט אין לענעס אויגן.

אינעם אָפענעם פענצטער פון דעם שטיבעלע לעבן דער סטאַנציע האָט לענע געזען א פאַשעטע בלאָנדע פרוי אין א ציצענער בלוזקע; די פרוי איז געזעסן אין פראָפיל, גענייט און עפּעס פאַר זיך געזונ־גען; זי האָט געהאַט א צאַרטע גילדענע הויט אַפן פּאָנעם און אַף די הענט און א ווײַסן, דינעם האַלדז; אונטערן קוקס האָר, אַף דער פּאָטיליצע האָט זיך געקרײַזלט בא איר א גאָלדן האָר-פּוכל. מיט גוטן מוט, מיט ליבע מוטערלעכקייט האָט געאָטעמט פון אָט דער פרוי, — פון וואַגאָן־פענצטער האָט איר לעבן אויסגעזען צו זײַן גליק־לעך! נאָר מעגלעך, אז דאָס איז געווען א גענאַרערײַ, — מעגלעך, אז בא דער דאָזיקער פרוי האָבן זיך ניט געהאַלטן קיין קינדער און דער מאַן איז געווען א שיקער און האָט זי געשלאָגן, און די וועלט אירע איז געווען באַגרענעצט און אָרעם.

לענע האָט געזען ריזיקע פאַרשמירטע כינעזער - פורמאַנעס, וואָס האָבן געבראַכט צו פירן קוילן אַף דער סטאַנציע; זיי האָבן געהאַט ווײַסע שײַנענדיקע ציין, שטערנס, וואָס האָבן געגלאַנצט פון זון און שוויס; זיי האָבן זיך אָנגענומענע איינער באַם אַנדערנס גאַרטל, אײַנ־געשפּאַרט זיך מיט די שטיינערנע פיס אין דער ערד, געבאָרעט זיך און געלאַכט, ווי די הונען, ווי די קינדער, און די מויל־אייזלען האָבן זיך א וואָרף געטאָן אין א זײַט פון זיי און ווילד געקרימט מיט די אויגן. דאָס מעכטיקע פרילינגדיקע בלוט האָט געשטראָמט אין די אָדערן פון אָט די מענטשן, מיט ריזיקער לעבנס־קראַפט, מיט בע-

רײשעסדיקער שײנקײט פֿון מוט האָט געווײט פֿון זײ. נאָר, ווײַזט אויס, זײ האָבן געלעבט אין שטינקענדיקע פֿאַרלײַזיקטע באַראַקעס, און די פּאָדריאַדטשיקעס האָבן געגאַנוועט ברויט בא זײערע קינדער, און האַמעטנע פֿינצטערקײט פֿון אומוויסן האָט אײַנגעהילט זײערע מויכעס...

פֿון צײַט צו צײַט האָט לענע מיט א בײזער פֿרײלעכקײט זיך דערמאָנט, אז זי איז אוועקגעפֿאָרן אומגעריכט, קײנעם ניט געזאָגט וועגן דעם אין דער הײם און אין שפּיטאָל, — דאָס איז געווען דערווײַל דאָס אײנציקע, מיט וואָס זי האָט געקאָנט נעקאָמע נעמען אָן די דאָזיקע אַלע מענטשן.

מיט וועלכן וועג וועט זי זיך קאָנען דערקלײַבן צום פֿאָטער? זי האָט געדענקט, אז ווען זי איז געווען א קלײן מײדעלע, האָט מען זי אַף א פֿור געפֿירט ביז ז'ער סטאַנציע קאַנגאַוז, נאָר פֿון דער דאָזיקער סטאַנציע ביז סקאָבײעווקע איז א מעהאַלעך פֿון פֿינף און זיבעציק ווי־אָרסט. סעריאָזשע, געדענקט זיך איר, האָט איר דערצײלט, אז ווען ער פֿלעגט פֿאָרן אַף די קאַניקולן אהײם, פֿלעגט ער שטענדיק דערפֿאָרן מיט דער שמאָלער באַן־ליניע פֿון די שאַכטעס ביז דער סטאַנציע סיצי, און פֿון דאָרט ביז סקאָבײעווקע איז סאַכאַקל דרײַסיק וויאָרסט, און דאָרט קאָן מען אָפֿטער קריגן א סקאָבײעווער פֿור. אויב אַף דער סטאַנציע זײַנען ניט געווען קײן פֿורן, פֿלעגט סעריאָזשע גײן צופֿוס ביזן נאָענטסטן צו דער סטאַנציע דאָרף כמעלניצקי, — א וויאָרסט צוועלף, — און דאָרט האָט ער געקראָגן א פֿור. נאָר, פֿאַרשטײט זיך, אז איצט איז גאָר ניטאָ וואָס צו כאָלעמען וועגן א וועלכער־ניט־איז פֿור. און די שמאָלע באַן־ליניע, וועדליק ווי סעריאָזשע האָט דערצײלט, איז אויך ניט געווען קײן דורכויסיקע, — אַף די שאַרפֿשיפּויִקע באַוואַלדיקטע בערגלעך האָט זי זיך איבערגעריסן, און די קוילן מיטן פּראַכט פֿלעגן אריבערגעפֿירט ווערן אריבער די בערגלעך אַף שטאָלענע קאַנאַטן, און די פּאַסאַזשירן זײַנען געגאַנגען צופֿוס. דאָך האָט דער דאָזיקער וועג אויסגעזען אין לענעס אויגן מער זיכערער. נאָר ס'אַרא שוצלאָזע און שוואַכע זי איז אינדערעמעסן געווען! אָט ווי דאָס לעבן האָט זיך א קער געטאָן צו איר!

אויסער לענען מיט לאַנגאָוואָיען זײַנען אין קופּע געפֿאָרן נאָך מענטשן: א דיקע דאַמע, די ווײַב פֿון אן אײגנטימער פֿון א געהילץ־זאַוואָד, א פּערציקיאָריקע אײַזנבאַן־דאַמע, מיט פֿלעדן, קאַלטע

קאָטלעטן און וואַגאָן-שמועסן, און א בארג-אינזשעניער, א קליינינק מענטשעלע פון א יאָר צוויי און דרייסיק מיט א קורצן האַלדז, אין א גרויען ציווילן אָנצוג און א היטל מיט צוויי העמערלעך אפ איר. זיין היטל פלעגט דער אינזשעניער אראָפּנעמען נאָר דעמלט, ווען ער פלעגט זיך לייגן אָפּרוען, און פארן לייגן זיך פלעגט ער בעטן דערויף א דערלויבעניש בא די דאמען. ער האָט געהאט א קיילעכיק, באוועגלעך קעפּל מיט א טונקל-העלן יאָזשיק, א שארף פּנעמל, לעבעדיקע קלוגינקע אייגעלעך און אינגאנצן איז ער ענלעך געווען אפ א יאָזשל. דאָס איז געווען א טיפּישער מאָסקווער אינזשעניער — ניט פון יענע, וואָס פירן אָן מיט דער ארבעט און פּראָיעקטירן, נאָר פון יענע, וואָס ארבעטן אין די שאכטעס, — אין זיינע מאנירן איז געווען עפּעס גראָבלעכס, אין געשפּרעך פלעגט ער זיך אָפט באנוצן מיט אויסדרוקן פון פּאָשעטן פאָלק. נאָר דער אינזשעניער האָט, ווייזט אויס, ליב געהאט זיין ארבעט. דעם גאנצן וועג האָט ער שטודירט א שטארק אָפּגענוצטן לויטן אויסערלעכן אויסזען, צוויי-בענדיקן קורס פון דער בארגקונסט, געהאלטן אין איין אונטערשטרייכן דאָרטן מיט א רויטן און בלויען בלייער, געשטעלט אפ די פעלדער פראגע-צייכנס און אויסרופצייכנס. איבעריקנס, דער אינזשעניער האָט זיך אינטערעסירט אויך מיט א סאך אנדערע דערשיינונגען אין דער נאטור און לעבן, — לעמאָשל, אפ דער סטאנציע אוגאָלנאיא האָט ער אין בופעט געקויפט א צענדליק געפלעדלטע פירעזשקעס געפילטע מיט פלייש און געבראכט זיי צו טראָגן אין וואגאָן אריין אין א פארפעטסטן צייטונג-פּאפּיר.

— פארזוכט, — האָט ער א זאָג געטאָן מיט זיין דינינק קעלכל און פּראָסט אויסגעצויגן זיין דלאָניעלע, — וואונדערלעכע פירעזשקעס. די אוגאָלנאיא רימט זיך פון אייביק אָן מיט זיי. איך קויף זיי דאָ שטענדיק, בעמעס וואונדערלעכע פירעזשקעס... עמעס, איצט זיינען זיי שוין ניט אזוי געשמאק, ווי באם אלטן, באם צארישן, אזוי צו זאָגן, רעזשים, איצט איז שוין ניט דאָס פלייש, און ניט דאָס טייג, און ניט דאָס אייל, וואָס איז געווען פריער. אָבער פונדעסטוועגן זיינען זיי נאָך אלץ געשמאק, — האָט ער ליבלעך גערעדט.

פון די פּירעזשקעס האָבן זיך אלע איידל אָפּגעזאָגט; דער אינזשעניער האָט פארמערט א שמעקל געטאָן מיטן קאָפּ, ארויסגעלייגט

די פּירעזשקעס אפּנ טישל אונ, פּארטיפּנדיק זיכ אינ קורס פונ דער באַרג-קונסט, האָט ער פּאַמעלעכ אַליינ אופגעגעסנ אַלע פּירעזשקעס.

די אָנוועזנהײַט פונ די דאָזיקע מענטשנ האָט לאנגאָוואָיענ גע־שטערט צו ריידנ מיט לענענ, נאָר לענע האָט די גאנצע צײַט גע־פילט אפ זיכ זײַנ הייסנ פריגערישנ בליק אונ, קעדיי אויסצומײַדנ ריידנ מיט אים, איז זי אפ די סטאנציעס ניט ארויס. ווי נאָר זי פלעגט ארויס אינ קאָרידאָר, פלעגט לאנגאָוואָי גלײַכ נאָכגיינ נאָכ איר, ווי א שאָטנ.

— ניט שוינ-זשע וועט איר מיר ניט גלייבנ, ניט פאָלגנ? מיט וואָס זאָל איכ אײַכ איבערצײַגנ? — האָט ער לײַדנשאפטלעכ גערעדט צו איר.

איינמאָל האָט אים לענע גראָב א זאָג געטאָנ, אז ער שטערט זי צו גיינ אינ טואלעט.

אפ דער סטאנציע אוגאָלנאיא איז דער צוג לאנג געשטאנענ, דערנאָכ איז געקומענ דער קאָנדוקטער אונ געבעטנ פארמאכנ דעמ פענצטער.

— צו וואָס? — האָט נאַיִוו א פרעגנ געטאָנ דער אינזשעניער.

— עס טרעפט זיכ, מע באַשיסט... — האָט מיט א כמורנער שעמעוודיקײַט א זאָג געטאָנ דער קאָנדוקטער.

— ס'ארא שוידער!.. — האָט די דאמע אויסגעשריִענ. — ניט שוינ-זשע יעדנ צוג?

— קימאט יעדנ איינעמ, איבערהויפּט, אויב אינ אים געפינט זיכ מיליטער...

— ס'ארא שוידער! ווענ איכ בינ אוועקגעפאָרנ פונ מײַנ מאנ, איז אזוינס לאכלוטנ ניט געוועזנ. א טראכט טאָנ נאָר, ס'ארא שוי־דערלעכ לעבנ עס איז אָנגעשטאנענ!.. איכ בינ געוועזנ צוגאסט בא מײַנ שוועסטער אינ פאָסיעטע, אפ דער קאָרעיִשער גרענעצ, איז דאָרט אויכ אומרויִק. מע זאָגט, אז די קאָרייער האָבנ זיכ אופגע־הויבנ אנטקעגנ די יאפאָניער. די רוסישע קאָרייער באהאלטנ אויס בא זיכ די געקומענע פונ יענער זײַט גרענעצ, אלע נאכט האלט מענ אינ איינ שיסנ, ראבעווענ, — פּאָשעט א שוידער! — האָט זי בע־האלטנ אינ איינ טײַנעמ אונ געוויקלט זיכ אינ פעלד. — ווענ וועט איר אונדז שוינ אמאָל באפרײַענ פונ דעמ אלעמענ!..

זי האָט קאָקעטיש א קוק געטאָנ אפ לאנגאָוואָיענ.

לאנגאָוואָי האָט קאַלט געקוקט אפ איר. דער אינזשעניער האָט זיכ פריילעכ גערזשמורעט, — די דאָזיקע דאמע האָט מיט עפּעס דעמ גאנצנ וועג געוויילט דעמ אינזשעניער, ער האָט גערנ מיט איר געשמועכט אונ דערבײַ געמאכט עפּעס אזעלכע דריבנע זשעסטלעכ מיט דער האנט, ווי ער וואָלט די דאמע מיט א לאפקע פארטשעפּעט, ווי א קעצל א שפּילצײַג.

אפ דער ערשטער סטאנציע נאָכ אוגאָלנאיא האָט א גרופּע מיליטערלײַט דורכגעקוקט די דורכפאָר־שײַנענ בא די פּאסאזשירנ. דער צוג האָט זיכ גערירט. אינ קופּע איז געוואָרנ אָנגעשטרענגט־שטיל. פּונקט אזא אָנגעשטרענגטע שטילקײַט האָט זיכ געפילט אינ גאנצנ וואגאָנ אונ, ווײַזט אויס, אינ גאנצנ צוג, — קיינע שומ געשפּרעכנ, קיינע שומ האקענישנ מיט דער טיר האָבנ זיכ ניט געהערט, — די רעדער נאָר האָבנ געמאָסטנ געקלאפּט, אונ ערגעצ אינ דיוואנ האָט דינ געקלונגענ א ספּראָנזשינע. דער אינזשעניער האָט, ליגנדיק, געלייענט זײַנ בארג־קונסט אונ געקײַט די פּירעזשקעס, די דאמע האָט הויכ געקרעכצט, — עס האָט זיכ געהערט, ווי בא איר אינ בויכ בורטשעט. לאנגאָוואָי האָט בייז אונ מיט עקל געקוקט אינ איינ פּינטל. לענע, ניט פילנדיק קיינ שומ געפאר, איז געזעסנ מיט אָנגעשפּארטע הענט אפנ טישל אונ געקוקט אינ פענצטער.

דער צוג איז געגאנגענ אינ א פארוואָרפענעמ העק — בלויע בארג־רוקנס, בערגלעכ מיט שווארצע אונ גרינע קווארדאטנ פעלד, נאקעטע פעלדזנ, וועלדער מיט נאָרוואָס פאנאנדערגעלאָזענע קנאָספּנ, אָזערעס פולע מיט טרוקענעמ פאראיאָריקנ אָטשערעט, זעלטענע כוטערס; איינצלנע שטיבלעכ, ווײַסע בײַדלעכ פונ מיליטערישע פּיקעטנ.

אָפּט האָט זיכ דער צוג מיט א געדונער ארײַנגעריסנ אינ א בארג־שפּאלט ארײַנ, — לענע פלעגט דאנ אינ פענצטער דערזענ איר אייגענעמ פארומערטנ פּאָנעמ אונ זי האָט זיכ מאשינאל אונטערגעפּודערט.

דער צוג האָט געמיטנ דעמ טאָל, — לעבנ בריק, וואָס איז געווענ אריבערגעוואָרפנ איבערנ טײַכל, האָבנ אונטער דער דאמבע זיכ געוואלגערט טעפּלושקעס, רעדער; דער צוג איז געגאנגענ אלצ פּאמעלעכער, ער איז געלאָפנ בארג־ארופ אינ א בארגיקער געגנט, וואָס איז פול באשאָטנ געווענ מיט קוסטעס אונ נידעריקע וועלדלעכ.

לענע האָט שפעטער בעשומויפנ זיכ ניט געקאָנט דערמאָנענ, אינ וועלכנ מאָמענט דאָס אַלצ האָט זיכ אָנגעהויבנ, — אזוי אומגעריכט אונ ניט וואָרהאפטיק האָט זיכ עס באקומענ נאָכ יענער גאנצער געוויינלעכקייט, אינ וועלכער זי האָט געלעבט, נאָכ דער בלאָנדער פרוי אפ דער סטאנציע מיטנ גאָלדענעמ פוכל אפ דער פאָטיליצע אונ מיטנ קינדערשנ נייעכצ אינ די הענט, נאָכנ בארג־אינזשעניער מיט זיינע געפלעדלטע פירעזשקעס. דוכט זיכ, זי האָט דערזענ הייפלעכ מענטשנ מיט ביקסנ, וואָס זיינענ געלאָפנ פונ איינ בערגל אפנ צווייטנ, דערנאָכ האָבנ זיכ באוויזנ ווייסע רויכלעכ אינ די קוסטעס, עס האָבנ זיכ דערהערט עפעס קנאקנדיקע קלאנגענ, אונ גלייכ נאָכדעמ האָט עפעס שטארק אונ אָפט זיכ צעטראסקעט אינעמ עק פונ צוג, אנטקעגנ לענענ האָט מיט א קלונג די שויב זיכ צעשאָטנ אונ שיר ניט פארוואונדעט זי. די דאמע האָט ארויסגעלאָזט א געיאָמער אונ איז, ווי א זאק, אוועקגעפאלנ אפ א זייט.

— גייט אוועק פונ פענצטער!.. — האָט ווי ניט מיט זיינ שטימ לאנגאָוואָי א געשריי געטאָנ אונ מיט גוואלד א שלעפ געטאָנ לענענ פאר א האנט פונ פענצטער אוועק.

אפ א ווײַלע האָט זי דערזענ זיינע פארשמעלערטע שטעכיקע אויגנ; ער איז איצט נאָר געשטאנענ אפ איר אָרט, פארשטעלנדיק זי מיט זיינ קערפער, — ער האָט געהאלטנ אינ דער האנט דעמ רעוואָלווער אונ געקוקט אינ דער צעבראָכענער שויב אריינ, דורכ וועלכער עס האָט זיכ איצט בוילעט דערטראָגנ דער קנאק פונ די קוסטעס אונ פונ עק צוג. דער צוג האָט געסקריפעט, געהאקט מיט די בופערס, באוועגט זיכ מיט שארפע ריסנ, געפרווט פארשנעלערנ דעמ גאנג, נאָר ווי געשפרונגענ אפ איינ אָרט.

דער אינזשעניער האָט געלאסנ אוועקגעלייגט דאָס בענדל בארגקונסט, אוועקגעזעצט זיכ אונ אופמערקזאמ א קוק געטאָנ אפ דער דאמע, וואָס איז געלעגנ אפ א זייט. ווענ ער האָט זיכ איבערצייגט, אז זי איז פאָשעט געפאלנ אינ כאלאָשעס פונ שרעק, איז ער א ווײַלע געזעסנ, האלטניק זיכ מיט די הענט פארנ דיוואנדל, מיט א פארוואָרפנ קעפל אפ א זייט, געקוקט מיט איינ אייגל אפנ דיל, ווי א האָנ, וואָס קוקט אויס א קערנדל איידער ער גייט אימ א פיק טאָנ. דערנאָכ האָט ער אוועקגעלייגט א ביסל העכער דעמ קישנ, אנידערגעלייגט זיכ אונ ווידער גענומענ דאָס בענדל בארג-

קונסט אין די הענט אריין. איבעריקנס, ער האָט אים גלייך צוריק אוועקגעלייגט און א קוק געטאָן אפּ לאנגאָוואָיען.

— איר שיסט נאָר ניט, — האָט ער רויִק א זאָג געטאָן, — איר וועט די דאמען דערשרעקן...האָסט געזען, ווי ער פּעבקעט עס א ביסל, — האָט ער פארליבט א זאָג געטאָן, ווייזט אויס, וועגן לאָקאָ־מאָטיוו, א קוק געטאָן פון דער זייט אפּ לענען און א ווונק געטאָן צו איר.

דער צוג איז אריבער דעם בארג, פארשנעלערט דעם גאנג און אוועקגעטראָגן זיך באַרג־אראָפּ. א שטיקל צייט האָבן זיך נאָך גע־הערט די שאָסן אין עק צוג. ווו לאנגאָוואָיס סאָלדאטן זיינען גע־פאָרן, דערנאָך איז אלץ שטיל געוואָרן. אין וואגאָן האָט עמעצער אָנגעהויבן האקן מיט די טירן, עס האָבן זיך דערהערט שטימען און די טופּעריי פון טריט אין קאָרידאָר.

— אלע זיינען גאנץ? — האָט עמעצער א פרעג געטאָן, עפּע־נענדיק די טיר פון דער קיפּע.

— ברענגט א ביסל אמיאַק־טראָפּנס — דאָ איז א דאמע אין כאלאָשעס געפאלן, — האָט לענע א זאָג געטאָן.

דאָס אלץ האָט אזוי גיך פּאסירט, אז לענע האָט ניט באוויזן צו דערשרעקן זיך, בלויז אין די אויגן אירע האָט זיך באוויזן א בידעש-אויסדרוק. אין א ווײַלע ארום האָט זי א טראכט געטאָן, אז צווישן די מענטשן, וואָס האָבן דעם צוג באשאָסן, האָט געקאָנט זיין דער פאָטער אירער און סעריאָזשע, און דער דאָזיקער געדאנק האָט אפּ איר אַן אומרו אָנגעוואָרפן.

די דאמע האָט מען אָפּגעמינטערט.

— איך שטארב... — האָט די דאמע א זאָג געטאָן און באגאָסן זיך מיט טרערן.

די פארב מיט דער פודרע זיינען צעשמירט געוואָרן איבער איר אָפּגעוועלקטן פּאָנעם.

אפּ דער נאָענטסטער סטאנציע איז לאנגאָוואָי אוועק צו זיינע סאָלדאטן זען, צי עס איז ניטאָ קיין קאָרבאָנעס צווישן זיי. נאָך אים איז ארויסגעלאָפן אויך דער בארג-אינזשעניער.

דער אינזשעניער איז אינגיכן צוריקגעקומען.

— דריי דערהארגעט און א צענדליק מענטשן פארוווּנדעט, צוויי שווער, — האָט ער לעבהאפט דערציילט און געגלאנצט מיט זיינע

לעבעדיקע אייגעלעך, — און די פּאַסאַזשירן זײַנען אַלע גאַנץ. אין איין וואַגאָן בלויז, שמועסט מען, איז פון דער דריטער פּאָליצע אַראָפּגעפאַלן אַ קויש אייער און קאָנטוזירט דעם קאָפּ בײַ איינעם אַ גאַלעך...

אין אַ שטיקל צײַט אַרום איז דער צוג אָנגעקומען אין שקאָ־טאָווע. דער אינזשעניער האָט אַרויסגענומען פון צוקאַפּנס אַ היפּש פּעקעלע אײַנגעוויקלט אין פּאַפּיר, אַרופגעוואָרפן אויף די אַקסל דעם מאַנטל.

— איך דאַרף דאָ איינעם אַ באַקאַנטן אויף דער סטאַנציע אַ פּעקעלע איבערגעבן, — האָט ער באַריידעוודיק געגעבן צו דער־קלערן, — איז קוקט זיך צו, זײַט אַזוי גוט, צו מײַן שטיקל באַגאַזש...

נאָר ווײַזט אויס, אַז דער אינזשעניער האָט זיך פאַרעדט מיט זײַן באַקאַנטן: דער צוג איז אין שקאָטאָווע געשטאַנען העכער צוויי שאָ און דער אינזשעניער איז נאָך אַלץ ניט צוריקגעקומען. ענדלעך האָט זיך דער צוג גערירט און דער אינזשעניער איז נאָך אַלץ ניט געווען.

און ווען דער קאָנטראָליאָר מיטן קאָנדוקטער און וואַגאָן־באַ־גלייטער האָבן שפּעטער געעפנט דעם אינזשעניערס אָפּגעריבענעם טשעמאָדאַנדל, וואָס איז פון אַלע זײַנע געווען באַקלעפּט מיט באַ־גאַזש־קוויטאַנציעס און האָטעל־צעטלען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז פול אָנגעשטאָפּט געווען מיט זעגעכץ, וואָס איז פון אויבן צוגעדעקט געווען מיט אַ צײַטונג.

44

פון דער סטאַנציע שקאָטאָוואָ איז דער צוג אָפּגעפאָרן אַ צענדליק ווערסט און איז געבליבן שטיין אינמיטן וואַלד. עס איז שוין צוגעפאַלן דער אָוונט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאָרויס זײַנען צעשרויפט די רעלסן. דער צוג איז מיט הינטערגאַנג אַוועק צוריק קיין שקאָטאָוואָ. דאָרט איז ער געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט.

באַנאַכט האָט זיך לענין אַלע ווײַלע אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַ נאַסע פון שווייס, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. איינמאָל האָט זי זיך אויפגעכאַפּט דערפון, וואָס אויף דער סטאַנציע איז אָנגעקומען אַ יאַ־פּאַנישער עשעלאָן. די יאַפּאַנישע סאָלדאַטן, פּעכקענדיק מיט זייערע

סיגארעטן און גלאנצנדיק מיט די שפיזן, זײַנען געשפרונגען פון די וואגאָנעס. מענטשן מיט לאמטערנעס אין די הענט זײַנען געלאָפן לענגאויס דעם עשעלאָן און געקלאפט מיט א האמער איבער די רעדער. בא איינעם א וואגאָן האָט מיט א בלויען פלאם געברענט א בוקסע, און דאָרט האָבן זיך אויך ארומגעפּאָרעט טונקעלע גרופעס מענטשן מיט לאמטערנעס אין די הענט. דערנאָך איז דער עשעלאָן אוועק אין דער זײַט פון דער סטאנציע קאנגאוז.

אפ מאָרגן האָט א גאנצן טאָג אזוי פאמעלעך זיך גערוקט דער צוג פון סטאנציע צו סטאנציע, און אזוי לאנג איז ער אפ יעדער סטאנציע געשטאנען, געוואַרט ביז מע וועט פאריכטן א בריקל פאָרויס אָדער דורכגעלאָזט א צוג מיט מיליטער־פראכטן, עשעלאָנעס מיט קאָלטשאקאָווצעס, יאפּאָנישע און אמעריקאנער סאָלדאטן, אז לענע האָט שוין קימאט איינגאנצן פארלאָרן די האָפענונג ווען-ניט-אין צו דערקלײַבן זיך צום ציל.

אפ דער סטאנציע קאנגאוז איז מען אָנגעקומען, ווען עס איז שוין גוט פינצטער געווען. דער אייגנטימער פון געהילץ־זאוואָד האָט באגעגנט זײַן ווײַב. די לעצטע פאסאזשירן האָבן פארלאָזט דעם צוג. די סאָלדאטן פון די הינטערשטע וואגאָנעס האָבן זיך אפגעפּעראָן אויסגעשטעלט אין רייען.

לענע און לאנגאָוואָי זײַנען איינע אליין געשטאנען אפן סטאנציע-גאנעק. דער דענשטשיק האָט אונטן געהיט די זאכן. פינצטערע בערג האָבן ארומגערינגלט דאָס סטאנציעלע פון אלע זײַטן און פארשטעלט פון אים דעם הימל. אונטן, אין טאָל, האָבן געפינקלט די פײַערלעך פון יישעוו, האָבן געברענט צונטערע שײַטערן, וואָס האָבן ארויסגעריסן פון דער פינצטערניש די גרויע לײַוונטן פון די מיליטער־בײַדלעך.

— ניין, לענע, איר קאָנט דאָ ניט בלײַבן איינע אליין, — האָט מיט א דומפיקן קאָל לאנגאָוואָי א זאָג געטאָן. — אינדערעמעסן, קומט מיט אונדז. הינטער בארג־פאס הייבט זיך אָן די שמאָלע באן-ליניע און דאָרט ווארט אפ אונדז א ספעציעלער צוג...

— איך וועל דאָ געכטיקן, — האָט שטיל לענע איבערגעכאזערט.

— אָבער ווו? איר קענט דאָ קיינעם ניט, קיין האָטעל איז דאָ ניטאָ...

— אפ דער סטאנציע. נעכטיקן דאַרף דאָ אנדערע...

— הערט אויס, לענע, דאָס איז פּאָשעט ניט קלוג. סאָפקאָלסאָפּ,

אויב איר ווילט ניט פֿאָרן מיט מיר אפֿ דער שאכטע און זאָגט זיך ניך אָפּ צוריקצוקערן, האָט איר דאָך אליין געזאָגט, אז איר דארפֿט קיין סיצי... לעכאָלאפּאָכעס וועלן מיר אײַך באגלייטן ביז סיצי, וועט אײַך ניט שרעקלעך זײַן איינע אליין אריבערגיין דעם בארג־פּאס, וועט אײַך ניט אויסקומען שאָענלאנג צו ווארטן אפֿ א צוג...

— כיטרעוועט ניט, לאנגאָוואָי...

— צו וואָס באליידיקט איר מיך אין דער לעצטער מינוט? איך האָב קיינמאָל ניט געכיטרעוועט מיט אײַך. ניט שווין־זשע מיינט איר, אז איך וועל אײַך שלעפּן מיט גוואלד, אויב איר וועט וועלן בלײַבן אין סיצי?

— כיטרעוועט ניט מיט זיך אליין...

— לענע, איצט איז קיין צײַט ניט פֿאר פּסיכאָלאָגיע, דאָס איז פּאָשעט קאָמיש. נו, פֿארוואָס זאָלט איר ווירקלעך ניט פֿאָרן מיט אונדז ביז סיצי?

— איר ווילט וויסן?.. — לענע האָט לאנגאָוואָיען א קוק געטאָן גלײַך אין פּאָנעם ארײַן. — איך מיין, אז מיר לוינט ניט צו פֿאָרן ווײַטער מיט אײַך, איר קאָנט מיך קאָמפּראָמעטירן...

— קאָמפּראָמעטירן?! אין וועמעס אויגן?..

— אין די אויגן פֿון די פּארטיזאנער.

— אָט וואָס!..

לאנגאָוואָי איז אנשוויגן געוואָרן.

— הייסט מיר געבן מײַן סאקוואָיאזש, — האָט לענע שטיל א זאָג געטאָן.

לאנגאָוואָי האָט שטום געקוקט אפֿ איר.

— לענע, — האָט ער אין א ווײַלע ארום א זאָג געטאָן, — עס זײַנען געבליבן די לעצטע רעגעס, ווען וועל איך נאָך אײַך קאָנען זען און ריידן מיט אײַך...

— ווי שטארק איר האָט עס ליב דראמאטישע לאגעס!

— מיר ווילט זיך אײַך זאָגן, אז איך האָב שטענדיק ליב גע־האט און האָב אויך איצטער ליב מער איידער מײַן אייגענעם לעבן נאָר אײַך אליין און אז איך בין טיף און אפֿ אייביק אומגליק־לעך... אומגליקלעך. איך בעט אײַך נאָר איינס: ליגט זיך אוועק אײַ־ער האנט אפֿן הארצן אין מיטן לעצטן קויעך פֿונעם עמעס זאָגט: צי קאָנט איר ניט אפּסנײַ באטראכטן דאָס אלץ, וואָס איז געווען, און

אומקערנ יענצ געפיל פונ ליבע אונ צוטרוי צו מיר, וואָס איז בא אײַכ געוועג... אומקערנ כאָטש ווענ-ניט-איז?.. ענטפערט ניט גלײַכ. איכ בעט אײַכ... גיט א טראכט וועגנ דעמ...

— גיט מיר מײַנ סאקוואָיאזש, — האָט געלאסנ לענע א זאָג געטאָנ.

— הייסט עס, א סאָפ?..

לענע האָט געשוויגנ.

— טימאָפיי! דערלאנג יעלענא וולאדימיראָוונאס סאקוואָיאזש...

לאנגאָוואָי האָט גענומענ באמ סאָלדאט דעמ סאקוואָיאזש אונ א ווײַלע געהאלטנ אימ אינ דער האנט. — דאָס איז געווענ דאָס לעצטע, וואָס האָט זיי נאָכ פארבונדנ, — דערנאָכ האָט ער אימ דערלאנגט לענענ.

— זײַט געזונט, לענע...

— זײַט געזונט, לאנגאָוואָי...

לענע האָט זיכ א נעמ געטאָנ פארנ הענטל פונ טיר אונ א ווײַלע געבליבנ שטיינ. זי האָט געהערט לאנגאָוואָיס טריט אפ די טרעפ. די טריט זײַנענ אנשוויגנ געוואָרנ.

— לענע!.. — האָט לאנגאָוואָי א רופ געטאָנ.

לענע האָט אנ עפנ געטאָנ די טיר אונ איז ארײַנ אינ דער סטאנציע.

45

מיטנ מאנטל אפ איינ האנט, מיטנ סאקוואָיאזש אינ דער צווייטער איז לענע געשטאנענ אפנ בארג־פאס. עס איז געווענ ניט שפעטער פונ זעקס אינדערפרי. שטיקער געפל זײַנענ ארומגעקראָכנ איבער די שפיצנ בערג, אונ אינ די טאָלנ אינ אינ די בערג-שפאלטנ איז נאָכ דער נעפל געלעגנ אינ געדיכטע שיכטנ. די מוטנע זונ האָט זיכ נאָרוואָס געהויבנ איבערנ ווײַטנ בארג־שפיצ; אפנ בארג־פאס, ווו לענע איז איצט געשטאנענ, האָט דער פרישער געבלעטער, וואָס איז אונטערגעוואָקסנ פאר דער נאכט, געגילדט זיכ אונ געשפילט אינ טוי. לעבנ דרײַ בײַדלעכ אונטער די ביימער איז געשטאנענ אנ אמעריקאַנער סאָלדאט מיט א ביקס; א צווייטער, מיט אנ אָנגעזייפטנ פאָנעמ, האָט זיכ געגאָלט. ער איז געזעסנ דאָ ניט ווײַט אפ א שטול אפ שארנירנ אונ אנטקעגנ אימ, אפ א צווײַגל, איז געהאנגענ א שפיגעלע. ער האָט זיכ געקוקט אינ שפיגעלע אונ געגאָלט.

אפ די שמאָלע גלאַנציקע קאָלייעס זײַנען פאַרביי לענען געקראָכן אפ שטאָלענע שטריק וואַגאָנעטקעס פול אָנגעלאָדענע מיט קוילן. די דאָזיקע, די פולע, זײַנען געקראָכן אפ קאַנגאַוז, די ליידיקע — אראָפּ, אהין, וווהין לענע האָט געקוקט. די וואַגאָנעטקעס, די קוילן, די שטאָלענע שטריק זײַנען פאַרכט געווען פון טוי. אונטן האָבן זיך אין נעפּל געטונקלט אייניקע געבײַדעס פון עפּעס א סטאַנציעלע, דאָס בײַדל פון עלעקטרישן קראַן, ציילן האָלצ און געהילצ. א קליין לאָקאָמאָטיוול, א „קוקושקע", האָט געפּײַפט און ארומגעשמײַעט איבער די רעלסן און זײַן רויך האָט זיך אויסגעמישט מיטן נעפּל. דאָס איז געווען די סטאַנציע פון דער שמאָלער באַן-ליניע.

אין איינער פון די ליידיקע וואַגאָנעטקעס, וואָס האָט זיך גע־טראָגן פון דער סטאַנציע קאַנגאַוז, זײַנען געלעגן צוויי ארבעטער די פיס פאַריסן אין דער הייך. ווען זיי האָבן דערזען לענען, האָבן זיי פלינק אוועקגענומען די פיס.

— זעצ זיך, מיר'ן צופירן! — האָט איינער א געשריי געטאָן און אָפּגעוואָרפן דאָס ווענטל.

לענע האָט א וואָרפּ געטאָן צו זיי דעם סאַקוואָיאַזש מיטן מאַנטל און ארײַנגעשפּרונגען אין וואַגאָנעטקע ארײַן.

— ווײַט פאָרסטו, כאַוועדטע? — האָט בא איר א פרעג געטאָן דער ארבעטער, וואָס האָט איר אײַנגעלאַדן אין דער וואַגאָ־נעטקע.

— אפ דער שאַכטע... — האָט לענע א זאָג געטאָן און פאַר־האַקט זיך.

— א לערערקע, צי וואָס?

— יאָ, א לערערן...

די וואַגאָנעטקע האָט געפויזעט בארג־אראָפּ; די באַגילדעטע קוסטן און די בײַדלעך פון די אמעריקאַנער, האָט זיך געדוכט, זײַנען גע־בליבן הענגען איבערן קאָפּ.

...מײַן מאַמעניו האָט מיך געוואָרנט,
מיין מאַמעניו האָב איך ניט געפאָלגט...

האָט דין און הייזעריק זיך צעזונגען דער צווייטער ארבעטער.

— איר ווייסט ניט, א צוג אפ דער שאַכטע וועט באַלד זײַן? — האָט לענע א פרעג געטאָן.

— קיין גראַפיקעס זײַנען דאָך ניטאָ... נאָר פונדעסטוועגן דאַרפ

ער באַלד זײַן, עפּעס וואָס וועט זײַן... אנו, וואַניאַ, גרייט זיך, אַנייט וועלן מיר אונטערן בונקער אַוועק... שפּרינג, כאַוועדטע לערערקע! — האָט אַ זאָג געטאָן דער ערשטער אַרבעטער און אָפּגעוואָרפן דאָס ווענטל.

לענע איז אַרויסגעשפּרונגען, די אַרבעטער האָבן איר דערלאַנגט דעם מאַנטל מיטן סאַקוואָיאַזש און זײַנען אַליין אַרויסגעשפּרונגען, — און די וואַגאָנעטקע איז ניט געוואָרן אין עפּעס אַ טונקעלער לאָך.

לענע איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, האָט זי איצט אַ דרעמל געטאָן אויף דער זון לעבן דער סטאַנציע, ווו עס זײַנען שוין געזעסן גרופּעס אַרבעטער און אַרבעטערנס, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ צוג. אויפגעכאַפּט פון שלאָף האָט זי זיך פון עפּעס אַ שטויס אין פּלייצע אַרײַן.

— שטיי אויף, מיידל, — דו וועסט דעם צוג פאַרשלאָפן, — האָט אַ זאָג געטאָן צו איר אַ באַיאָרנטע פרוי אין אַ צעריסענעם פאַרטעך.

די פרוי האָט אַ כאַפּ געטאָן איר קויש מיט די קאַרטאָפל, וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן וואָרצלען לאָזן, און אַ וואָרף געטאָן זיך צום צוגל, וואָס איז באַשטאַנען פון דרײַ וואַגאָנדלעך, אין וועלכע עס זײַנען געקראָכן מיט אַ געלעכטער און געשטויס מענטשן מיט זעק, קוישן און אינסטרומענטן. לענע האָט ניט געקאָנט בײַ זיך פּועלן אָנטייל־צונעמען אין דער דאָזיקער שטיקעניש און איז אַוועק מיט איר סאַק־וואָיאַזשל לענגויס די וואַגאָנעס.

— וואַניאַ! און די לערערקע אונדזערע האָבן מיר פאַרגעסן!.. — האָט זיך דערהערט אַ באַקאַנטע שטים, און פון די טרעפּ פונעם לעצטן וואַגאָן, וואָס איז פול אָנגעפּראָפּט געווען מיט מענטשן, האָבן זיך אַ ציי געטאָן צו לענען צוויי אָדערדיקע הענט. — גיב אַהער דײַנע בעבעכעס... וואַניאַ, נעם!..

— דאָ איז ניטאָ קיין אָרט! — האָט עמעצער געשריִען.

— נו, וואָס הייסט ניטאָ, — גיב אַ קוק, ס'אַרא דינינקע זי איז, די לערערקע...

— און דעם סאַקוואָיאַזש וווּהין, אַפּנ קאָפּ?

— און דעם סאַקוואָיאַזש וועלן מיר צום טאָרמאַז צובינדן, — האָט וואַניאַ פויל אַן ענטפער געטאָן.

— און אַז מע וועט דאַרפן האַמעווען?

— און אַז מע וועט דאַרפן האַמעווען — וועלן מיר אָפּבינדן, —

האָט ווידעראמאָל וואניא פויל געענטפערט אונ דער צווייטער ארבעטער האָט שוינ דערווײַל געהאָלפנ לעגנ אפ די טרעפלעכ ארופ.

באגאָסענע מיט זונ נאָדלבײמ-וועלדער, שטראלנדיקע וואסערפאלנ, גראָבנס מיט רעשטלעכ שווארצ-געוואָרענעמ שניי, צארטע וואָלקנדלעכ, ווערבנפוכ האָט זיכ געטראָגנ פארבײַ לענענ; אינ פאָנעמ האָט געשמיסנ א פרײַער ווינט, וואָס האָט געשמעקט מיט סמאָלע, אפנ סאראפאנ האָט זיכ געזעצט א שטויב. א שטארקע אָדערדיקע האנט האָט ארומגענומענ לענענ עטוואָס נידעריקער פונ דער ברוסט אונ צוגעהאלטנ זי, אונ לענע האָט ניט נאָר ניט געפילט קיינ שומ ניט באקוועמס דערינ, נאָר פארקערט — אנ אויסערגעוויינלעכע דאנקבארקײַט אונ צוטרוי האָט זי געפילט צו דער דאָזיקער האנט.

עס האָט זי געפרייט, וואָס לאכלוטנ קיינער פונ די מיטפאָרנדיקע האָט ניט געלייגט קיינ שומ אכט אפ איר אונ ניט פארפירט קיינ שמועסנ מיט איר, אונ אויכ דאָס, וואָס די מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ אָנגעשטופט אפ די טרעפלעכ הינטער איר, האָבנ פרײַ, פריילעכ אונ אָנ דעמ מינדעסטנ פאכעד געזידלט די מאכט, געלויבט די פארטיזאנער אונ בארימט זיכ מיט זייערע דערפאָלגנ, ווי מיט זייערע אייגענע, א היפש ביסל, ווײַזט אויס, צולײַגנדיק דערבײַ.

— קומט ער אזוי ארײַנ אפנ וואָקזאל, גלײַכ אינ בופעט פונ ערשטנ קלאס, ארומ אונ ארומ זיצנ דאמענ, אָפיצערנ, — האָט געפלאפלט עמעצנס א זעלבסט-צופרידענע שטימ, — נו, ער איז דאָכ אויכ אָנגעטאָנ אינ דער פאָרמע, אלצ ווי עס באדארפ צו זײַנ, נעמט מענ אימ אָנ פאר א אייגענעמ. גייט ער אזוי צו צומ בופעט, טרינקט אויס א גלאָז בראָנפנ, פארבײַסט מיט א הערינגל אונ — גלײַכ אפנ טעלעגראפ. ווי נאָר ער קומט ארײַנ, די טיר — גלײַכ אפנ שלאָס, נעמט ארויס דעמ רעוואָלווער. „רופ מיר ארויס, — זאָגט ער צומ טעלעגראפיסט, — לויטנ דירעקטנ דראָט דעמ סאמע אטאמאנ קאלמיקאָוו אליינ!..“ — „און איר, אנטשולדיקט, ווער וועט איר אזוינער זײַנ?“ — „און איכ, — זאָגט ער, — בינ פארטיזאנ ברעדיוק, כאָטש, איבעריקנס, דאָס איז, — זאָגט ער, — ניט אײַער זאכ... נו, דער טעלעגראפיסט, פארשטייט זיכ, האָט גלײַכ געקראָגנ פולע הויזנ אונ גענומענ זיכ ארויסרופנ...

— אָט דאָס איז אנ ארבעט, יאָ-יאָ! — האָט זיכ דער אוילעמ ארומ צעלאכט.

— האָט ער זיכ, הייסט עס, דערקלונגענ צומ סאמע אטאמאנ.

יענער גיט זיך א זאָג: „איך — אַטאַמאַן קאַלמיקאָוו. וועֶר פּאָדערט?..״ — „פּאַרטיזאַן ברעדיוק פּאָדערט״. — „וואָס באַדאַרפסטו, באַנדיט״ — „איך באַדאַרף, אייער עקסעלענץ, שיקן אייך צו אַזאַ און אַזאַ מאַמען, און דעם צוג דיינעם וועל איך סײַווי אויפרייסן און דיך, די פּאַסקודע, דעם ווייסן הינטן. וועל איך סײַווי אין א פּאָלאָנקע מיטן קאָפּ אראָפּ א הוק טאָן. אַמבאַ און קאַיוק!״...

— טיר־טיר! אָט דאָס הייסט זיך דורכגערעדט מיטן אַטאַמאַן!..

— און ווי־זשע איז ער צוריק אַרויס?

— גאַנץ פּאָשעט אַרויס. דעם טעלעגראַפיסט האָט ער א סטראַשע געטאָן: „אויב דו וועסט, — זאָגט ער צו אים, — הנידע, א טומל אויפהייבן, וועל איך דיך פון אונטער דער ערד אויסגראָבן און צוריק אַהין א לעבעדיקן באַגראָבן״. די טיר פון דער צווייטער זייט פאַרשלאָסן, אַפן פערד און — הײַדאַ...

— געוואַגט!

— דער דאָזיקער ברעדיוק קאָן די מעלאָכע!

— איך מיין, אַז אונדזער מאַרטעמיאַניטש וועט זיך אויך אַן אייצע געבן: עס לאָזט זיך הערן, אַז אײַנקורצן וועט מען צו דער שאַכטע זיך לאָזן...

— שוין לאַנג צײַט געווען, ניטאָ וואָס צו פרעסן, ניטאָ קיין געלט, די קינדער פּוכנען פון הונגער...

— אוי, ווי קריכסטו! — האָט א קוויטשע געטאָן א פרויען-שטים.

— און דו דריי זיך ניט. גיב א קוק, אָט די לערערקע שטייט רויִק...

לענע איז רויט געוואָרן.

— די קינדער — דאָס איז גאָרנישט: זיי זײַנען געוווינט צו פּוכנען. די הויפּטזאַך, די ווײַסע נעמען זיך אָן מיט קויעך. באַנאַבט איז ווידער אַדורך אַן עשעלאָן. מע זאָגט, א נײַער גאַרניזאָן-שעפּ...

— דער וועט נאָך שטאַרקער א דריק טאָן...

אַפן צווייטן עק טאַמבור האָבן צווייען פלוצלינג און אומבאַוווּסט פאַרוואָס זיך צעשלאָגן. מע האָט זיי גיך אײַנגענומען, אָבער זיי האָבן נאָך א לאַנגע צײַט זיך געמאַמלט און געזידלט איינער דעם אַנדערן.

צו אַזייגער דרײַ נאָכמיטיק, דורכמאַכנדיק נאָך א באַרג-פּאַס, מיט נאָך וואַגאָנעטקעס, וואָס האָבן געפּויזעט איבער אים, ווי די ברוינע ווערעם, האָט לענע מיט אָט דער גרופּע אַרבעטער זיך דערקליבן צו

דער סטאנציע סיצי. קעדיי אויסצומײַדנ נאָכפרעגענישנ, פארוואָס זי בלײַבט דאָ, איז לענע אויסגעקומענ צו באהאלטנ זיכ הינטערנ סטאנציע-שטאל, ביזוואנענ דער צוג איז אָפּגעגאנגענ. דערנאָכ האָט זי זיכ דערפרעגט אפנ וועג אינ דאָרפ כמעלניצקאיא אונ מוטיק זיכ געלאָזט אהינ.

זי האָט זיכ באגאָסנ מיט שווייס, איבערגעלייגט דעמ מאנטל מיטנ סאוקאָיאזש פונ איינ האנט אפ דער אנדערער: סאָפּקאָלסאָפּ איז פאר איר קלאָר געוואָרנ, אז די בײדע זאכנ וועט זי ניט זײַנ בעקויעכ צו דערטראָגנ. דעמלט האָט זי מיט דער לײַכטקײַט פונ א מענטשנ, וואָס באקומט זאכנ אָנ מי, ארויסגעוואָרפנ דעמ מאנטל אינ די קוסטעס ארײַנ.

דער וועג איז געלעגנ מיט דער טײַגע דורכ בערג, דער וואלד איז געשטאנענ שטומ: קיינער האָט לענענ ניט אָנגעיאָגט, קיינער האָט זיכ איר אינ וועג ניט געטראָפנ: עס האָט זיכ געהערט דער גערויש פונ יעדנ איינציקנ טרוקענעמ בלעטל. לענע איז אריבער איינ בארג, פאר די אויגנ איז געשטאנענ א צווייטער בארג. פונ בײדע זײַטנ וועג האָבנ זיכ געצויגנ אומגעלומפּערטע אָנהויפונגענ פונ שטורעמוואלגער: די ארויסגעריסענע מיט גאנצע פּלאסטנ ערד וואָרצלענ פונ די אומגעוואלגערטעביימער זײַנענ געשטאנענ, ווי די פּיראמידעס.

א פּאכעד האָט לענענ אָנגעכאפּט. ווי, אויב זי וועט ניט באוויײַזנ דערקלײַבנ זיכ ביז נאכט צומ דאָרפ אונ איר וועט אויסקומענ איינע אליינ בלײַבנ דאָ נעכטיקנ אינ וואלד. זי האָט פארגיכערט איר טראָט, זי איז געלאָפנ, ספּאָטיקעט זיכ, געפאלנ, גענומענ דעמ סאקוואָיאזש אונ ווידער געגאנגענ, אָטעמענדיק שווער אונ האלטנדיק זיכ מיט א האנט פארנ הארצ.

א פרילינגדיקער מוטנער שטראָמ מיט ארויסטארטשנדיקע גליטשיקע שטיינער האָט מיט א טומל פארצאמט דעמ וועג. לענע איז געגאנגענ ארופ אונ אראָפּ, געזוכט א קלאדקע אָדער אנ אײַנגעפאלענעמ בוימ, איבער וועלכנ מע זאָל קאָנענ אריבער דעמ שטראָמ, ניט געפונענ אונ אוועק גלײַכ אינ וואסער ארײַנ אינ אירע סאפּיאנעווע שטיוועלעכ. דאָס וואסער איז געווענ אריבער די קני. מיט ציטערדיקע הענט האָט זי אופגעהויבנ דעמ סאקוואָיאזש, געוואקלט זיכ, אָבער דאָכ ארויסגעקליבנ זיכ אפנ צווייטנ ברעג אונ אוועקגעלאָפנ, ניט אויסגעגאָסנ צומאָל דאָס וואסער פונ די שטיוועלעכ.

און פּלוצלינג, הינטערן קער-ווינקל פון וועג האָט זיך אויסגעלאָזט דער וואַלד, און פאַר לענעס אויגן האָט זיך א שפּרייט געטאָן א ברייטע לאָנקע באַוואַקסן מיט אָוונט-זון און פול מיט פּיאַלקעס און שניי־גלעקעלעך. אין ווייטן עק פון דער לאָנקע האָט זיך געזען א פּי־פּאַרקן צווישן יונגע קוסטעס, און הינטער די קוסטעס — הילצערנע און שטרויענע דעכער פון שטיבער און לאַנגע שטעקנס פון ברינע־מער. און לענע האָט זיך קוים איינגעהאַלטן פון טרערן, ווען אף איי־נעם פון די דעכער האָט זי געזען אן אראָפּגעהאַנגענע רויטע פאָן.

ווען זי איז צוגעקומען צום פּי-פּאַרקן, איז פון די קוסטעס ארויס א באַיאָרנטער פויער אין א פילצענעם הוט מיט א יינגל פון א יאָר דרייצן. דער פויער איז געווען באַגאַרטלט מיט א פּאַטראָנטאַש און אין דער האַנט האָט ער א ביקס ווי א שטעקן געהאַלטן.

— שטייט! ווער זייט איר עס? — האָט ער רויִק א פרעג געטאָן, צופּנדיק מיט די פינגער זיינע ציגנגרויע בערדל.

לענע האָט זיך פאַרלאָרן, ניט געוווּסט, ווי זי זאָל זיך אָנרופן.

— איך קום פון שטאָט... איך באַדאַרף דעם שטאַב אָדער דעם קאָמיטעט פון די פּאַרטיזאַנער... דאָרט דאַרף זיין מיין פאָטער...

— אייער פאָטער? — האָט מיט אומצוטרוי א פרעג געטאָן דער פויער. — ווער איז ער עס אזוינער, אייער פאָטער?

— דער דאָקטער קאָסטענעצקי...

— וולאַדימיר גריגאָריעוויטש?

— יאָ, יאָ... — האָט מיט פרייד לענע געענטפערט.

— וויי!.. — דעם פויערס פּאָנעם האָט זיך אויסגעצויגן אין א שמייכל. — און איך האָב גאָרניט געוווּסט, אז ער האָט א טאָכטער. איר האָט, ווייזט אויס, אין שטאָט געלעבט? געלערנט זיך, צי וואָס?

— אָט־אָט...

— וויי!.. אָבער א ביסל האָט איר זיך עס אויסגענעצט! דאָס וואַסער איז נאָך גאַנץ קאַלט, מע קאָן כאַפּן אזא מין קאַדראָכעס. גריי־ניא! באַגלייט דאָס מיידל אין שטוב אריין, זאָג... ניין, ווייזט אויס, ס'וועט שוין מיר אליין אויסקומען. נא, האַלט — קאָרשט די אַמוניציע...

ער האָט איבערגעגעבן דעם יינגל די ביקס מיטן פּאַטראָנטאַש.

— הייסט עס, דו לאָז נאָענט ניט צו, נאָר פונדערווייטנס זאָלסטו שרייען: „שטיי! ווער גייט?“.. דו קוק ניט, וואָס איך האָב זי נאָענט צו זיך צוגעלאָזט, מאכמעס איך האָב שוין געזען: עס גייט

א מיידל איינע אליינ... אויב ער וועט זאָגנ: „אנ אייגענער", פרעג זיכ פאנאנדער ווער דאָס איז און פיר צום פּאָרזיצער, און אויב דו וועסט זענ, אז ווײַסע, איז שיט דרײַ מאָל און לויפ אינ די קוסטעס, אז מע זאָל דיכ ניט פאקנ... קום, מיידל!..

— מיר האלטנ דאָ קאראופ לויט דער ריי נאָכ, — האָט ער גע־געבנ צו דערקלערנ לענעג, ווענ ער האָט מיט איר אוועקגעשפּאנט אינ דאָרפ ארײַנ, — נו, דער עלטערער זונ מײַנער געפינט זיכ אינ אנ אָטריאד אינ פּעריאטינ, און דער איז נאָכ קליינ, און די ווײַבער טויגנ ניט צו דער דאָזיקער מעלאָכע — קומט אויס אליינ... זײַט איר, הייסט עס, וולאדימיר גריגאָריעוויטשעס טאָכטער? וויל!.. איכ קענ דאָכ אימ זייער גוט. און צוריק גערעדט, ווער קענ אימ דענ ניט... ער לעבט דאָכ קעסיידער אינ טקאָביעווע. אי אינ שטאב ארבעט ער אי קראנקע היילט ער... סטעפּאנ! — האָט ער א רופ געטאָנ א באָ־כער, וואָס האָט פאריכט א באָראָנע אינ הויפ, — לויפ צום פּאָרזיצער, זאָג, ער זאָל מיכ אינ קאראול פארבײַטנ, — איכ האָב געסט: דעם סקאָבייעווער דאָקטערס טאָכטער איז געקומענ. אניט, האָב איכ מוירע, וועט דאָס ייִנגל מײַנער אינ די בעהיימעס אָנהייבנ שיסנ...

דער באָכער האָט אוועקגעלייגט די באָראָנע און איז אוועקגע־לאָפנ פּאָרויס זיי מיט דער גאס, ווו עס האָבנ זיכ שוינ גענומענ לייגנ אָוונט־שאָטנס.

— אָט איז ער, דער פּאלאצ מײַנער — האָט א זאָג געטאָנ דער פויער, אָפּשטעלנדיק זיכ לעבנ איינער א שטוב. — נעמט ניט פאר אומגוט...

א פארבונדענע פרוי האָט זיכ ארומגעפּאָרעט באַם אויוונ: פונ פינצטערנ ווינקל האָבנ א שײַנ געטאָנ די כמורנע געשטאלטנ פונ די איקאָנעס. די פרוי האָט פרעגנדיק א הייב געטאָנ דעם קאָפּ, פאר־האלטנדיק דעמ טאָפּ אינ אויוונ.

— אָט האָב איכ דיר געבראכט צו פירנ די טאָכטער וולאדימיר גריגאָריטשעס, וואָס האָט דיכ געהיילט, ניט פארגעסנ אימ?... דו לאָז אָפּ דערווײַל די דאָזיקע געשעפטנ, לויפ צו דער שאָכנטע נאָכ א ביסל סאמאָהאָנ, מע דארפ דעמ מיידל די פיס אויסרײַבנ... אייער זײַנענ נאָכ בא אונדז עפּעס געבליבנ? עס וואָלט ניט געשאדט א פײַנקוכנ. זעצ זיכ, מיידל, גיב אהער דײַנע בעבעכעס...

— זײַט אזוי גוט, א פור קאָנ מענ דאָ קריגנ? — האָט לענע א פרעג געטאָנ, זעצנדיק זיכ אפ דער באנק.

דער פויער האָט זיך אוועקגעשטעלט אַף איין קני, אַראָפּגעשלעפּט פֿון איר די שטיוועלעך מיט די נאַסע זאָקן.

— אַ פּור קאָן מען אוואַדע קריגן... גוטע שטיוועלעך און קאָנען געפּאַטערט ווערן. נו, מיר וועלן זיי מיט האָבער אָנשיטן, און צו איינדערפרי צו וועלן מיר זיי אויסשמירן, און עס וועט ווייל זײַן...

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אַף די שטאָטישע נײַס — „צי גייט אהער אַ גרויסער קויעך, פֿון די דאָזיקע יאַפּאָניער", און „צי קאָן מען עפּעס קויפן", און „וואָס פאַרא נײַע געלט האָט עס קאָלטשאַק ארויסגעלאָזט", און „וואָס הערט זיך מיט דער סאָוועטנמאַכט". לענע האָט אָנגעשטרענגט דעם זיקאָרן, ארויסגעלייגט אַלץ, וואָס זי האָט געלײענט און געהערט, און עס איז איר געווען אַ כאַרפּע, וואָס זי האָט אים קיין זאַך ניט געקאָנט געבן צו דערקלערן ווי עס באַדאַרף צו זײַן.

די טיר אין דער צווייטער האַלבער שטוב אַרײַן, וואָס איז געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע לאָדן, איז געווען אָפּן; אַ פרוי האָט דאָרט אין דער פינצטער איינטאָניק געוויגט אַ וויגל און מיט אַ דינינק־דינינק קעלכל געזונגען עפּעס ניט רוסישעס.

— אָט איז דאָ סאַמאָהאָן! איצט וועט שוין די זאַך בא אונדז אוועק ווייל... — האָט דער פויער אַ זאָג געטאָן, נעמענדיק פֿון זײַן ווײַבס הענט די פלאַש. — ניין, בעסער גיס שוין אַליין אוּפּ...

ער האָט אונטערגעשטעלט זײַנע ברוינע דלאָניעס, פול באַדעקטע מיט מאָזאָליעס.

עס איז געוואָרן טונקל; אין אויוון האָט זיך געבראָטן דער פֿײַנקוכן; לענען האָט געשטאָכן אין די פיס, די היץ האָט זיך געהויבן אריבער די קני, איבערן גאַנצן לײַב האָט זיך צעגאָסן אַ פאַרמאַטערטקײַט, עס האָבן זיך פֿון זיך אַליין פאַרמאַכט די אויגן. דער פויער איז געשטאַנען לעבן לענען אַף די קני און געהאַלטן אין איין פאַמעלעכן רײַבן אירע פיס מיט זײַנע האַרטע מאָזאָליעדיקע דלאָניעס, און לענע האָט שוין אין דרעמל געהערט, ווי עס פּישטשעט דער רונג פֿונעם וויגעלע און ווי דינינקע־דינינקע עס זינגט די פרוי:

... טראַנסוואַל, טראַנסוואַל, דו לאַנד דו מײַן,
דו פֿלאַקערסט פֿון עק צו עק ..

בא דער שײַן פון א נאכט-לעמפל און א לאמפּאדע האָבן זיי געגעסן אָוונטברויט — דער פויער, זײַן ווײַב, די שנור, די טאָכטער, וואָס האָט זיך נאָרוואָס צוריקגעקערט פון גאָרטן, דאָס יינגל, וואָס איז באפרײַט געוואָרן פון קאראול, און לענע. זיי זײַנען געזעסן ארום טיש און געשעפּט מיט הילצערנע לעפל פון איין שיסל, און אונטערגעשטעלט אונטער די לעפל שטיקלעך ברויט, אז עס זאָל ניט טריפן אפן טיש — דאָס איז ענלעך געווען אפ עפּעס א שפּיל. לענע איז געזעסן מיט אײַנגעוויקלטע פיס אין א פּעלץ און געגעסן ווי א כײַעלע.

עס האָט א קלונג געטאָן די קליאמקע, און א קליין מענטשעלע האָט זיך באוויזן אפן שוועל.

— דאָ צי וואָס, האָט זיך קאָסטענעצקיס טאָכטער אָפּגעשטעלט? — האָט ער א פרעג געטאָן מיט א פריילעכער און דינער שטים, וואָס איז לענען באקאָנט געווען, און איז ארויס אפ דער שײַן.

— דאָ, דאָ, מיר בעטן מיטעסן! — האָט דער פויער א זאָג געטאָן.

לענע איז פארגליווערט געוואָרן מיטן לעפל אין דער האנט.

א ניט ווייניקער פארכידעשטער איידער לענע איז אנטקעגן איר געשטאנען דער בארג-אינזשעניער. ער איז איצט געווען אָנגעטאָן אין א שווארץ סאטינענע העמדל און פארשטויבטע שטיוול, גאָר אלץ נאָך אין דעם אינזשענירישן היטל, אָבער איצט שוין אָן העמערלעך.

— נו, איך דארף אײַך זאָגן — פּאסירן אמאָל אפ דער וועלט אזוינע געשיכטעס... — האָט ער א זאָג געטאָן מיט זײַן דינינקן קעלכל און א דריי געטאָן מיט זײַן יאָזשעוון קעפל. — זײַט איר דאָס, הייסט עס, קאָסטענעצקיס טאָכטער!

די גאנצע מישפּאָכע האָט איבערגעריסן דאָס עסן און מיט נײַגיר געקוקט אפ זיי.

— איך בין עס... איך האָב אײַך אויך ניט דערוואַרט צו טרעפן דאָ, — האָט לענע א זאָג געטאָן און פארכידעשט א הייב געטאָן די ברעמען. — איר זײַט אזוי געהיימניספול פארשוונדן געוואָרן...

— אהא, הייסט עס, איר האָט זיך אמאָל געזען און איצט האָט

איר זיך אומגעריכט געטראָפן דאָ, — האָט א צופרידענער א זאָג געטאָן דער פויער און ווידער זיך גענומען צום עסן. — ווויל!.. מיר בעטן מיטעסן... — האָט ער נאָכאמאָל א זאָג געטאָן.

— איך האָב שוין אָפּגעגעסן... ווירקלעך, ווויל! איך זיץ באַם פאָרזיצער. קומט צו לויפן א באָכערל — גיט א זאָג עפּעס וועגן קאראוול. און דאָ דערציילט ער: עס איז געקומען די טאָכטער פון סקאָבייעווער דאָקטער. „קאָסטענעצקיס"?" — פרעג איך, „קאָסטענעצקיס". און וועגן קאָסטענעצקין האָב איך געהערט, און וועגן איַיך האָט מיר כלאָפּושקינא אויך עפּעס וואָס דערציילט...

— איר קאָנט כלאָפּושקינא?! — האָט לענע מיט פריידיקן כידעש אויסגעשריִען און פּלוצלינג געדיכט רויט געוואָרן.

— א ביסל קאָן איך זי: זי איז, פארשטייט איר מיך, מײַן ווײַב... דעם עמעס זאָגנדיק, איז לויט דעם, ווי זי האָט איַיך אָפּגעמאָלט איז ניט ארויסגעדרונגען, אז איר דארפט קומען צו פאָרן צו די פארטיזאנער, נאָר מאלע וואָס עס פּאסירט אפ דער וועלט... נאָר, אז ס'וועט זיך ארויסווײַזן גאָר, אז איר זײַט די סאמע יענע פריילן, מיט וועלכער איך בין אין צוג געפאָרן — אפ דעם, זעט איר, האָב איך זיך שוין לאכלוטן ניט געריכט!.. נו, וועלן מיר באַנײַס זײַן באקאנט... אלעקסיי טשורקין, — האָט ער א זאָג געטאָן און דערלאנגט לענען די האנט.

— אָבער איר זײַט פונדעסטוועגן אן אינזשעניער, צי ניט קיין אינזשעניער? — האָט לענע א שמייכל געטאָן.

— איך בין פּונקט אזא אינזשעניער, ווי איר, זײַט מויכל, זײַט א לאָקאָמאָטיוו־מאשיניסט, — האָט געענפערט אליאָשא דער קליינער, פריילעך גלאנצנדיק מיט זײַנע אויגלעך.

— אָט סארא מײַסע!, הייסט עס, אז איר האָט זיך פארשטעלט פאר אן אינזשעניער? — האָט דער פויער א פרעג געטאָן מיט פרייד דערפון, וואָס ער האָט געטראָפן.

דאָס האָט אים אויסגעוויזן צו זײַן אזוי קאָמיש, אז ער האָט א וואָרף געטאָן דאָס לעפל און פארגאנגען זיך אין א געלעכטער, אוועקפאלנדיק מיט דער ברוסט אפן טיש.

— אָט האָסטו דיר אן אינזשעניער!.. כאָ־כאָ־כאָ.. — איז ער זיך פארגאנגען. — שוין איינמאָל אן אינזשעניער!.. כאָ־כאָ־כאָ...

— טיִו — אפ דיר!.. — האָט דאָס ווײַב א זאָג געטאָן.

— ווײל!.. אַן אינזשעניער הייסט עס?.. און איר, הייסט עס, זײַט אין פֿויערשן רעוווקאָם געפּוּרן?.. כאָ־כאָ־כאָ!..

— ווי־זשע האָט איר אַ שײַן געקראָגן? — האָט לענע נאַיִוו אַ פֿרעג געטאָן.

— נו, דאָס איז ניט קיין שווער שטיקל אַרבעט: שײַנען מאַכן מיר אַליין...

— און די דאַמע געדענקט איר? — האָט אַליאָשאַ דער קליינער אַ ווונק געטאָן צו לענען. — זייער אַ מאָדנע דאַמע. איר געדענקט, וואָס עס האָט זיך מיט איר אָפּגעטאָן, ווען מע האָט אָנגעהייבן שיסן? — ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ דינינקן געלעכטערל. און דאָס אָפּיצערל!.. וואָס איז ער פֿאַר אַן אָפּיצערל — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן ווי גלאַט אַזוי.

— איינער פֿון גימערס באַקאַנטע, — האָט רויִק לענע אַ זאָג געטאָן.

— אַזוי... — אַליאָשאַ דער קליינער איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַ פֿאַרטראַכטער. — דער דאָזיקער, דאַרף איך אײַך זאָגן, וועט שיסן און הענגען...

— אָ, ער — יאָ! — האָט לענע איבערצײַגט אַ זאָג געטאָן. — הייסט עס, אַז כלאָפּושקינאַ האָט אײַך דערציילט וועגן מיר? — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן אַ פֿאַרומערטע. — ווען זי וואָלט געוווסט, ווי מיר האָט זיך דעמלט געוואָלט זיך דורכשמועסן מיט איר, אָפּ די וואַלן! איך האָב דאָך וועגן אַלץ זיך אָנגעשטויסן... איך האָב זי אַזוי געזוכט דערנאָך — אי אין אַדרעס־ביוראָ, אי אין דער היים — בעשומויפֿן זי ניט געקאָנט געפֿינען...

— געפֿינען זי איצט איז אַן איידל שטיקל אַרבעט, — איז מאַסקים געווען אַליאָשאַ דער קליינער. — און ווען דאָס וואָלט ניט געווען קיין איידל שטיקל אַרבעט, וואָלט זי שוין לאַנג אין טפּיסע געזעסן... נו, איז וואָס־זשע, הייסט עס, אַלץ איז אויסגעצייכנט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער וואָלט געמאַכט עפּעס אַן אײַנערלעכן אויספֿיר. — מאָרגן, הייסט עס, וועלן מיר צוזאַמען פֿאָרן. אַגעוו, איז דאָ פֿאַראַן אַ סקאָבייעווער פּור — מע זאָגט, עפּעס אַ פֿויער פֿאָרט פֿון קאָנגאַוז, איך וועל גיין מיט אים זיך צונויפֿריידן, און איר לייגט זיך שלאָפֿן, — אויפֿהייבן וועל איך אײַך מאָרגן גאַנץ פֿרי. צום ווידערזען, דערווײַל... זײַט געזונט, באַלעבאַטים!

און אַ פּאָך טועגדיק מיט זײַן שטײַפֿן הענטל, וואָס איז ענלעכ

געווענ אפ א קאָרעסל, איז ער ארויס אונ איבערגעלאָזט ליגנ א פארכידעשטע אונ אינערלעכ צעוודערטע.

47

אליאָשא דער קליינער האָט אויסגעזוכט די שטוב, ווו, ווי מע האָט אים געזאָגט, עס האָט זיכ אָפּגעשטעלט דער סקאָבייעווער פויער, וואָס האָט זיכ צוריקגעקערט פונ קאנגאוו. דאָס איז געווענ א שטוב פונ א פארמעגלעכנ באלעבאָס, געבויט איז זי געווענ אינ דער פאָרמ פונ א „ד", מיט א געשניצט גאנעקל אונ געשניצטע „פערדלעכ". הויכ אינ הימל איז געשווומענ א האלבע לעוואָנע, אונ די שטוב אונ די גאס איז געווענ באגאָסנ מיט זילבערשייַנ.

ווענ אליאָשא איז צוגעקומענ צו דער שטוב, האָט זיכ גראָד אָנ עפנ געטאָנ דער טויער אונ דער באלעבאָס האָט ארויסגעלאָזט די פערד אפ נאכט-פאשע. אפנ פאָדערשטנ פערד איז געריטנ א באָבערל אינ א ווייַס העמדל. דאָס לאָשעקל האָט, ברייקנדיק מיט די פיס אונ קלינגענדיק מיטנ גלעקעלע, וואָס איז געווענ אָנגעהאנגענ אפ זייַנ האלדז, מיט א זייַט פארבייַגעשפרונגענ פארביי אליאָשענ, צעהירזשעט זיכ. זייַנ מוטער האָט אימ פונ הינטנ געענטפערט. אליאָשא האָט דורכגעלאָזט די פערד אונ איז ארייַנ אינ גרויסנ הויפ, וואָס איז פונ אלע זייַטנ פארבויט געווענ מיט געבייַדעס.

— דער סקאָבייעווער געכטיקט בא אייַכ? — האָט ער א פרעג געטאָנ באמ באלעבאָס, וואָס האָט די טויערנ פארמאכט.

— בא אונדז...

— איכ דארפ זיכ דערריידנ מיט אימ...

— אָט זיצט ער...

דער באלעבאָס האָט א ווייַז געטאָנ אינ א ווינקל הויפ.

א וווקסיקער, ברייטביינערדיקער שווארצקעפיקער פויער מיט ארָאָפּגעהאנגענע פיס, מיט אויפגעהויבענע מעכטיקע אקסלענ איז געזעסנ אפנ ראנד פונ וואָגנ, א באלויכטענער דורכ דער לעוואָנע.

— א גוטנ אָוונט, — האָט אליאָשא א זאָג געטאָנ.

— א גוט יאָר... — האָט געלאסנ דער פויער געענטפערט אונ א גלאנצ געטאָנ מיט זייַנע ווייַסלענ; א הארטע דראָטענע שווארצע באָרד האָט ארומגעכאפּט דאָס גאנצע פּאָנעמ זייַנס.

— איכ סקאָבייעווקע פאָרסטו מאָרגנ?

— מאָרגן...
— צווייען קאָנסטו מיטנעמען מיט זיך?
דער פויער האָט מיט א פארשטיינערט פּאָנעם געקוקט אין א זייט.
— איך וועל אצאָלן,— האָט אליאָשא א לײַכטן שמייכל געטאָן.
— ווער רעדט דען פון באצאָלן,— קומט מאָרגן באגינען...
— אין רעוווקאָם באדארפן מיר,— האָט אליאָשא א זאָג געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אנטשולדיקט.
דער פויער האָט געשוויגן. א דרעמלדיקער, שטיינערנער קויעך איז געלעגן אין אָט דעם פויער.
— דו ביסט אין קאנגאוז געווען?— האָט זיך אליאָשא נאָכגע־פרעגט.
— יאָ... א כינעזישן סויכער האָב איך אהין אָפּגעפירט.
— קיין מוירע ניט געהאט?
— פארוואָס האָב איך דען געדארפט מוירע האָבן?...
— און אויב די ווײַסע וואָלטן דיך געפאקט?
— אין סאמע יישעוו בין איך ניט ארײַנגעפאָרן.
— כונכוזן האָבן געקאָנט דעם סויכער באראַנעווען,— האָט זיך אליאָשא געמאכט נאַיִוו.
— נו, איז מײַלע... וואָלטן זיי אים געראבעוועט און איך וואָלט געשטאנען אין דער זײַט און געלאכט,— האָט ווילדלעך א לאך גע־טאָן דער פויער.
א ווײַלע איז אליאָשא געשטאנען און מיט אינטערעס באטראכט דעם מעכטיקן גוף פונעם פויער, וואָס איז מיט לעוואָנע־שײַן געווען באגאָסן.
— יאָ, ווי־זשע איז דײַן פאמיליע?—האָט אומדערוואַרט אליאָשא א פרעג געטאָן.
דער פויער האָט א ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער אופגע־הויבן אַפ אליאָשען זײַנע אויגן פולע מיט ווילדן אומעט.
— מײַן פאמיליע איז— קאזנאָק...— האָט ער געלאסן און רוּיק א זאָג געטאָן.

סאָף פון צווייטן בוך

